# רחל לוריא

# מאָדנע מענשען

ציכענונגען פון
א. אבראַמאָוויץ.

1918 — ניו יאָרק — תרע"ט

# אַ דאָלאַר.

אין אַ נאָכמיטאָג, אין הערבסט, בין איך אריין אין אַ קאַפע טרינקען אַ קאַווע. אַ פולע מענשען האָבען זיך דאָרטען דורכגע־קעהרט, מען איז אריין און ארויס.

ביים אריינגאַנג איז אַ מיטעליעהריגער מאַן שטעהן געבליבען, ווי ער וואָלט זיך באַדאַכט צו ער זאָל אריין אָדער נישט, אין אַ פּלאַץ וואו ס'זיינען דאָ אַזוי פיעל מענשען... ער האָט געטראָגען אַ געשפּריצטען אַנצוג פון גרוי און שוואַרץ, ווי פעפער און זאַלץ אויסגעמישט. דאָס פּנים איז איהם געווען גרוי און אויסגע־טריקענט און די שלייפען און באַקען האָבען זיך געצויגען ווי ביי אַ סקעלעט.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט מיר קעגענאיבער און, אַז ער האָט אויפגעהאַנגען דאָס הוטעל, האָב איך געזעהן, אַז דער קאָפּ איז איהם אויך געווען ווי דער אַנצוג: פעפער און זאַלץ אויסגעמישט... ער האָט אין מיין ווינקעל אַ קוק נישט געטאָן, געוואַרט אויף אַ קעלנער און געקוקט שטאַר און טעמפּ אין דער וועלט אריין, ווי ס'קוקט איינער וואָס האָט קיין פונדאַמענט און קיין ציעל נישט אין לעבען.

אַן אונהיימליכקייט האָט מיך דורכגענומען פון דעם מענשען פון פעפער און זאַלץ אין דעם הערבסטיגען נאָכמיטאָג. איך האָב אַ רוף געטאָן דעם קעלנער צו באַצאָהלען און געוואָלט געהן.

אַז ער איז צוגעקומען האָב איך איהם דערלאַנגט אַ פינף דאָלאַרדיגען, ער האָט אַרויסגענומען אַ פּאַק מיט געלט, מיט אַ קעלנערישער ברייטקייט און קנאַקען פון די פינגער מיר אויסגע־

צעהלט פיער איינציגע דאָלאר און א שאָט געטאָן דאָס קליינ־געלט.

ביים צונויפנעהמען דאָס געלט האָב איך דערפיהלט, ווי דער קעגענאיבערדיגער קוקט אויף מיר... עפּעס האָט מיך באַוועגט אויפצוהויבען דעם קאָפּ, ווי א געהיימער פינגער וואָלט מיר גע־טייטעלט און געזאָגט: „קוק איהם אָן״!...

און איך האָב דערזעהן, ווי ער קוקט אויף מיר און אויף דאָס געלט מיט אויגען, וואָס זיינען איהם שיעור פון קאָפּ אַרויס־געשפּרונגען; זיינע הענט האָבען געציטערט, און איך האָב גע־קראָגען א געפיהל, אַז אָט־אָט וואַרפט ער זיך אויף מיר, מיט איין האַנט ווערגען און מיט דער אַנדערער כאַפּען דאָס געלט... דאָס מויל איז איהם געהאַנגען אָפען און איך האָב געהערט ווי ער שטאַמעלט עפּעס מיט א קול, ווי איינער, וועמען מ׳האָט לעבעדיג באַגראָבען, בעט זיך מ׳זאָל איהם פונ׳ם קבר אַרויסנעהמען:

— מיס... אָדער מיסעס... פאַרדאָן! ענטשולדיג...

איך האָב פאַרלאָזען די קאַפּע. אַפּגעגאַנגען עטליכע טריט, האָב איך דערפיהלט אַז ער געהט מיר נאָך... איך האָב זיך אויס־געקעהרט צו איהם און איהם אָנגעקוקט.

האָט קיין פּראַיבעל נישט... איך וויל אייך עפּעס פרעגען.

— נו, גוט, פרעגט — האָב איך איהם קורץ געענטפערט.

— האָט איהר באַמערקט ווי איך האָב געקוקט אויפ׳ן געלט?

— יאָ — האָב איך געזאָגט מיט א געמאַכטער רוהיגקייט — אָבער מיר איז דאָס גאָר נישט אויפפאַלענד געווען. אַלע מענשען האָבען א טבע צו קוקען אויף געלט.

— ניין. אויף איין דאָלאר האָב איך בלויז געקוקט!... און איך וויל אַז איהר זאָלט מיר זאָגען, צו יענער דאָלאר מיט די דריי קליינצינקע, קוים באַמערקליכע שפּיצעלאַך אויסגעשווירען, טראָגט נישט דעם נומער 9539875, פון דער סעריע „קא״ און דעם יאָהר 1899, א קליינער „סי״ אין ווינקעל מיט די גאַנץ קליינע ציפערען 456 דערביי? און אויב יאָ? זאָלט איהר מיר דעם דאָלאר אויס־בייטען אויף אַן אַנדערען.

— יאָ — האָב איך איהם אָנגעקוקט ערשטוינט — אַלץ שטימט: די ציפער, דאָס יאָהר, אַלץ! נאָט אייך דעם דאָלאַר.

ער האָט פארשטאַנען מיין בליק און מיר מיט אַ קענגען־בליק, גלייך און אויסגעהאַלטען, געענטפערט:

— אָה, ניין, איהר האָט אַ טעות, איך בין ווייט פון משוגע... אויב איהר ווילט אויסהערען אַ מאָדנע, טרויעריגע געשיכטע, וועל איך אייך וואָס דערצעהלען. אז איהר זייט שוין יאָ די יעניגע, ביי וועמען איך האָב דעם דאָלאַר דערזעהן, וועל איך אייך טאַקי דערצעהלען און איהר וועט שוין איינזעהן וואָס דער דאָזיגער דאָלאַר מיינט פאַר מיר...

מיר זיינען אריין אין אַ דערבייאיגען קליינעם פּאַרק. ס'האָט שוין אָנגעהויבען צו פינסטערען, אין אַ גרויען נעבעל האָבען די פּאָנאַרען מאַט געצאַנקט; געלע בלעטער האָבען זיך געטראָגען פון'ם ווינט, ווי אין אַ פּארדרוס וואָס זיי קענען נישט בלייבען ליגען וואו זיי זיינען געפאַלען...

מיר האָבען זיך געזעצט. אַ פּאָר מינוטען האָט ער געשוויגען און נאָכדעם פּלוצים אַ זאָג געטאָן אין אַ געבראָכענעם קול:

— איהר ווייסט, איך האָב דאָך דער'הרג'עט אַ מענשען. איך האָב מיין אייגען ווייב דער'הרג'עט!... — און, דערזעהענדיג מיין שרעק, האָט ער גלייך צוגעגעבען:

— אָבער, שרעקט אייך נישט, איך בין נישט קיין פּשוט'ער און קיין געוועהנליכער מערדער. איך בין... איך בין אַ דזשענטעלמאַן־מערדער.

— און וואָס ווילט איהר? אייך פּלאָגט דאָס געוויסען? — האָב איך איהם געפרעגט, אין גאַנצען פארגעסענדיג אז דאָס האָט עפּעס אַ שייכות מיט יענעם דאָלאַר...

ער האָט בלויז געזאָגט:

— איך לייד!...

— גיט אייך איבער צו דער גערעכטיגקייט. אז די גערעכטיגקייט וועט אייך משפּט'ן, וועט אייך אייער הארץ נישט אזוי פּלאָגען און קוועלען...

— איהר רעדט ווי א פיליסטער! — איז ער אריין אין א נערוועזען כעס — קיין גערעכטיגקייט וועט מיך קיין מאָל נישט משפּט'ן. ביי דער גערעכטיגקייט וועל איך, אפשר, גאָר זיין א העלד... די מענשליכע גערעכטיגקייט איז א מאָדנע חיה, וואָס שטעהט נידריגער פונ'ם מענשען גופא!... און אז יאָ? אז איך זאָל שוין גע'משפּט ווערען, קען דען עפּעס דורך דעם פאַרריכט ווערען? פאַרענדערט ווערען? דאַרף איך דען א ריכטער אָדער הענקער? אָה, איך קען מיין אייגענער תליון זיין!... אָבער מענשען, וואָס האָבען איבערגעלעבט דאָס, וואָס איך, האָבען מעהר פאַר'ן לעבען קיין מורא נישט און זוכען נישט קיין אויסלייזונג אין דעם טויט...

נאָר לאָמיך אייך בעסער דערצעהלען, וואָס עס האָט געטראָפען. איך קום נישט מיט מיין געשיכטע פאַר דער וועלט זיך צו פאַרענטפערען. אָנקלאָגען קום איך די וועלט! און הערט:

מיט איין און צוואַנציג יאָהר צוריק האָט דאָס פּאַסירט. איך בין דעמאָלט אַלט געווען פיער און צוואַנציג יאָהר. אויף א חתונה ביי מיינעם א חבר האָב איך זיך באַקאָנט מיט א שעהן מיידעל, א שלאַנקע, מיט קלאָהרע בלויע אויגען, ברוינע זיידענע האָר; איהר האַלטונג, גאַנג און מאַניער זיינען געווען קאַלט און שטאָלץ, ווי די מאַניערען פון א ליטוויש מיידעל פון א בעל־הבית'יש הויז.

דער צוגאַנג צו איהר איז אָבער נישט געווען אַזאַ שווערער, ווי מיר האָט זיך פון אָנהויב אויסגעוויזען. איך בין אַליין אויך געווען א שעהנער יונג; הויך געוואַקסען, לעבעדיג, און מיר זיינען גיך געוואָרען גוט־פריינד.

די חתונה ביי מיין פריינד איז צוגעגאַנגען לוסטיג און פרעהלאַך און אין מיר האָט אויך אויפגעוואַכט א געפיהל חתונה צו האָבען: לאָזען זיך גוטע פריינד פרעהען און טאַנצען אויף מיין חתונה אויך. אין האַרצען ביי מיר, איז שוין יעמאָלט דאָס מיידעל געווען מיין כלה.

קורץ און גוט, אין קנאַפּע דריי חדשים אַרום האָבען מיר חתונה געהאַט.

— נאָר טאָמער אינטערעסירט דאָס אייך נישט?...

— דערצעהלט, דערצעהלט! — האָב איך איהם איבערגע־שלאָגען, אנגעצויגען, נייגעריג, וואָס דאָס אַלץ האָט פאַר א צו־זאַמענהאַנג מיט מיין דאָלאַר...

— אָלרייט:

— אַזוי ווי קיין לאַנגע חתן־כלה'שאַפט האָבען מיר נישט געפיהרט, איז ביי אונז געוואָרען א זיס־לעבען נאָך דער חתונה. מיט יעדען טאָג האָבען מיר זיך ליעבער געקראָגען. פון אָט יענער קאַלטער, שטאָלצער מיידעל, וואָס האָט מיר פאַר דער חתונה פאַר־ווערט אַן איבריגען קוש, איז געוואָרען א פרוי פול מיט ליעבע און צאַרטע איבערגעבונג. אָך, מיר זיינען געווען גליקליך.

און אַזוי אין א לעבען פון ליעבשאַפט, צוטרויען און זאָרג־לאָזיגקייט זיינען אוועק אַרום דריי יאָהר. קיין קינדער האָבען מיר נאָך נישט געהאַט, נאָר אונז האָט נישט געקימערט. מיר זיינען נאָך געווען גענוג יונג צו וואַרטען און האָפען...

פאַרבייגעהענדיג וויל איך אייך באַמערקען, אַז מיר זיינען געווען גאַנץ גוט אָפּ, הגם אין אונזער לעבען האָט געלט קיין ראָלע נישט געשפּיעלט. אביסעל געלט האָב איך געהאַט פון מיינע בחור'שע יאָהרען. און געעפענט מיט א שותף א געשעפט פון פרויען קליידער. איך פלעג אַפילו זיין פאַרנומען, אָבער טראָץ דעם האָב איך תמיד געזעהן צו האָבען צייט מיט מיין פרוי צו פאַרברענגען.

און נאָך עפּעס, וואָס האָט אויך קיין שום שייכות נישט מיט יענער פאַסירונג, וויל איך זאָגען: איך און מיין פרוי האָבען געקוקט אויפ'ן לעבען מיט אָפענע אויגען. מיר האָבען קיין מאָל קיין ענגהאַרציגע מיינונגען נישט געהאַט. און איך האָב קיין מאָל קיין מענשען נישט פאַרדאַמט פאַר פרייערע אויפפיהרונגען. אַז איך האָב געליינט אין א בלאַט עפּעס וועגען א פאַמיליען־טראַגעדיע האָב איך מיין פרוי צוגעדריקט צו זיך מיט שרעק און

מורא, אזוי ווי א מוטער דריקט צו איהר קינד, בעת אן אנדער קינד ווערט עפּעס דורך א סיבה געטוידט.

און אין א שעהנעם, הייסען זומערטאָג, פּונקט דריי יאָהר נאָך אונזער חתונה, איז מיר איינגעפאַלען געהן אהיים, נעהמען מיין פרוי און פאָהרען מיט איהר ביים ים זיך באָדען.

איך בין ארויף די טרעפּ און אויפגעשלאָסען דאָס הויז. אַלץ איז געווען שטיל און איך האָב געמיינט, אז מיין פרוי איז ענט־ ווערער נישטאָ, אָדער זיך צוגעלעגט אביסעל דרעמלען. אויף די שפּיץ פינגער בין איך צו צום שלאָף־צימער. אין אונזער שלאָף־ צימער איז געווען א יונגערמאַן און דאָס בעט איז געווען צוואָר־ פען...

איך וועל דאָס מאַכען קורץ און אזוי ווייניג טראַגיש ווי איך קען נאָר. ווי גערן וואָלט איך דאָס גאָר איבערגעהיפּט...

מיין פרוי און דער יונגערמאַן זיינען געוואָרען דערשראָקען אויף טוידט און צומישט. ווער ער איז געווען, ווייס איך נאָך ביז אויף היינטיגען טאָג נישט. נאָר איך האָב געזעהן ווי ער האָט אָנגעכאַפּט א שטוהל מיטביידע הענט און אזוי געשטאַנען גרייט זיך צו פאַרטיידיגען. מיין פרוי האָט געגעבען א שרעקליכען קוויטש, געוואָרען ווייס ווי קרייד און געווען זעהר שעהן אין איהר אומגליק. אייך וואונדערט, וואָס איך האָב דאָס אַלץ באַ־ מערקט? מיט צוואַנציג פּאָר אויגען האָב איך פּאָר זיך געזעהן! אַלע מיינע חושים זיינען געווען וואַך און שאַרף אין מיר.

נאָר דאָס מערקווירדיגסטע, דאָס וואונדערליכסטע אין דער וועלט איז געווען, וואָס אין מיר האָט נישט אויפגעקאָכט די רציחה, זיי צו וועלען דער'הרג'ענען. איך וואָלט זיי זיכער דעמאָלט גע־ קאָנט ביידען אויף אש צומאַלען, נאָר איך בין מיט דער מינוט, וואָס איך האָב דאָס דערזעהן, געוואָרען דער קאַלטער גזלן...

און איך געדענק, ווי איך האָב קאַלטבלוטיג און גיפטיג אזאָג געטאָן:

— יונגערמאַן, באַצאָהלט מיר א דאָלאַר און געהט אייך! מיר איז נאָך דעמאָלט אַליין נישט קלאָהר געווען אין מוח

וואָס איך האָב דערמיט געציעלט. נאָר ווי איך האָב דערהערט מיין ווייב'ס פארצווייפעלטען געשריי, האָט מיר פּלוצים א לייכט געטאָן דער געדאנק, וואָס איך וויל און ציעל...

דער יונגערמאן איז געבליבען שטעהן געלעהמט, האָט נאָך שטייף געהאַלטען דעם שטוהל איןביידע הענט און מיך אָנגעקוקט מיט א משוגענער מורא.

— יאָ, יאָ — האָב איך ווידער געזאָגט — באַצאָהלט מיר א דאָלאר און געהט!

ער האָט מיט איין האנט גענומען זוכען אין די הויזען-קעשענעס, מיט דער אַנדערער ניט אָפּלאָזענדיג דעם שטוהל און מיט צו־שראָקענע אויגען געהיט מיין יעטווידער באַוועגונג. ער האָט ארויסגענומען א דאָלאר און מיר דערלאַנגט.

איך האָב צוגענומען דעם דאָלאר, געוואָרפען א גיפטיגען, שמייכעלדיגען בליק אויף מיין פרוי, וואָס איז געשטאַנען ווי אויף א תליה, און בין ארויס פון צימער זיך צו לאָזען איהם אַנטאָן.

ביי דער טיר האָב איך אויף איהם געוואַרט.

ער האָט זיך נישט געטרויט צו־צוגעהן צו דער טיר און גע־קוקט אויף די פענסטער... איך בין איהם אַנטקעגען געקומען, איהם א נעהם געטאָן ביים אָרעם און דערפיהלט ווי זיינע ביינער קנאַ־קען אין מיינע הענט. ער האָט אַזש אויסגעשריען פון יסורים. „איך זעהט ווי שטארק איך בין", האָב איך איהם געוואָרענט, „איהר זעהט וויפיעל כח איך האָב! איך וואָלט אייך מיט מיין איין האנט קאָנען דער'הרג'ענען, און דאָס וועל איך טאָן, אויב איהר וועט ווען מיין ווייב'ס נאָמען דערמאָנען. ווילט איהר לעבען, דאן געהט, און אייער געביין זאָל זיך מעהר איבער מיין שוועל נישט ווייזען!"

מיין פּנים האָט געמוזט זיין שרעקליך אָנצוקוקען, וואָרים ער האָט מורא געהאַט א וואָרט צו זאָגען. געהענדיג האָט ער גע־נומען עפּעס שטאַמלען וועגען זיין שולד. איך האָב איהם מיט מיין פויסט געהייסען שווייגען און געוויזען די טיר. מעהר האָב איך

איהם אין מיין לעבען נישט געזעהן. אין עטליכע מינוטען ארום, האָב איך אויך פארלאָזען דאָס הויז.

איך האָב זיך ארונטערגעיאָגט די טרעפּ ווי פון א געוואלדיגע געפאהר, און אָנגעהויבען צו שפרייזען איבער די גאסען. איך בין געלאָפען גאס איין גאס אויס, ווי א פארפאָלגטע חיה. מיין מוח האָט זיך מיר געשפּאָלטען ווי בליצען אויף א שטורעמדיגען הימעל, און אין די אויערען האָט מיר געזשומט ווי פון א ריעזיגער קופּע פליגען. דאָס הארץ האָט זיך אין מיר געוואָרפען און איך בין אלץ ווייטער און ווייטער געלאָפען פון איין גאס צו דער אַנ־דערער. איך האָב קוים באגריפען, וואָס דאָ איז געשעהן מיט מיר און פארוואָס איך לויף.

איך האָב אזוי געמוזט אָפּלויפען א פּאָר שעה. פּלוצים האָב איך דערפיהלט, אז מיינע קניה ברעכען זיך מיר אונטער. איך האָב מיך דערשלעפּט ביז אַן אָפּענעם סקוועער מיט בענק און בוי־מער, און זיך געזעצט. געזעצט?... עס רעדט זיך אזוי. איך בין געפאַלען האלב טוידט!...

מיט אָפּגערוהטע גליעדער, האָט מיין מוח אויך אָנגעהויבען באגרייפען וואָס דאָ איז געשעהן... און איך האָב גענומען זיך באַ־טראַטכען, וואָס ווייטער וועט זיין... וואָס וועט איצטער זיין?...

— ניין, איהר ווייסט נישט — האָט ער זיך א כאַפּ געטאָן, מורא'האָבענדיג, אז איך זאָל איהם מיט עפּעס א וואָרט נישט אונטערברעכען. — ניין, איהר ווייסט נישט ווי פּלוצלינג דאָס איז מיר געקומען, אזוי אָהן א וועלכען־עס־איז חשד.

וואָלט איך כאָטש אמאָל באמערקט אין מיין פרוי אַן אונצו־פריעדענקייט, א וואונש, א בענקען נאָך עפּעס, וואָלט איך אפשר דעמאָלט, אָדער היינט אין יאָהרען ארום, זיך געקאָנט ערקלעהרען די סיבה דערפון. תמיד האָב איך מיין פרוי געטראָפען אין דער היים א צופריעדענע, א לוסטיגע, מונטער, און ענטוועדער מיט אַן ארבייט פארנומען, אָדער א ביכעל לייענענדיג.

און איך האָב באשלאָסען ווי א קאַלטער גזלן, ביי איהם גאָר נישט צו פרעגען. איך האָב זיך איינגעַ'עקשן'ט, אז פאר מיר

זאָל דאָס בלייבען אַ סוד, אַ רעטעניש... הגם איך האָב געגלויבט, אַז מיין פרוי וואָלט מיר דעם אמת געזאָגט, אויב איך וואָלט זי געפרעגט. און דער אמת איז דאָך דאָס בעסטע אין אַזאַ פאַל... מיינט איהר נישט אַזוי? איך האָב אָבער דעריבער מיט איהר נישט געקאָנט און נישט געוואָלט ריידען... מיר האָבען איבער־הויפט מעהר נישט גערעדט.

— ביי היינטיגען טאָג — האָט ער ווידער אָנגעהויבען, נאָך אַ רגע שוויגען און טראַכטען — ביי היינטיגען טאָג איז מיר שווער, כמעט אוממעגליך צו דערצעהלען בלויז די פּאַסירונג. פאַר־געסט נישט, אַז היינט, נאָך אַכטצעהן יאָהר, שטעהט פאַר אייך אַ דורכגעפייניגטער און דורכגעליטערטער מענש. אַ מענש, וואָס איז דורך די שבעה מדורי גיהנום אָהן אַ קרעכץ... היינט זעה איך דאָך די וועלט מיט אויסגעלייטערטע אויגען...

ער האָט מיט געוואַלד זיך אָפּגעריסען פון די פאַרשיידענע געדאַנקען, וואָס האָבען אין זיין מוח געקוואָלען, און צוריק אריינ־געפאַלען אינ׳ם פריהערדיגען טאָן פון דערצעהלען.

— בקיצור, ווי איך האָב אייך שוין פריהער געזאָגט, איך האָב זיך אַרומגעשלעפּט איבער די ניו יאָרקער גאַסען. זיעבען אַזייגער, די שעה פון אונזער עסען, בין איך אַ דאַנק דער גע־וועהנהייט, געקומען אַהיים. די טרעפּ אַרויפשטייגענדיג איז מיך פּלוצים באַפאַלען אַ שרעק: אפשר ליגט זי אַ טויטע אויפ׳ן בעט... און נאָך אַ רגע פון שרעק, האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז ס׳וואָלט זיין גלייכער אַזוי... טויט אויף דעם אייגענעם בעט...

איך האָב זי געטראָפען אין הויז, איהר מוטער און דאָס אינגסטער שוועסטערל, אַ מיידעל פון אַ יאָהר פיערצעהן. אפנים פון זייערטוועגען האָט זי זיך אָנגעטאָן אַ כח און געמאַכט אָן עסען.

נאַטירליך, נישט די יוגענד און נישט דאָס עלטער דאַרפען וויסען פון אַזוינע זאַכען, און איך האָב געביסען די ליפּען און גע־שוויגען.

מיר האָבען אַלע צוזאַמען געגעסען. מיין פרוי האָט שוין מעהר נישט אויסגעזעהן ווי אַ מענש פון בלוט און פלייש, נאָר

ווי א קריידֿ־סטאטוע אנגעצויגען אויף ספּרוזשינעס. מיין האַרץ איז אָבער געווען טויט, און אַפילו א פונק רחמנות האָט דאָרט נישט געקאָנט לעבען...

דער מאַמען צוליעב, מסתמא, האָט זי צו מיר גערעדט און נאָך געפּרואווט שמייכלען. איך האָב בלויז אַרויסגענומען דעם דאָלאר און זיך שפּיעלענדיג מיט איהם, אַרומגעדרעהט אין מיינע פינגער... דאָס איז געווען גענוג, און זי האָט געשוויגען... די מו־טער האָט געמוזט רעכענען, אַז מיר זיינען אַביסעל צוקריעגט, איז זי אוועק, מיטנעהמענדיג מיט זיך די מוזינקע.

איך בין אויך גלייך אַוועק פון הויז. און כמעט דאָס ערשטע מאָל אָהן מיין פרוי.

שפּעט ביינאַכט בין איך דעמאָלט צוריקגעקומען. מיין פרוי איז נאָך נישט געשלאָפען. זי האָט נישט געוואוסט וואָס זי זאָל טאָן, און קוים זיך געקאָנט האַלטען אויף די פיס.

— וואו זאָל איך דיר אויסבעטען? — האָט זי מיר גע־פרעגט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ און געבראָכענעם קול.

— זאָל דיך נאָר נישט אַרען פאַר מיר, דו געה לייג דיך — האָב איך איהר שנעל און פיינדליך געענטפערט, און געבליבען אין שלאָף־צימער.

איך האָב פּלוצים באַמערקט אַז מיין פרוי שעמט זיך אויסצו־טאָן פאַר מיר... איך בין אריין אין א צווייטען צימער און צו־זאַמענגעבראָכען פון פּיין. דאָ האָב איך דערפיהלט, ווי איהרע הענט קלאַמערען זיך אָן מיינע קניה, איך האָב מיך אזוי געוואַלדיג דערשראָקען! זי האָט אויסגעבראָכען אין א געוויין; א שטילער, טרויעריגער געוויין...

דאָס ערשטע מאָל האָב איך געהערט מיין פרוי וויינען. אויף איין רגע האָב איך מיך פאַרלאָרען. מיינע הענט האָבען זיך גע־צויגען צו איהר, זי אַרומצונעהמען און צודריקען צו מיין אָנגע־וועהטאָגט האַרץ און מיט איהר וויינען. מיין האַרץ איז שוין אָבער געווען פאַר'סמ'ט. סם האָט אין מיינע אָדערען געראונען. איך האָב אויסגעשריען:

— וואָס וויינסטו איצטער? ! און וואָס ווילסטו?

זי האָט אויפגעהויבען איהרע אָנגעוויינטע אויגען, אויגען בלוי און טיעף! אנטבלויזט איהר האַלז און ארויסגעקרעבצט:

— דערווערג מיך, אָדער העד מיך אוים און פארגיב מיר!

— קיינם וועל איך נישט טאָן! דו מוזט איצט לעבען!... — האָב איך געשריען — לעבען, לעבען מוזטו!...

מעהר האָבען מיר וועגען דעם נישט גערעדט. מיר האָבען מעהר אין גאַנצען נישט גערעדט.

איך בין יעדען אבענד געקומען אהיים. מיר האָבען געגעסען ביי איין טיש און געטיילט זיך מיט איין בעט. צוויי שטומע מענשען... אפילו אויפ'ן וואונק האָבען מיר נישט גערעדט.

טיילמאָל, פלעגט זי זיך אין איהר שלאָף פארגעסען און זיך טוליען צו מיר. און איך פלעג פונ'ם שלאָף ארויספלאַצען: „א דאָלאַר, דער דאָלאַר!"

ווי א קראַנק קינד צו א פאָטער, האָט זי בייטאָג און ביי־נאַכט איהרע שוואַכע הענט צו מיר געהויבען, אזוי ווי איינער, וואָס טרינקט זיך, שטרעקט ארויס א האַנט פונ'ם וואַסער צו רופען נאָך הילף, אזוי האָט זי זיך ביי מיר שטום געבעטען, און צולעצט איז זי מיר צו די פיס געפאַלען און אויפ'ן האַלז זיך געוואָרפען. איהר הערט, יענע שטאָלצע ליטווישע מיידעל, מיט טריט פון א בת־מלכה, איז צו מיינע פים געלעגען!...

ווי שעהן זי איז געוועזן! א פרוי מיט א זינד אין האַרצען, האָט גאָר א באַזונדערען חן; דעם אמת'ן חן פון שעהמען זיך. דעם חן פון אַן אראָפּגעלאָזטען קאָפּ...

און זי האָט איהר גאַנצען חן אויף מיר אָנגערייצט מיט א מין ווייבערישער לוסטיגקייט, כדי מיך צוריקצוגעווינען... אָבער איך האָב איהר ביי יעדער געלעגענהייט דעם דאָלאַר געשמיסען פאַר די אויגען און אזוי האָב איך מיך קעגען איהר געוועהרט...

שפּעטער האָט זי אַלץ אויפגעגעבען. קיין פונק האָפנונג האָט מעהר איהר פנים נישט באַלויכטען. זי איז ארומגעגאַנגען שטיל און פארשעהמט.

— און איצט קומט דאָס שרעקליכסטע. זאָל איך ווייטער דערצעהלען ? דאָס שרעקליכסטע און שוידערליכסטע אין דער וועלט !

— יאָ, יאָ, דערצעהלט — האָב איך איהם געבעטען.

איך האָב אָנגעהויבען זיך ארומצוזעהן, אז מיין פרוי וויל זיך פארהונגערען... איך האָב פארשטאַנען, אז זי וויל זיך צום טויט פארהונגערען... איך האָב דאָס געזעהן און דערלאָזען ! ביים אייגענעם טיש האָב איך געגעסען, און זי — געהונגערט...

— נו, און אצינד פארשטעהט איהר שוין, ווי אזוי איך האָב מיין אייגען ווייב דער׳הרג׳עט ? ! באגרייפט איהר כאָטש ? פאר־שטעהט איהר כאָטש דעם געוואלדיגען חילוק, פון דער׳הרג׳ענען א מענשען אין אן אָנפאַל פון אונפאראנטוואָרטליכער רציחה, ביז צוזעהן ווי א מענש שטארבט פאַר אייערע אויגען מיט יעדער רגע, און איהר ריהרט זיך נישט פונ׳ם אָרט מיט א פינגער איהם צו העלפען ! ניין, דער׳הרג׳ענען א מענשען מיט׳ן קולאַק איז עפּעס דערהויבענס אין פארגלייך צו דעם... היינט, דוכט זיך מיר אויס, אז נישט צו העלפען א מענשען, וואָס טרינקט זיך, פונ׳ם וואסער ארויס, איז א סך שרעקליכער ווי אליין א מענשען אין וואסער אריינצוואווארפען... איהר באגרייפט קוים אזא פאר־פּלאָנטערטע מאָראל, איאָ ? נאָר מיר איז דאָס קלאָהר ווי דער טאָג...

איך בין געזעסען נעבען דעם גרויען מענשען, ווי פון פעפער און זאלץ באשאפען, אין דעם אומעטיגען פארק. א גרויע דעמער־רונג האָט זיך אויף אַלץ געלעגט... נישט ווי א טאָג וואָלט פאר־געהן, נאָר ווי א וועלט וואָלט פארגאנגען... און ער האָט ווייטער גערעדט :

אין דריי חדשים צייט האָט זי איהר שעהנקייט אָנגעוואָרען ; צו זעקס האָט זי זיך שוין מעהר נישט געקאָנט האלטען אויף די פיס. געהוסט און געשפּיגען מיט בלוט... דאָקטוירים האָבען איהר געראטען פאָהרען אין בעסערע קלימאטען. אָבער זי האָט נישט

געוואָלט. אַ גוט וואָרט פון מיר האָט זי געוואָלט... זי האָט דאָס נישט געקראָגען... געלט יאָ, אָבער נישט קיין גוטע ווערטער...

און אין גאָר אַ קורצער צייט האָט זי שוין דאָס בעט נישט פאַרלאָזען.

טעג פלעגט זי אָפליגען, קוקען אויף די ווענט, דעם באַלקען און שווייגען. בין איך געווען אין צימער, האָט זי געקוקט אויף מיר... מיר פלעגען זעלטען ווען אויסריידען אַ וואָרט, הגם איך בין יעדען אבענד געווען אין קראַנקען־צימער. געזעסען און אַרויסגעקוקט דורכ׳ן פענסטער דרויסען אָהן אַ האָר אינטערעס, סתם אַזוי זיך, ווייל ערגעץ דאַרף דאָך דאָס אויג פאַלען ; ערגעץ וואו, אַבי נישט אויפ׳ן בעט... זי האָט געזעהן, אַז איך לייד, און זי האָט געליטען פאַרביידען. אַ סך מאָל האָב איך זי געזעהן וויינען, וויינען שטיל אָהן אַ קול און אָהן כוח. נאָר איך בין געווען פאַרביסען, פאַרשטיינערט ווי אונטער אַ קללה. איך האָב אויף מיין רחמנות און ליעבשאַפט קיין שליטה נישט געהאַט...

שרעקליך האָט זי אויסגעזעהן. דאָס פּנים געל און דאַר, און טיילמאָל פלעגען זיך איהר די באַקען אָנצינדען אין אַ פלאַמען־רויטקייט. די אויגען זיינען איהר אריין טיעף אין קאָפּ מיט שוואַרצע האַלבע־לבנות אַרום און דאָס מויל תמיד פייכט אַרום די ווינקלען.

איין מאָל, אַפּנים, זי האָט געמיינט, אַז זי האַלט ביים שטאַרבען, האָט זי מיך צוגערופען, איך בין געוואָרען צוטומעלט און פון געוועהנהייט האָב איך גענומען זוכען דעם דאָלאַר ביי זיך קעגען איהר זיך צו וועהרען... זי האָט דאָס דערזעהן און זיך איבערגעקעהרט צו דער וואַנט.

און אין אַ פּאָר וואָכען אַרום האָט מיר דער דאָקטאָר געזאָגט, אַז די שעה פון טויט האָט געשלאָגען ; איך בין געשטאַנען איהר צופוסענס און זי האָט אויף מיר געקוקט מיט ליעבע און פיין.

ווייסט איהר פון עפּעס שרעקליכערעס ווי צו־צוזעהן בעת דער גוסס׳ער שרויפט אַן זיינע לעצטע האַלב־טויטע אויגען אויף

דעם לעבעדיגען? דעם לעצטען בליק פון א גוסס׳ער פרוי אויף איהר מאן געווענדט!...

איך האב זיך אנידערגעזעצט אויפ׳ן בעט ביי איהר זייט. איהרע שטארע אויגען האבען אויפגעלייכט בלוי. זי האט געמיינט, אז די צייט פון פארגעבונג איז געקומען... און א נייע לעבען קומט... זי האט אנגעכאפט מיין האנט און מיט פרייד אויסגע־רופען מיין נאמען:

„ראובן! רובעלע! געדענקסט אונזער חתונה? געדענקסט ווי דער ווייסער שלייער און דאס ווייסע קלייד איז אויף מיר געווען? פון דאס ניי היינט... א נייע לעבען... ווי נאך אונזער חתונה... יא, רובעלע?...

אונזערע אויגען האבען זיך באגעגענט, איהרע האבען אויפ־געשטראהלט ווי א פאר שערבלאך פון די לעצטע שטראהלען באַ־לויכטען, און מיינע האבען מיר געברענט פון טרערען.

זי איז געווארען באלעבט, רעדעוודיג; זי האט געשמייכעלט צו מיר. איהרע גלייכע, ווייסע ציינער האבען יונג און געזונט פונ׳ם האלב־טויטען מויל ארויסגעלאכט מיט א טריאומף... זי האט מיינע הענט געגלעט און זיך דאס מויל געווישט מיט א ווייס טיכעלע... איך האב זי אבער נישט געקושט...

און פלוצים האבען זיך איהרע אויגען פארצויגען ווי מיט א גרויען שפינ־וועבס. די לעצטע מינוטען זיינען אנגעקומען. זי האט מעהר נישט געקאט ריידען און גענומען מיט׳ן האנט עפעס אפשארען פון די אויגען. איהר אנדערע האנט איז געלעגען שטייף אין מיינער. אין א פאר סעקונדען האט זי זיך אנגעשטרענגט מיט׳ן לעצטען פונק כוח און אנגעהויבען שעפטשען:

„דעם דאלאר... נעהם אוועק דעם דאלאר... פון די אויגען... דעם דאל..." און אזוי, מיט א לעצטען קוק ווי פון צוויי נאדלען, און מיט דעם ניט דערענדיגטען ווארט „דאלאר" איז זי געשטאר־בען.

איך בין געבליבען זיצען מיט איהר טויטער האנט אין מיינער,

ביז אימיצער האָט מיך צוגענומען, און איהר דאָס פּנים מיט'ן לייִלאַך פאַרדעקט.

אַלץ וואָס נאָכדעם האָט פּאַסירט איז דאָך נישט וויכטיג און איך וועל דאָס ענדיגען בקיצור.

נאָך איהר טויט בין איך געבליבען אַ פּאָר וואָכען אין הויז און געגאַנגען יעדען טאָג אין מיין געשעפט. איך בין אָבער אַרומ־געגאַנגען אויף אַ פרעמדער וועלט. יעדען אַנדערען, ווענען ס'טרעפט אַן אומגליק, פּיהלט ער דעם אומגליק זעהר שאַרף, אָבער מיט דער צייט קומט אַ דערלייכטערונג, ביסלאַך־ווייז גע־וועהנט מען זיך פון די טויטע אָפּ, און מ'פאַרגעסט...

אַנדערש איז עס אָבער געוועזען מיט מיר. גלייך נאָך איהר טויט האָב איך געפּיהלט דערלייכטערט. אַ גרויסע, שווערע זינד איז מיר אַראָפּ פון די פּלייצעס. און שפּעטער איז מיט יעדען טאָג געוואַקסען אַ פּיין און אַ וועהטאָג אין מיין האַרצען.

צום געשעפט האָב איך מעהר נישט געטויגט. מיינע שותפים האָבען מיר אַרויסגעצאָהלט מיין חלק און איך האָב פאַרלאָזען ניו יאָרק.

און אַזוי האָב איך אַרומגעוואַנדערט שטאָדט איין, שטאָדט אויס, לאַנד איין, לאַנד אויס גאַנצע אַכטצעהן יאָהר.

איך בין געווען אין אייראָפּאַ מיט איהרע שעהנע שטעדט, אינטערעסאַנט לעבען און רייצענדע פּרוינץ, און ס'האָט מיך צו־ריקגעטריבען אין דעם פאַרהאַוועטען אַמעריקאַ. איך בין געפאָהרען אינ'ם ווייטען רוישיגען וועסט, זיך אַרומגעשלעפּט אינ'ם הייסען, פוילען „סאַוטה"; בין געווען אין מעקסיקאָ, אַפריקאַ; אין ער־גיץ אָבער האָב איך אַ טאָג רוה נישט געפונען, אין ערגיץ האָב איך קיין יאָהר זיך נישט געקאָנט אויפהאַלטען.

אומעטום געהט זי מיט... אומעטום מיט דעם פאַרהונגער־טען פּנים. קוים וואָס זי טראָגט זיך אויף די פיס, הויבט צומאָל די אויגען נישט אויף און אַ פאַרשעהמטע געהט זי מיט...

נו, פרעג איך אייך, קאָן אַ מענש פונ'ם זינען ניט אַרונטער ? נאָר משוגע ווער איך נישט ! גאָט שטראָפט מיך אויך גאָר, גאָר

א מאָדנעם אופן: מיין מוח ווערט מיר באַלויכטען, מיינע חושים פאַרפיינערט, מיין האַרץ ברייט, כדי איך זאָל וואָס שטאַרקער, וואָס נאָגענדער דערפיהלען מיין פאַרברעך קעגען מיין אייגען ווייב...

גאָט׳ס גרעסטע שטראָף לייד איך, און איהר שיקט מיך צום געריכט און תליה! מיט פרייד וואָלט איך מיין לעבען אוועקגע־געבען, ווען מיין לעבען וואָלט מיר ליעב געווען!... אזא לעבען איז דאָך קיין קרבן נישט... און וואָס איז דאָס אומברענגען פון א לעבען, ווען דער טויט איז די אויסלייזונג?...

און איך פרעג אייך, זיך אַליין, די גאַנצע וועלט. פאַרוואָס קענען מיר נישט מוחל זיין אונזערע פרויען?... מיר פאַרגיבען דאָך אזוי פיעל אונזערע שוועסטער, קינדער. קלאַפּט דען נישט א פאָטער׳ס האַרץ שטאַרקער פאַר זיין פאַראומגליקט, פאַרזינדיגט קינד? זאָגט זיך דען א ברודער אָפּ פון זיין פאַרזינדיגטער שוועסטער? פאַרוואָס קאָנען פרויען אזוי פיעל מוחל זיין, אזוי שעהן מוחל זיין?... ס׳איז דאָך אזוי שעהן, אזוי וואונדערליך צו קאָנען פאַרגעבען יענעם א זינד! בפרט נאָך, ווען יענער בעט פאַרגעבונג.

איך האָב נישט געקאָנט, ניט געוואָגט צו קאָנען מוחל זיין...

ער האָט זיך פּלוצים פאַרטראַכט וועגען זיינע אייגענע גע־דאַנקען, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט.

איך בין געווען מיעד פון אויסהערען און געוואָלט אַן ענד מאַכען דערצו. און געפרעגט:

— און ווי אזוי, אייגענטליך, האָט איהר דעם דאָלאַר פאַר־לאָרען?

— גאָר איינפאַך. זייענדיג אין די „סויטה" האָט מען ביי מיר צוגע׳גנב׳עט מיין אנצוג מיט׳ן דאָלאַר אין קעשענע. און זינד דעמאָלט האָב איך נאָך נישט אויסגעלאָזען קיין איין איינ־ציגען דאָלאַר, איך זאָל איהם נישט באַטראַכטען, צו ער איז נישט יענער דאָלאַר...

— און איז דען דאָס נישט מערקווירדיג און אויסערגעוועהנ־ליך, אז ביי מיין צוריקקומען קיין ניו יאָרק זאָל איך דעם דאָלאַר

געפינען !... יאָ, מיר קענען ווערען אויפגעקלערט, אויפהערען גלויבען, אָבער פון אָבערגלויבען זיך באַפרייען, דאָס קאָנען מיר נישט...

— און פאַרוואָס ווילט איהר אַצינד דעם דאָלאַר, נאָך אַזוי פיעל יאָהרען פון פּייניגונג ?

— איך ווייס נישט, נאָר איהר מוזט מיר דעם דאָלאַר אויסבייטען. פאַר אייך איז דאָך דאָס קיין אונטערשייד נישט, דער אָדער אַן אַנדער דאָלאַר...

— איך גיב אייך דעם דאָלאַר, אָבער מיט איין תנאי, אַז איהר זאָלט איהם צורייסען אויף פּיצ־פּיצלאַך — האָב איך איהם געזאָגט באַשטימט.

— ניין, דאָס וועל איך נישט קאָנען — האָט ער מיר געענטפערט מיט טרויעריגע אויגען.

איך האָב אַ נעהם געטאָן דעם דאָלאַר, איהם צופּיצעלט און קענגען דעם ווינט אַ זעצ געטאָן.

ער האָט אויפגעציטערט, אָבער פרייער אויפגעאַטעמט, פּונקט ווי מ'וואָלט איהם באַפרייט פון אַ שרעקליכען נדר.

און דער מענש, האַלב גרוי, ווי פון פעפער און זאַלץ אַרויס, האָט געזוכט, מיט די אויגען געבעטעלט אַ טרייסט וואָרט.

שעהן געדענקען די טויטע, און מיט ליעבשאַפט אָן זיי זיך דערמאָנען איז אונזער איינציגער צינז... דער מענש שטאַרבט דאָך נאָר פון זיך און פאַר זיך. מיט אונז און אין אונז לעבט ער דאָך...

ער האָט מיך אונטערבראָכען מיט אַ איראָניע.

— נאָך אייער פילאָזאָפיע קומט אויס, אַז איך בין פאַר מיין פרוי טויט, און זי פאַר מיר לעבט...

— יאָ, אַזוי איז דאָס ; מיר, די לעבעדיגע זיינען טויט פאַר די טויטע. די טויטע פאַר אונז לעבען כל זמן מיר לעבען... מיט'ן לעבעדיגען לעבט דאָך אַלץ אפילו דער טויט... איהר, פאַר אייער פרוי זייט טויט, זי פאַר אייך לעבט, לעבט אין אייער געדעכניס...

— אָך, מיין פריינד, פאַר יעדען לעבעדיגען מענשען איז אפשר דאָ אַ טרייסט. יעדער צער האָט זיין טרייסט ; אָבער פאַר'ן

מענשען מיט חרטה איז קיין טרייסט און קיין אויסלייזונג נישטאָ. דאָס לעבען פארמאָגט עס נישט...

ער האָט זיך פלוצים אויפגעהויבען, און אין אַ מאָדנער שפּראַך מיר געדאַנקט:

— אָט, איך דאַנק אייך. דאָס אויסהערען אַ מענשען איז דאָך אַ פיינע זאַך... יעדער מענש איז דאָך פאַרבונדען צום אַנ־דערען מיט אַ דין פעדעמיל, וואָס הייסט לעבען... האָט אַ גוטע נאַכט. אפשר באַגעגענען מיר זיך נאָך אמאָל, וועלען מיר שמועסען איבער'ן לעבען און טויט. ער איז דאָך יעדען מענשענ'ס שונא און מיין פריינד... אַ גוטע נאַכט...

און דער מענש פון פעפער און זאַלץ איז אַוועק מיט אַ גאַנג ווי אונטער אַ שווערער משא אויפ'ן רוקען...



# די אילוזיע.

פינף יאָהר האָב איך נישט געזעהן מיין פריינד סאשא'ן. איך האָב איהם איבערגעלאָזען אין פאריז גליקליך, פארליעבט און מיט א שפּאָגעל נייער דיפּלאָמא אויף אדוואָקאטור.

צוויי יאָהר האָב איך קיין בריעף נישט באקומען און פון איהם גאָר נישט געהערט.

און אז איך האָב איהם באגעגענט נאָך די פינף יאָהר אין א ניו יאָרקער קאפע, האָב איך איהם קוים דערקענט. איך האָב מיינע אויגען נישט געוואָלט גלויבען, אז דאָס איז דער שעהנער, געזונטער סאשא, וואָס האָט געקאָנט אָפּשלאָפען צוועלף און פיערצעהן שעה נאָכאנאנד און דרויסען זאָל זיך הימעל און ערד איבערקעהרען, אָדער ער האָט געקאָנט זיין אויף די פיס א צוויי מעת-לעת און די אויגען זאָלען ביי איהם לויכטען פריש ווי בלימ-לאך פונ'ם טוי אויסגעוואשען.

אויפ'ן ערשטען קוק בין איך איהם חושד געווען, אז ער טרינקט, אָדער עפּעס נאָך ערגערס: ער רויכערט אָפּיום...

סאשא'ס ברוין-בלאָנדער קאָפּ האָר איז געפאלען צושייטעלט משוגע'נערווייז אין אלע זייטען; די צייהן פארגעלט פון צופיעל רויכערען, דער קראַגען מיט אָפּגעריבענע ראנדען און פונ'ם קראַ-וואט האָט די וואטע ארויסגעשטעקט.

גלייך נאָך דעם ערשטען „שלום-עליכם" האָט ער זיך צו מיר געווענדט אין א נערוועזען כריפּיגען קול:

— זאָג מיר נאָר, יאקאָב, וואָס איז דער אונטערשייד פון

אמת און ליגען? וואו ליגט דער חילוק? וואו ענדיגט זיך דער אמת, און וואו הויבט זיך אָן דער ליגען, אָדער פאַרקעהרט?

איך האָב אונבאַדענקט אַ זאָג געטאָן:

— וואָס עס איז — איז אמת, און וואָס עס איז נישט — איז ליגען.

— פאַלש! חדר־פּשט׳לאַך! — האָט ער געשריען.

האָב איך געשוויגען, געשטוינט און מיט שרעק געקוקט אויף סאַשאַ׳ן.

איך האָב איהם געפּרובט אַרויסקריגען פון קאָפּע, ס׳איז נישט געגאַנגען, און מיר האָבען באַשטעלט שוואַרצען קאַפּע.

— ניין, יאַקאָב — האָט ער פּלוצים ווייכער געזאָגט — ניין, גאָר אָפּט, וואָס ס׳איז אינערליך פאַר דער נשמה און פאַנטאַזיע אַן אמת, איז אויסערליך, פאַר׳ן פּראָסטען שכל, אַ גראָבער ליגען; און וואָס ס׳איז אַמאָל אַ ליגען פאַר׳ן אויג, געדאַנק און יושר, קען פאַר דעם אינערליכען „איך", זיין אַ שעהנער אמת... פאַרשטעהסט מיך, יאַקאָב?

אַ שוידער איז מיר אַדורך דעם געביין. איך האָב מיר געטראַכט: אַז אַ מענש הויבט אַזוי אָן צו פילאָזאָפירען איבער אמת און ליגען, האָט ער מסתמא גענוג צרות... סאַשאַ — אַ פילאָזאָף!...

מיר זיינען אַרויס דרויסען, און איך האָב איהם געפרעגט:

— וואָס איז סאַשאַ?

ער האָט שיעור נישט צוזאַמענגעבראָכען ביי דעם איינפאַכען, „וואָס איז סאַשאַ". ער האָט געוואָלט וואָס זאָגען, נאָר אין קעהל איז איהם ענג געוואָרען צום דערשטיקט ווערען. ער האָט אָנגעהויבען קינסטליך צו הוסטען און צו פאַרטרייבען אַ שטילען געוויין וואָס האָט זיך פון דער נשמה געשפּאַרט אין די אויגען און אין קעהל.

איך האָב אַוועקגעקוקט און באַטראַכט דעם טומעל און ענגשאַפט אַרום אונז. אַ תמוז־זון האָט דעם דרויסען אָנגעהייצט ווי אַ קאַלך־אויווען. אויפ׳ן טראָטואַר האָט אַ ברוינער איטאַליע־

נער געשפּיעלט א לייער־קעסטעל; א יונג מיידעל מיט א גע־בלומט טיכעל אויפ׳ן קאָפּ, האָט געקלאַפּט אין א פּייקעל מיט מינ־צען און געקליבען פּענים. ביי א טוץ מיידלאך, אין אויסגעקרימ־טע שיכלאך און קארטון קליידלאך האָבען מיט חן געטאַנצט. האָב איך געטראַכט פון זייט, אָנקוקענדיג סאשא׳ן: טאַנצט קינדערלאך, כל זמן איהר דארפט נאָך נישט מיט א הוסט באַהאַלטען דעם געוויין פון הארצען, פאַר מענשען...

מיר האָבען זיך געלאָזען צום וואַסער־צו. געזעהן, אז א שיף געהט אָפּ ערגעץ אויפ׳ן האָדסאָן, זיינען מיר ארויף. פאַר אַלצדינג, אַנטלויפען פון היץ און טומעל.

סאשא האָט געוואוסט ווי נייגעריג, הגם גערולדיג, איך האָב געווארט... האָט ער, קוקענדיג אויפ׳ן וואַסער, ווייט אוועק, זיך אָנגערופען:

ווי דו ווייסט, האָב איך מיט דריי יאָהר צוריק חתונה געהאַט, ס׳איז געווען אזוי: איך בין אויף א ווייל מיעד געוואָרען פונ׳ם פאַריזער לעבען, פאַרטיידיגען אינטריגעס און אליין פיהרען אינטריגעס און דעם שטענדיגען נאַכט־לעבען, בין איך פאַרפאָהרען אין מיין געבורטס־שטעדטעל זיך זעהען מיט טאַטע־מאַמען. דאָרט האָב איך דערזעהן די שעהנע, נאַאיווע לאַה. איך האָב זי נאָך געדענקט אַלס א קליין, בלאָנד מיידעלע מיט א גאָלדענעם צאָפּ; מיך — אַלס א דערוואַקסען אינגעל. מחמת זי איז געווען א שטילע און א שעהנע, האָט מען שוין אין איהר דעמאָלט געזעהן די פרומע מעהר ווי דאָס קינד.

בקיצור, איך האָב זיך אין איהר פאַרליעבט, געוואונען איהר צוטרוי און ליעבע און מיר האָבען חתונה געהאַט. איך האָב זי גערופען לאורא; ערשטענס, איז מיר דער נאָמען זעהר ליעב געווען, און צווייטענס, איז זי געווען געבוירען צו טראָגען דעם נאָמען לאורא. פּעסט, בלאָנד, און „ווייבליך“.

מיין לאורא איז געווען שעהן, נאַאיוו און עהרליך; אָבער קליינשטעדטעלדיג און אונאינטערעסאַנט. זי האָט מיך ליעב גע־

האט, ווי דאָס אידישע ווייב האָט ליעב; מיט איבערגעבונג און דרך־ארץ. איך האָב געליטען און זי האָט נישט פארשטאַנען.

האָב איך זיך אונטערגענומען זי צו אַנטוויקלען, אָבער איינזייטיג. איך האָב געוואָלט, אַז ליעבע זאָל ביי איהר ווערען א קולט, און איך — איהר אָפּגאָט... איך האָב איהר געגעבען לייענען עראָטישע ראָמאַנען, תמיד געפיהרט שמועסען איבער ליעבע, ליעבע — ניט געזונטע און פרימיטיווע — נאָר ראַפּאַנירטע און איבערטריעבען. איך האָב געוואוסט, אַז אין דער שטילער, בלאָנדער פרוי דרעמעלט עפּעס וואונדערליכעס וואָס וועט איהר פולע שעהנקייט ארויסברענגען. מ'דאַרף עס נאָר דערמינטערען און צום לעבען ברענגען. דאָס מאָראַלישע אין ליעבע, האָב איך אין גאַנצען א י ה ר אַנפּאַרטרויט...

קורץ נאָך אונזער חתונה האָבען מיר פארלאָזען דאָס שטעדטעל און זיך באַזעצט אין פּאַריז.

פּאַריזער אַרט קליידען, פּאַריזער „שיק", און די אידישע ברוינע אויגען — און מיין לאורא איז געוואָרן א שעהנהייט! ביז אהער איז אַלץ געגאַנגען ווי פון א קינדער מעשה'לע ארויסגעלייענט, לויטער גליק און גליק. דער מאַן רייך, דאָס ווייב שעהן, פּאַריז... קורץ ביז אהער אידיליע און ווייטער — שונד...

און איין נאָכמיטאָג באַגעגען איך מיינעם א פריינד, א קינסטלער; איך האָב געהאַט אַן אַלטע שנאה צו איהם און מיר איז אין יענעם מאָמענט איינגעפאַלען איהם מיטצונעהמען מיט זיך אהיים און זיך רייצען מיט איהם מיט מיין גליק... איך בין דאָך מיט מיין לאורא'ן אזוי זיכער געווען, איך האָב געפיהלט, אַז ליעב האָבען קען זיך נאָר מיך, דעם מאַן, מיט וועמען זי האָט חתונה געהאַט. וואָרים מיט'ן גאַנצען פּאַריזער „טשאַק" איז זי דאָך נאָך געבליבען די פרומע צניעות'דוגע לאה...

סאַשאַ איז אויף א ווייַלע אַנטשוויגען געוואָרען און איך האָב געפיהלט, אַז דאָ קומט דער אָנגעוועהטאָגטער פונקט. איך האָב געוויכערט אָהן אַן אויפהער, און אויך איהם איצט אונטערגערוקט א פּאַפּיראָס. ער האָט ווייטער גענומען דערצעהלען:

הגם איך האָב איהם מעהר ווי דעם איין מאָל נישט איינ־געלאָדען, האָט ער דאָך אָנגעהויבען באַזוכען אונזער הויז. מיר איז נישט אָנגעשטאַנען איהם ארויסצואווייזען מיין אומצופריע־דענקייט. לאורא איז געווען פריינדליך, שטראַהלענדיג, אָבער מיט טאַקט. בקיצור, איך וויל זיך נישט ציהען די אָדערען דערצעה־לענדיג דעטאַלען. זיי האָבען זיך פאַרליעבט איינער אין דעם אנדערען. קיין נאַרעריי איז דאָ נישט געווען. מיין לאורא האָט מיר גלייך אויסגעזאָגט, געבעטען ביי מיר מחילה ווי ביי א טוידטען, געוויינט ווי אַלע ווייבער פון א ראָמאַן ארויס: זי מוז אוועק צו איהם; זי קען אָהן איהם נישט לעבען. זי וויל זיין עהרליך געגען מיר, וויל בלייבען אנשטענדיג. איך וועל קריגען א בעסערע און זי איז מיך נישט ווערט. נישט פאַרגעסען צו דער־צעהלען ווי זי האָט די קורצע צייט געליטען, ווי זי ליידט היינט, ווי זי האָט געפּרואווט זיך אוועקרייסען. מיט איין וואָרט: זי און זי... און איך בין געווען נישט מעהר ווי א בר מינן, וועמען מען דאַרף בעטען מחילה, כדי ער זאָל נישט קומען ווערגען אין חלום... קענסט דאָך די ווייבער! און אפשר קענסטו זיי נישט?... איך בין געווען דערשלאָגען, צוטומעלט ווי פון א טוידט קלאַפּ און נאָך געמוזט מיטטאַנצען אין דעם פּאַטעטישען געזעגען־טאַנץ... איך האָב געדאַרפט זיין דער נאָבעלער מאַן פון׳ם מאָדערנעם ראָ־מאַן... דאָס הויז האָט מיר נישט גענוצט אָהן מיין לאורא׳ן, בין איך אוועק זיי אַלץ איבערלאָזענדיג...

איך האָב זיך אריינגעקליבען ערגעץ אין א בוידעם־שטיבעל און אָפּגעריכט גלות. כ׳האָב געלעבט ווי א נאַר, האָפענדיג, אז נאָך דער ערשטער אַנטטוישונג וועט לאורא צו מיר צוריק קומען... איך האָב זי אַנטוויקעלט, ערצויגען צו קענען שעהן לעבען און שטאַרק ליעבען און מיין שאַרלאַטאַנסקער פריינד וועט זי האָבען!... פאַר־שטעהסטו כאָטש, פריינד יאַקאָב, ווי גוט מיר איז געווען?!...

זי האָב איך געקרענקט וו י איך האָב געקענט און מיט וו אָ ס איך האָב געקענט. זי האָט געוואָלט איך זאָל קומען אין הויז און זיין איהר פריינד, בין איך נישט געקומען און נישט געווען

איהר פריינד; זי האָט געוואָלט איך זאָל ווי תמיד געהן עלע־גאַנט אָנגעטאָן און אָנגעהן מיט מיין ארבייט, האָב איך אויפגע־הערט ארבייטען און געגאנגען אַפּגעלאָזען; זי האָט געוואָלט קו־מען אין מיין צימער'ל אויפראַמען און האַלטען אין אָרדנונג מיינע זאכען, האָב איך איהר פארבאָטען.

איך בין אָבער אַזוי ניעדריג געפאַלען, אַז איך האָב געוואָלט זי צווינגען דורך רחמנות צו מיר צוריקצוקומען.

— זי איז אָבער נישט געקומען, און וויפיעל איך האָב געליטען זעהסטו דאָך אַן מיר...

ער איז פּלוצים אַנטשוויגען געוואָרען, זיך פארקלעהרט און מיט אימפּעט אריינגעוואָרפען אין וואסער אַ נאָר־וואָס פאררויכערטע סיגארעט, און אָנגעצונדען אַ צווייטען.

— אָבער מיין נקמה האָב איך געהאַט! — האָט ער מיט אַ בייזען שמייכעל אַ זאָג געטאָן.

איך האָב זיך דערשראָקען און געריכט זיך צו הערען דאָס ערגסטע.

פאַרשטעהסטו מיך, טיעף אין הארצען האָב איך אָבער גע־גלויבט, אַז זי וועט זיך אַ מאָל פארבענקען נאָך איהר סאַשאַ'ן, דאָס וואָס מיר האָבען איבערגעלעבט פארגעסט זיך נישט אַזוי לייכט!...

סאַשאַ איז פּלוצים געוואָרען באַלעבט, אַ פייערעל האָט זיך אָנגעצונדען אין זיינע טאָוועל־גרויע אויגען און זיי האָבען גע־לויכטען ווי בלויע לאַמטערנעס. ער האָט ווייטער דערצעהלט:

עס איז געווען אַן אויף־דער־נאַכט, אָנהויב זומער. זי האָט מיך געלאָזט וויסען אַז זי וועט קומען... איך האָב צוגעקליבען דאָס צימער'ל אַזוי גוט ווי ס'האָט זיך געלאָזט. דערפאַר אָבער האָב איך בלומען אנגעבראַכט!... ווי אין אַ בלומען געוועלב.

זי איז געקומען. זי איז געווען שעהן ווי אַ מלכה אין די זיידענע מלבושים. אַ טרויער האָט אָבער פון איהרע אויגען ארויס־געקוקט... איך האָב זיך געהאַלטען קאַלט און פרעמד, גערעדט איבער געהויבענע זאכען מיט אַ מערקווירדיגען שאַרפזין. כ'האָב

דערפיהלט, אַז איך בין ווידער איהר גאָט... און געוואוסט אַז זי איז געקומען זיך בעטען איך זאָל זי צוריקנעמען... איך האָב ביי זיך געוואוסט, וואָס איך האָב צוטאָן, און געווען רוהיג און איבערלעגט...

זי האָט אָנגעהויבען גלעטען מיינע הענט, מיין שטערען, גע־קושט מיין קאָפּ און איז מיר אויפ'ן האלז געפאַלען. איך האָב זי געלאָזט מיך קושען און גלעטען, אָבער אַליין זיך פארהאַלטען גלייכגילטיג. איך האָב זיך נישט באַגנוגענט. ביי מיינע פיס האָב איך זי געוואָלט זעהן... זי האָט אַלץ געוואוסט, אַלץ גע־פיהלט... פּלוצים האָט זי מיר גענומען ארויסווייזען אַזא וואונ־דערליכע ליעבע און אַזא טייוועלשע, ווילדע ליידענשאַפט, וואָס אַפילו לילים מיט איהר „כאַלאַסטרע" וואָלטען דאָס נישט גע־קענט !...

איך האָב געהאַלטען אין מיינע אָרעמס, מיין געוועזענע ווייב... זי האָט מיר געזאָגט אַז זי האַסט יענעם... ער איז זעהר שלעכט צו איהר געוועזען. ער האָט זי אַפילו געשלאָגען... און — אַז איך האָב דערפיהלט אַז זי איז גרייט ווידער צו ווערען מיין ווייב, האָב איך זי אַ שטויס געטאָן פון זיך און זי באַשפּיגען...

זי האָט אָנגעהויבען זיך בעטען ביי מיר : „מיין גוטער סאַשאַ, מיין ליעבער סאַשאַ, נאָר דיך ליעב איך... נעהם מיך צוריק" !... און איך האָב ווידער אויף איהר געשפּיגען... זי האָט געלאָזט אויף זיך שפּייען ; און מיך נאָך הארציגער, נאָך ליידענשאַפטליכער געקושט און זיך געבעטען איך זאָל זי צוריקנעהמען...

דאַן האָב איך פון איהר אראָפּגעריסען איהר בלוזע און באַ־שפּיגען איהר נאַקעטען לייב !...

— סאַשאַ שווייג ! — האָב איך פּלוצים דערהערט מיין אייגען קול.

דיך שוידערט דאָס הערענדיג, אָבער מיך נאָך מעהר דאָס דערצעהלענדיג — האָט ער מיך אָנגעקוקט.

זיין קאָפּ האָט זיך אראָפּגעלאָזט אויפ'ן ראַנד פון שיף און איך האָב געהערט ווי סאַשאַ שלוכצט...

— וואָס איז, סאשאַ ?

— נו פאַרשטעהסטו דען נישט אַז אַלצדינג איז געווען אַ ליגען ? אַ ליגען אויסגע׳חלום׳ט, אויסגעטראַכט און אויסגעוואונשען ! אַ ליגען וואָס האָט זיך געהאָדעוועט אין מיין מוח און זיך געשפּייזט אויף מיין מאַרך און בלוט... צוויי יאָהר האָב איך גע־טוליעט דעם ליגען ביז ער איז געוואָרען אַן אמת, מיין אייגענער אמת...

— איז אַלץ ליגען, סאשאַ ? — האָב איך שטיל געפרעגט.

— ניין, אַלץ איז אמת נאָר ביז אויף יענעם אויף־דער־נאַכט. זי איז צו מיר קיין מאָל נישט געקומען זיך בעטען און איך האָב זי נישט באַשפּיגען און אָפּגעשטויסען... נאָר דאָס בלייבט מיין אמת... פאַרשטעהסטו מיך ?

די שיף איז צוריקגעקומען צום ברעג. איך און סאשאַ זיינען אַרונטער. דערווייל איז נאַכט געוואָרען און מיר האָבען זיך גע־לאָזען איבער פאַרשיעדענע קאַפּעען. מיר האָבען געגעסען שוויי־גענדיגע און אומעטיגע. שפּעט בייגאַכט האָב איך סאשאַ׳ן גע־נומען צו זיך אַהיים ווי מ׳נעהמט איינעם פון אַ קראַנקען־הויז אַרויס און — זיין אמת איז אויך געוואָרען מיין אמת...

# מיינע...

אין גאַנץ אַמעריקאַ איז ניט געווען אַ געגענשטאַנד אָדער אַ לעבעדיג וועזען, וואָס ליפּשע האָט געקענט מיט רעכט אָנרופען מיינס. זי וואָלט אפילו געקענט זיך מאַכען האַרץ און זאָגען: מיין „מיסעס" און מיין שאָפּ, נאָר אין דעם איז אויך געווען: די „מיסעס" וואו איך וואוין און דעם שאָפּ וואו איך אַרבייט. וואָרום, היינט וואוינט מען און מ'אַרבייט דאָ און מאָרגען — דאָרטען.

טראַכט ליפּשע מיט קנאה אין האַרצען: פאַראַן מענשען מיט גרינגע הערצער וואָס דאָס וואָרט מיינס געהט זיי פון די ליפּען ניט אַרונטער. ס'איז מיין „גראָסערי", מיין „בוטשער", מיין „דאָקטאָר" און מיין „באָרדער". רק מיין און מיין. ביי איהר גליטשט זיך דאָס וואָרט מיינס פון דער צונג ניט אַרונטער...

ס'איז ניט מיין פריינד און אפילו ניט מיין הונט אָדער מיין קאַץ. כדי עס זאָל וואָס זיין מיין, דאַרף עפּעס וואָס קאָסטען... אום צו קענען זאָגען: דאָס הינטעל איז מיינס, האָט מען עס געדאַרפט געבען אביסעל מילך צו ליאָקען וועז קליין און פערבינדען אַ לאַפּקעלע ווען עס איז פאַרוואונדעט געוואָרען, אָדער כאָטש אַ ביין פון טיש צוואַוואַרפען צום גריזשען ווען הונגעריג...

אין גראָדנע איז פאַרהאַן אַן עלטערע אידענע, וואָס קאָכט אויף פרעמדע חתונה'ס און פערקויפט הייסע באָב און אַרבעס אין גאַס. צו יענער אידענע שרייבט ליפּשע אַלע פּאָר וואָכען: „מיין מאַמע, מיין טייערע מאַמע". און יענע ענטפערט: „מיין ליעב קינד. מקבל געווען די עטליכע טאָלער. ס'האַרץ טהוט וועה צו נעה־

מען געלד פון א מיידעל... נאָר שווערע צייטען, זי דאַרף האָדעווען די צוויי יתומים'לעך. ס'איז אפילו ניט קיין שלעכטע פּרנסה, קאָכען אויף חתונה'ס, נאָר זי איז ניט איינע אין גראָדנע..." מאָהנט קיין מאָל קיין געלט ניט, אָבער מאָהנט כסדר נחת... דער אייז דעם, דער געשטאָרבענער טאָכטער'ס מאַן, ווייל פאָהרען קיין אַמעריקא. דערביי שטעהט א צוויי דריי שטריכעלעך. ער איז חלילה ניט שולדיג געווען אין איהר טאָכטער'ס טויט, און עטליכע פינג־טעלעך. זאָל גאָט געבען, אַז מ'זאָל אויף ווייטער ניט אָפּגעפרעמדט ווערען. דאָ איז שוין געשטאַנען אי פּאַסיקלעך, אי פינטעלעך. זי וויל מיטשיקען איין קינד, כדי אין אמעריקא זאָל ער חלילה זיך ניט דערפיהלען ווי א פרייער פויגעל, און די איבריגע לאָזט זי שוין איבער צו איהר... שוין א פּאָר בריעף אָנגעקומען פון דער מאמען מיט דעם זעלביגען נוסח.

און ליפשע האָט ניט געקוקט אויף דער וועלט מיט קיין גרויסע אויגען. געוואָלט דאָס ווינציגסטע. קאָנען זאָגען: מיין מאַן, מיינע קינדער און מיינע פיער ווינקעלעך. דאָס וואָלט זי אָפּגעהיט מיט א הייליגקייט, איז עס אָבער ניט בעשערט געווען...

איז ליפשע איבעראל געזעסען ווי ביי א פרעמדען טיש, געהערט ווי מענשען זאָגען, מיין, מיינע און אליין, פערביסען, קיין מאָל ניט ארויסגעזאָגט דאָס וואָרט מיין...

זי האָט זיך ארויסגעקליבען פון א מיסעס, נאָר דערפאַר וואס אליץ איז געווען איהרס. דער פּעדלער, ביי וועמען זי האָט געקויפט זאָקען און אונטערוועש, וועלכער פלעגט קוים אויסוויינען א דאָלאר אויפ'ן חוב, איז. אויך געווען „מיין פּעדלער"... מיין לאָנדרי מאַן, מיין מילך מאַן, מיין און מיין, האָט דאָס ליפשע'ן תמיד געקרענקט, איז ענטוועדער מ'האָט זיך גערארפט קריגען אָדער זיך אָפּגעגעסען דאָס האַרץ... אוןביידע זאַכען איז געווען אויפ'ן קלאָג. פלעגט זי ארויספּלאַצען:

— מיט וואס איז ער אייער מילך־מאַן? ער פיהרט דאָך מילך פאַר נאָך טויזענדער ווייבער!

האָט מען זי געהאַלטען פאר א פערביטערטע און א ביסעל א צודרעהטע.

אין שאפּ האָט א מיידעל א פרעג געטהאָן:

— ליפשע, איז דאָס אייער „באָבין", דער מיט די רויטע זייד? געפונען נעבען אייער מאשין.

האָט ליפשע געענטפערט:

— ס'איז דער „באָבין" פון דער מאשין.

פלעגען זיך די ארומיגע איבערקוקען און הינטער איהר פּליי־צע האָט אימיצער אָפּגעקלאַפּט א פינגער אָן שטערען... ס'האָט קיין מאָל לאַנג ניט געדויערט און מ'איז דערגאַנגען, אז ליפשע רעדט קיין מאָל ניט ארויס דאָס וואָרט מיין. איז אָנגעגאַנגען א שפּיעל צווישען אַלעמען און איהר איינע און מ'פלעגט זי פּערוואַר־פען מיט פראַגעס וועגען מיין און דיין פונקט ווי ביים שפּיעל וואָס מ'טאָר ניט זאָגען „יא און ניין און שוואַרץ און ווייס". נאָר ליפשע האָט קיין מאָל ניט פערשפּיעלט, קיין מאָל זיך ניט ארויס־געריסן „מיינס"...

נאָך די לעצטע פּאָר בריעף, האָט טיעף אין איהר הארצען אָנגעהויבען פון דאָס ניי געבוירען ווערען דאָס וואָרט „מיינס". „מיין שוואָגער און מיין פּלימעניקעל". צו די ליפּען איז נאָך דאָס וואָרט ניט געקומען נאָר געבליהט שטיל טיעף אין איהר הארצען. זי האָט איהם, יענעם, דעם „מיין שוואָגער" ניט געקענט. אונטער די פּופּצעהן יאָהר, וואָס זי איז אין אמעריקא, האָט דאָרט די איינ־געגע שוועסטער חתונה געהאַט, צוויי קינדער געבוירען און גע־שטאָרבען.

און אין א חודש ארום דאַרף אימיצער פּלוצים קומען פון יענער זייט, פון דער היים, וועמען זי וועט רופען „מיין שוואָ־גער", מיט א אינגעלע וואָס וועט זיין „מיין פּלימעניקעל", די ריגלען וועלען פון די ליפּען אראָפּפאַלען און זיי וועלען ארויסרע־דען דאָס וואָרט מיין... ס'קימערט זי מעהר גאָר ניט. וואָס וויי־טער וועט זיין. צי יאָ שידוך צי ניט. ס'איז סאַי ווי א קללה צו נעהמען א שוועסטער'ס א מאַן. אָבער זי וועט זאָגען, מיין

שוואָגער!.. מיין פּלימעניקעל, און דאָס קינד וועט זאָגען: מיין מוהמע ליפשע.

ס׳איז אָנגעקומען זיין בילד, א יונג מיט וואָנצען און די שפּי־צען פערדרעהט ווי די נאָדלען. נאָר ליפשע האָט אין איהם גע־זעהן, א גוטען, א קלוגען און אַן איידעלען שוואָגער...

די מיסעס, ביי וועלכער ליפשע האָט געוואוינט, איז געווען א גרושה פון דעם ערשטען מאַן, און אַן אלמנה געבליבען פון דעם צווייטען מאַן. א געזונטע, לוסטיגע אלמנה מיט א ווייסען, ווײַ־כען קאַרק און טיעפע חן־גריבעלעך. נאָכ׳ן גוט בעטראַכטען דאָס בילד, האָט זי צוגעזאָגט ליפשען, אַז זי וועט מאַכען צו „מופען" דעם באָרדער פון פראַנט רום און אריינגעהמען איהר שוואגער מיט׳ן קינד. סאַי־ווי איז דער א שלאָק. דער באָרדער ווידער וואָלט בדאי מיט איהר חתונה געהאַט אַבי ניט דאַרפען, זיך אַרויס־קלויבען פון דאַנען... צייט ער איז אַ באָרדער, האָט ער נאָך ניט גע־האַט אַזאַ ליכטיגען צימער, אַזאַ וואַרימע קאָלדרע זיך צוצודעקען און אַזוינע גוטע, פעטע סאַפּערס. נאָר די מיסעס האָט געזאָגט: ער וועט שוין „מופען".

און איין טאָג האָט ליפשע, זיצענדיג ביי דער אַרבייט, זיך אַרויסגערעדט צו דער נעקסטער מאַשין:

— מיין שוואָגער קומט די וואָך! מיט מיינעם אַ פּלימעני־קעל. — ס׳האָט זיך איהר דאָס פון צונג אַראָפּגעריסען... וואָס אַ שטייגער האָט זי געדאַרפט זאָגען דער צווייטער מיידעל. אַז איהר שוואָגער קומט, וואָס איז דאָס פאַר זיי?... אַראָפּגעשפּרונ־גען פון די ליפּען די ווערטער און פאַרפאַלען...

גלאַט איז דאָס ניט אוועק. ס׳איז געוואָרען אַ געלעכטער. אַ טשיקאַווע שמחה, ליפשע האָט זיך אַרויסגערעדט: „מיין שוואָ־גער"! שוין אַ יאָהר, אַז מ׳האָט זיך מיט איהר אַרומגעריסען זי זאָל זאָגען דאָס וואָרט מיינס ווי אַלע מענשען. מ׳האָט זיך צו־צונויפגעלעגט אַ קוואָדער און געקויפט קאָנפעקטען, מאַנדלען און עפּעל און מ׳האָט געמאַכט אַ סעודה, זיך גערייצט מיט ליפשע׳ן, נאָר זי איז געווען גוטמוטיג...

אַז דער שוואָגער איז געקומען איז ער געוואָרען דער „באָרדער פון פראָנט־רום", געקראָגען אַ ווארימע קאָלדרע און אַ לייַלאַך מיט די אויסגענעהטע בוכשטאַבען פון דער מיסעס מיידעלשען נאָמען...

צווישען ליפּשע'ס צימער און דעם שוואָגער'ס איז געווען דער מיסעס צימער. טאָמער האָט ער געוואָלט אין אָוענד אַביסעל שמועס'ן מיט דער שוועגערין, האָט ער געמוזט דורכגעהן דער מיסעס צימער... פריהער האָט די מיסעס געהאַט איהר צימער ערגעץ אַנ־דערש און דאָס האָט ליפּשען געקרענקט.

די מיסעס האָט זיך אַ נעהם געטהאָן מאכען ליפּשע'ן „מור־פען". זי קען שוין מאַכען „מופען". דעם פּלימעניקעל אויב זי וויל קען זי מיטנעהמען, נאָר דער שוואָגער קאָן בלייבען וואוינען אין פראָנט־צימער....

— ניטאָ קיין „מיין" אין אמעריקא. היינט קאָן ער זיין דיין שוואָגער און מאָרגען אַן אנדערער'ס מאַן...

דער שוואָגער איז געשטאַנען אַ צושראָקענער, אַ בלייכער, גע־וואָלט עפּעס זאגען און ניט געקאָנט, דער פּלימעניקעל האָט זיך צוואויינט.

און ליפּשע איז געשטאַנען אַ דערשלאָגענע מיט אויסגעגלאָצ־טע אויגען און געקוקט וואָס דאָ טוט זיך. זי האָט זיך אָבער אַ שטעל געטאָן און נערוועז מיט אַ פרעמדען קווימשיגען קול אויסגעשריען:

— בערעל, איהר „מופט" מיט מיר און מיט'ן קינד!...

— יאָ, יאָ, אודאי, וואָס הייסט? געוויס...

— וואָס געוויס? ווען געוויס? איהר בלייבט דאָ!...

און ליפּשע'ן האָט דאָס הארץ געזאָגט: שוין ניט מיין שוואָ־גער.

אָבער געשריען האָט זי: ער איז מיין שוואָגער און מיין פּלימעניקעל, מיר „מופען" צוזאַמען... זיי זיינען מיינע... מיינע!...

# אַ ביטערער שפּאַס.

— קוים ווערט נאָר א מענש געבאָרען לויערען שוין ארום איהם אלערליי קריינק און צרות אויף דער וועלט. — האָט זיך אָנגערופען בעני מיט א קינד אויף די הענד, צו זיין גרינעם קאָזין באָרים.

דער גרינער קאָזין, אָנגעטאָן אין א רוסיש העמדעל, האָט פארשטאַנען, אז זיין אמעריקאַנער קאָזין וויל זיך אויסריידען דאָס הארץ פאר איהם, האָט ער צוגעשמייכעלט, ווי עס שמייכעלט א גרינער אינטעליגענט, בעת ער הערט פילאָזאָפירען אַן אמעריקאַנער שאפּ־ארבייטער, און איהם געלאָזען רעדען:

— אלס קליין קינד האָט דאָס אויסצושטעהן פארשיידענע קינדערשע איבערגאַנגען און סיבות. און אז גאָט העלפט מ'קומט אלצדינג אריבער און מ'וואקסט אויס א בחור פון אכטצעהן־צוואַנציג יאָהר, לויערען אַזוינע געפאַהרען, פון וועלכע מ'האָט אמאָל צו זינגען און צו זאָגען א גאַנץ לעבען... און צו פיער־פינף־און־צוואַנציג יאָהר, האָסטו פלוצים א כלה ביי דער זייט, א מיידעל גע־וועהנליך א שעהנע, לאָזט זיך קושען און האַלזען וויפיעל דיין הארץ גלוסט, נעהמט אלערליי כלה מתנות מיט דער זעלבער מינע, ווי זי נעהמט אין רעסטאָראַן א קאַווע מיט קוכען פון דעם קעל־נער, און איז שטארק ברוגז אז די רעדסט אויס א פריינדליך וואָרט מיט אַן אַנדער מיידעל.

נאָר דאָס איז אַלץ גאָר נישט, חתונה האָבען מוז דאָך א בחור. פון דעם קויפט מען זיך ניט אויס, סיידען מען איז גאָר א גוואלדיג גרויסער חכם!... און ס'איז גאָר קיין נפקא מינה ניט מיט וועלכער פון זיי מען האָט חתונה. מיידלעך זיינען דאָ

אַלערליי, אָבער ווייבלעך בלויז צוויי סאָרטען: גוטע באַלעבאָסטעס און שלעכטע באַלעבאָסטעס. און אין איין יאָהר נאָך דער חתונה מאַכט אַזוי וועניג אויס מיט וואָס פאַר אַ מיידעל מ'האָט חתונה געהאַט, פּונקט ווי איינעם, פינף מינוטען פאַר'ן טויט, מאַכט אויס וואָס פאַר אַ לעבען ער האָט אָפּגעלעבט.

דער גרינער קאָזין באָרים, וועלכער איז געווען אַן אינטעליגענט, אַ אידעאַליסט און פון זיך געהאַלטען אַן עולם ומלאה, האָט ביי זיך געטראַכט: ער רעדט גאַנץ אינטערעסאַנט דער בחור, פאָרט מיינער אַ קאָזין! ביידע האָבען זיך פון פריהער ניט געקענט. נאָר געוואוסט אַז ביידענ'ס טאַטעס זיינען ברידער. אַז בעני האָט זיך דערוואוסט אַז זיינער אַ גרינער קאָזין איז געקומען, איז ער געפאָהרען קיין ניו יאָרק זיך זעהן מיט איהם און איהם איינלאַדען קומען צו זיך אין פּאַסייק. און באָרים איז געקומען צו גאַסט. אַ געגענזייטיגע פריינדשאַפט האָבען זיי איינער צום אַנדערען דערפיהלט, טראָץ דעם אונטערשייד פון עטליכע יאָהר און מדרגה פון בילדונג.

בעני האָט אריינגעלעגט דאָס איינגעשלאָפענע קינד אין בעטעל און איין מאָל זיינען איהם די הענד געוואָרען פריי, האָט ער ערשט געקענט טראַכטען און מיט בעגייסטערונג זיך צורעדען:

— נאָר הער זיך צו, באָרים, ס'מאַכט ניט אויס, אַן עצה מעגסטו פון מיר נעהמען, כאָטש דו ביזט דער אינטעליגענט און איך דער ארבייטער. אַז מ'ווערט עלטער גלייכט זיך דאָס אויס... פון צווייערליי מיידלעך וויל איך דיך וואָרנען און דו היט זיך: דאָס ערשטע אַ מיידעל וואָס האָט געלייענט קאַרל מאַרקס, און דאָס צווייטע אַ מיידעל איבער וועלכע אַ בחור האָט זיך גענומען דאָס לעבען... היט זיך ברודער'ל פון די צוויי...

— אויף מיין מזל איז אויסגעקומען דאָס מיידעל איבער וועלכע אַ בחור האָט זיך גענומען דאָס לעבען. עס האָט מיר נאָך געקענט טרעפען ערגערס, איך האָב נאָך געקענט אריינפאַלען צו יענער וואָס האָט אַמאָל געלייענט קאַרל מאַרקס אין רוסיש. אין מיין פאַל איז געווען פערבונדען אַ שטיקעל טראַגי־קאָמעדיע מיט

דעם טפּוש־עוואַטען בחור „אבי שנאַבעל״. איך רעד אזוי פערבי־טערט און ציניש איבער זיין טויט, ווייל ס'קריינקט מיר אזוי שטאַרק וואָס עס האָט פּאַסירט... כאָטש קיין געוויסענביסען האָב איך ניט. ווייל, אויב א בחור האָט זיך געקענט נעהמען דאָס איין־און־איינציגע לעבען וואס איז איהם נעגעבען געוואָרען, צוליעב א „ספּאָדניצע״ וואָלט ער אויך געקענט זיך נעהמען דאָס לעבען, ווען ער וואָלט זיך חלילה אויסגעגליטשט אין טאַנץ זאָל און גע־פאַלען, אָדער איבער אַן עהנליכע נאַרישקייט !...

בעני האָט אויפגעהערט רעדען. ער האָט דערהערט אז דאָס ווייבעל זיינס קומט. זי איז אריין מיט א סך פּעקלעך, געפּרייכט און געסאָפּעט ווי א פעטע גאַנז. דאָס פּנים פריש און לויטער, באַ־פאַרבט פון די ערשטע ווינטער פרעסטלעך.

דערזעהן דעם גרינעם קאָזין האָט זי זיך פערשעהמט און זיך גענומען פאַרענ פערען :

— מ'ווערט אזוי „פאַריענטעט״ אז מ'האָט חתונה ! וואָס איינע זאָל ניט געוועזן זיין פאַר דער חתונה... איהר'ט עסען ביי אונז דינער נישט אָפּט פאַרבלאָנדזשעט ביי אונז אין פּאַסייק אַן אינטעליגענטער מענש. מיין חבר'טע און איהר מאַן וועלען דאָ שפּעטער קומען. זי איז זעהר אַן אינטעליגענטע. זי קען, דוכט מיר, גאַנץ קאַרל מאַרקס אויסווענדיג ! און קאַוטסקי'ן האָט זי געלעזען. א פערגעניגען איהר הערען רעדען.

און פעני'ן האָט גענומען פערפאַלגען א געדאַנק, אז דער גרי־נער אינטעליגענטער קאָזין זאָל וויסען איהר יחוס אויך... אז זי איז אויך ניט סתם א אידענע... זי האָט געוואָלט ער זאָל זיך דער־וויסען, אז צוליעב איהר האָט זיך א בחור גענומען דאָס לעבען. אבער אבי ווי אריינפאַלען מיט דעם האָט זי ניט געוואָלט. אך, ווען ער, בעני, האָט שכל !...

גלייכצייטיג האָט איהר פערדראָסען וואס זי האָט ניט גע־וואוסט אז ער דאַרף קומען. גראָד, קאָכט זי היינט א מעהרען־צימעס מיט אַן אָנגעפילט העלזעל און א זופּ פון גרויפּען מיט גרוי־סען באָב. ווען זי ווייסט, גרייט זי צו א בוליאָן, א געבראָטענס.

בעני האָט אזוי גוט געקענט זיין פעני'ן, אז ער האָט תמיד געוואוסט וואס הינטער איהר ווייסען, גלאַטען שטערען קומט פאָר בעת זי טראַכט. און אריינקומענדיג צוריק פון קיך האָט ער ארויס־געפּלאַצט:

— „סעי" ברודער'ל, קאַכט זיך א צימעס מיט א העלזעל אין טאָפּ! זאָג איך דיר, אז צוליעב דעם אליין אפילו איז כדאי צו לעבען אויף דער ניט געראָטענער וועלט!... מיין ווייב האָט נאָך דערוייל קאַרל מאַרקס ניט געלייענט...

בעני האָט זיך אָפּגעזאָגט גאַנץ אומשולדיג. ביים גרינעם אינטעליגענט האָבען די אויגען אויפגעלויכטען, נאָר פעני האָט גע־מאַכט אן אומגליקליכע מינע.

— לאָזט מיר א מינוט ניט פערגעסען וואס געשעהען איז...

— האָט זי געזאָגט מיט א געהיימניספולען זיפץ.

באָרים איז געזעסען אין וויג־שטוהל, געמיטליך געדרויכערט בעני'ס פּאַפּיראָסען און בלויז פון צייט צו צייט אריינגעוואָרפען א קלוג וואָרט. ער איז געווען ענטטוישט. א פרוי איבער וועל־כער א מאַן האָט זיך גענומען, ווי בעני האָט געזאָגט, דאָס איין־און־איינציגע לעבען, האָט באַדאַרפט זיין הויך, שלאַנק, און פאַר'־חלום'ט, און זי, פעני איז גאָר א געזונט, כעט ליטוויש ווייבעל. איהם האָט דאָס פאַרדראָסען. וואָלט זי כאָטש געווען בלאַס און אויסגעצע־צעהרט פונ'ם אומגליק.זי אָבער פאַרקעהרט, לעבט און פיהלט זיך אזוי שטאָלץ און פיהלט טאַקע צוליעב דעם אליין באַרעכטיגט צו א בעסרען לעבען... א קלייניגקייט צוליעב איהר האָט א מענש באַגאַנ־גען זעלבסט־מאָרד...

פעני איז ענדליך אריין אין קיך און באָרים האָט א פרעג גע־טהאָן ביי בעני'ן:

— און ווי אזוי אייגענטליך, האָט עס פּאַסירט?

— אין דריי ווערטער קען איך דיר דערצעהלען א מעשה וואס האָט זיך געצויגען באַלד דריי יאָהר:

— פעני איז געווען א שעהן מיידעל. ער האָט זיך אין איהר

פאַרליעבט. איך בין נאָר געווען אַ באַקאַנטער פון יענע, די „קאַרל מאַקסיכע". דער בחור איז געווען אין פעני'ן פאַרליעבט אי־בער די אויערן. און איך האָט שטענדיג חוזק געמאַכט פון איהם דערפאַר. „געה — האָב איך איהם אַמאָל געזאָגט — און שלאָג פאָר פעני'ן מיט דיר חתונה צו האָבען, און כ'געה מיט דיר אין געוועט, אַז זי וועט דיך נעהמען מיט ביידע הענט." האָט ער מיר געענטפערט: „און אויב זי וועט מיר אָפּזאָגען וועל איך זיך נעה־מען דאָס לעבען". נאַטירליך, ערנסט האָב איך איהם ניט גענו־מען. האָט ער איהר טאָג איין טאָג אוים דערצעהלט מעשה'לעך ווי ליעב ער האָט זי. זאָגען אַ מיידעל מ'האָט זי ליעב איז איין זאַך און איהר פאָרשלאָגען חתונה האָבען — איז עפּעס וואָס אַנ־דערש... פאַלט מיר איין אָבענד אַ משוגענער, אומגליקליכער געדאַנק אין קאָפּ — אין גאַנצען בין איך דעמאָלט אַלט געווען אַ וואָסערע צוויי־און־צוואַנציג יאָהר — אַז איך וועל אין אַ שפּאַס פרעגען פעני'ן צי זי וואָלט מיט מיר חתונה געהאַט, אַזוי גאָר אָהן אַ ליעבעס ערקלעהרונג. פעני איז אין מיר זיכער ניט גע־ווען פאַרליעבט, האָט אודאי געטראַכט פון איהם מעהר ווי פון מיר. אַ גאַנצע כאַפּטע זיינען מיר געווען אונזערע. נעהם איך און רוף אָפּ פעני'ן, כלומר'שט, איך האָב זי וואָס צו פרעגען, און לאַכענדיג האָב איך זי אַ פרעג געטהאָן צו זי וואָלט מיט מיר חתונה געהאַט? זי האָט מיר גלייך אַ זאָג געטהאָן: „און וואָס וועט אַלגאַ דערצו זאָגען?" אַלגאַ איז דאָס די, וואָס האָט געלייענט קאַרל מאַרקס. בקיצור, אַ שעהן מיידעל איז זי דאָך געווען, און די נארישע פראַגע האָט איהר צוגעגעבען אַ נאַאיוועת חן, האָב איך איהר געגעבען אַ קוש, נאָכדעם אַ צווייטען און אַ דריטען און מיר האָבען זיך צו דער קאָמפּאַני אומגעקעהרט. איך האָב זיך באַלד פערגעסען אָן דעם גאַנצען שפּאַס. נאָר פעני האָט דעם גאַנצען אבענד אָנגעקוואָלען און געלויכטען. אויף מאָרגען פריה האָט מיר די גאַנצע געשיכטע שטאַרק פאַרדראָסען, און איך האָב געקלערט, אַז אַזוי שנעל ווי איך וועל איהם אָנטרעפען וועל איך איהם אַלץ דערצעהלען. בלויז די קושען האָב איך גערעכענט צו פערשוויי־

גען, און איהם ראטען אז ער זאָל איהר אויף אַן אמת'ן פאַרשלאָגען מיט איהם חתונה האָבען און אַלץ וועט רעכט ווערען.

— מיר איז צום אומגליק ניט איינגעפאַלען, אז פעני וועט נאָך דעם זעלביגען אָבענד איהם דערצעהלען אז זי איז געוואָרען מיין כלה.

— און אויף מאָרגען פריה, עס איז געווען א זונטאג. איך בין נאָך געלעגען אין בעט, איז אריין א פריינד און מיר אָנגעזאָגט די בייזע בשורה, אז יענער האָט זיך דאָס לעבען גענומען. ווי מיר איז דאמאָלס געווען אויפ'ן הארצען קען איך דיר ניט זאָגען. א היפש ביסעל איז מיר נאָך פארבליבען אויף מיין גאנצען לעבען...

— בקיצור, פעני האָט געוויינט און געוויינט, געהאט היסטעריקע, איך האָב זי געמוזט טרייסטען, און אזוי טרייסטענדיג זי, האָבען מירביידע חתונה געהאט אויף אַן אמת...

אז באָרים האָט איצטער בעטראכט זיין קאָזין בעני'ן, זיין בלייך, אָבגעצערט פנים מיט א טיעף בעהאלטענעם טרויער אין די אויגען, האָט ער שוין איינגעזעהן אז ער טראָגט זיך ארום מיט א וועהטאָג און פיין אין הארצען... ער האָט עפּעס מעהר דרך ארץ פאר איהם געקראגען.

גלייך נאָך מיטאג ווען פעני האָט אריבערגעשפּרייט דעם שעהנעם טישטוך אויפ'ן טיש האָט זי דעם קאָזין דערלאנגט אַן אַלבום צו בלעטערען. ער האָט גוט באטראכט א בילדעל פון א שעהנעם בחור מיט א בלום אין לאַץ און א שרונט אין מיטען קאָפּ. בעני האָט באָרים'ען א וואונק געטאָן, אז דאָס איז ער. פעני האָט עס ניט באמערקט און געזאָגט:

— איהר קוקט אַן דאָס בילדעל? שעהן, הא? א זעלטענער יונגערמאן געווען... ער האָט זיך גענומען דאָס לעבען... לאָז אייך בעני דערצעהלען, איך קען נישט, מחמת מיר פארכאַפּט ביים הארצען... ער איז בעגאנגען זעלבסט מאָרד דעם זעלביגען אבענד וואָס איך בין געווארען א כלה פאר בעני'ן.... — דאָס אַלץ האָט זי געזאָגט זיך ווישענדיג די אויגען מיט א ווייס טיכעלע.

— און מיינט איהר, אז בעני האָט מיך דערפאר ליעבער?

אז איך בין איהם טהייערער דערפאר? איך בין ביי איהם ווי יעד־רע יענטע איז ביי איהר חצקל'ען. נו, יא, איך בין געווען צו יונג און ניט פארשטאנען דעם ווערטה פון אן אמת ליעבענד הארץ...

— טאמער וואלסטו די „ווערטהען" איבערגעלאזען צו דיין חבר'טע די „קארל מאקסיכע"? ווארט ברודער, באלד קומט אן א לעקציע איבער „ווערטהען" און „מעהרווערטהען", און אזוי ווי זי האט עס אין פאסייק ניט וואו אויסצוברייינגען, האט זי איהר „ווערטה טהעאריע" צוגעפאסט צום פארהייראטען לעבען. — האט בעני נערוועז און גיפטיג איהר איבערגעשלאגען די רייד.

עס וואלט אודאי אויסגעבראכען איינע פון די טאג־טעגליכע קריעג־סצענעס ווען דער גלאק וואלט ניט א קלונג געטאן. עס זיינען אנגעקומען אלגא מיט איהר מאן און צוויי קינדער. עס האט ניט לאנג געדויערט. אלגא האט געזעהן אז א אינטעליגענט איז געקומען האט זי געגומען פארברויכען איהר באהאלטענעם אוצר־פון וויסען. און די ווערטער „סאציאלער פאקטאר", „פאליטישע עקאנאמיע", „מעהר ווערטה אין פראדוקציאן", האבען געגומען פאלען ווי די שפענער. אלגא'ס מאן האט געלייענט א צייטונג און שווער געזיפצט. בעני האט שטיל געקריצט מיט די צייהן און געקוקט אויפ'ן גרינעם קאזין. און פעני איז שוין געווען אזוי צוגעוועהנט צו די מאדנע ווערטער, וואס זי האט קיין מאל ניט פארשטאנען, אז זיי האבען שוין איהר געקלונגען אזוי היימיש און שטוביג ווי „דייפער", טאפ און קאך־לעפעל.

אלגא'ס קינדער זיינען שלעפעריג געווארען, האט זיי דער מאן געלייגט שלאפען אין די זאכען. אלגא האט שוין געהאלטען ביי דעם, אז דער „עקאנאמישער פאקטאר" איז דער וויכטיגסטער אין לעבען און אז אלע „פאקטארען דרעהען זיך ארום דעם איין פאקט־טאר". פעני איז געשטאנען א שטאלצע און א צופריעדענע. נאר בעני האט געמאכט א פארשלאג אז אלע דריי מענער זאלען געהען א ביסעל שפאצירען, כדי צו ווייזען דעם גרינעם קאזין פאסייק.

פעני און אלגא זיינען געווארען אויפגעבראכטע. זי האט

„איהרען״ צוגעוואָרפען א בייזען בליק, נאָר בעני האָט איהם א שלעפּ געטאָן און אַלע דריי זיינען אַרונטער, אוןביידע ניט־אָפּ־געשאַצטע ווייבלעך זיינען פאַרבליבען זיך אויסצודערצעהלען די מענערשע עולות און אָראָפּרעדען זיך פונ׳ם הארצען....



# האנאלע.

פארוואָס האָב איך פארלאָזען ניו יאָרק?

אפשר איז דאָס געווען אַ נאַרישקייט. נאָר מיר האָט זיך דער־מאָלט געדוכט, אַז איך האָב געמוזט. און איהר ווייסט ניט, ווי איך האָב זיך געפּלאַגט און געבענקט די עטליכע יאָהר וואָס איך האָב פאַרבראַכט אויסער־האַלב ניו יאָרק! וואָרים, וואָס פאַר אַן אינטער־רעס קען אַזאַ מענש, ווי איך, האָבען פאַר די אַלע פּראָווינץ־שטעדט, וואו ס'איז נישט קיין אידישע סביבה און אַ אידיש לעבען....

נאָר לאָמיך אייך בעסער דערצעהלען, צוליעב וואָס איך בין אוועק:

אַ פּאָר חדשים נאָכדעם ווי איך בין אָנגעקומען אין ניו יאָרק, האָט מיך אַ פריינד רעקאָמענדירט צו די פאַמיליע רובין אַלס לעהרער פאַר די אינגערע קינדער. איך האָב זיי געזאָלט לערנען העברעאיש און אידיש.

דער פאָטער פון דער פאַמיליע, אהרן רובין, איז געווען איינער פון די פּיעלע נאַציאָנאַלע בעל־תשובות, וואָס האָבען זיך פּלוצלונג באוויזען אין ניו יאָרק, ווי שוועמלאַך נאָך אַ רעגען. די מוטער, אַ שטילע, גוטע פרוי, האָט אָנגעקוואָלען פון דאָס ביסעל אידיש־קייט, וואָס האָט זיך אַריינגעריסען אין הויז. פיער דערוואַקסענע טעכטער האָבען זיי געהאַט, אַלע צימליך שעהן און אַלע פיער זיינען שוין געשטאַנען אין שידוכים; איין איינציגען זוהן, מאַקס, אַ יאָהר זעכצעהן, אַ „היי־סקוהל" בחור, און די מוזינקע האַנאַ, אָדער האַנאַלע, ווי טאַטע־מאַמע האָבען זי פארצוויגען.

האנאַ איז געווען פיערצעהן יאָהר אַלט, מיט אַ פיין קעפּעל

קאַשטאַן־געקרויזטע האָר מיט גאָלדענע בריגעס, אַ מאַטע הויט־פאַרב, ווי געגילדטע בראָנז, בלויע אויגען מיט גלאַנציג־זיידענע ברעמען. און מחמת דאָס פּנים'על איז געווען אַ טונקעלס, האָבען די אויגען שטענדיג אָפּגעשטראַהלט אין אַ רייכע בלוי. האַנאַ איז געווען די שעהנסטע אין הויז.

מאַקס און האַנאַ זיינען געווען מיינע צוויי תּלמידים. די עלטע־רע טעכטער האָבען זיך קיין אידיש ניט געוואָלט לערנען. אָבער אַלע האָבען זיך מיט מיר שטאַרק באַפריינדעט. איך פלעג זיי לערנען יעדען טאָג און בין געוואָרען אַ הויז־מענש.

און איך ווייס נישט ווי אַזוי ס'איז געקומען, אַז בעת מיר פלעגען, אין די אָבענדען, אַלע זיצען אַרום טיש, עסען, טרינקען טהעע, אָדער גלאַט שמועסען, פלעגט האַנאַלע אַרויפקריכען ביי מיר אויפ'ן שויס, זיך איינטוליענען און זיצען. דער פאָטער, די מוטער, די שוועסטער און אָפּט פרעמדע פלעגען אַלע זיצען אַרום טיש, קיינער האָט אַ וואָרט נישט געזאָגט. און זי האָט עס געטאָן אַזוי עכט־קינדעריש, אַז מ'האָט טאַקע גאָר נישט גענדאַרפט זאָגען. איך פלעג איהר גלעטען דאָס שעהנע קעפּעל, אַמאָל אַ קוש טאָן אַזוי, ווי מ'קושט אַ קינד. איך בין שוין דעמאָלט אַלט געווען אַכט־און־צוואַנציג יאָהר, פאַרשטעהט איהר דאָך, אַז איך האָב זי געצערטעלט אַזוי, ווי מ'צערטעלט אַ קליין קינד. דאָס פלעגט פאָרקומען כמעט אָבענד איין און אָבענד אויס. אַמאָל נאָר פלעגט די מוטער אַ זאָג טאָן: „געה, קינד מיינס, אַרונטער פון זיין שויס". לאָז איהם טרינקען אַ גלאָז טעע". אָדער אַמאָל פלעגט דער פאָטער שפּאַס מאַכען און זאָגען: „האַנאַלע, פאַרוואָס לאָזטו נישט אַ ווײַלע די שוועסטער דיינע זיך זעצען ביי איהם אויפ'ן שויס". די מיידלאַך פלעגען רויט ווערען, זיך שושקען און אַרויס־פּלאַצען מיט אַ געלעכטער. און אהרן רובין, וועלכער איז געווען אַ פאַרמעגליכער געשעפטס־מאַן און אַ פרעהליכער, האָט שטענ־דיג ליעב געהאַט שפּאַס צו טרייבען און פלעגט שטאַרק הנאה האָבען, אַז מ'האָט געלאַכט פון זיינעם אַ וויץ — פלעגט צועגע־בען: „געה אַרונטער, האַנעלע, און לאָז זיך מאַקס'ען אַ ווײַלע

צוזעצען ביי איהם אויפ'ן שויס, ער איז דאָך זיין רבי אויך".
דאַן פלעגט אויסברעכען אַ געלעכטער, אַ קוויטשעריי פון די פיער
מיידלאַך. מאַקס פלעגט לאַכען, די מאַמע האָט געלאַכט, איך האָב
געלאַכט, און האַנאַלע פלעגט לאַכענדיג זאָגען: „איך בין דאָך
די מוזינקע". און מ'פלעגט ווידער לאַכען, ביז מיר פלעגען ווידער
פאַרקריכען אין ערנסטע שמועסען.

אָפט פלעגט טרעפען, אַז האַנאַלע פלעגט אַזוי איינשלאָפען
ביי מיר אויפ'ן שויס, און דער פאָטער פלעגט זי אַרונטערנעהמען
פון מיינע הענד און אַריינטראָגען צו זיך אין צימער, זי לעגען
שלאָפען.

און האַנאַלע האָט זיך זעהר פלייסיג געלערענט. מאַקס'ן
איז ווענינ-וואָס העברעאיש און אידיש אין קאָפּ געגאַנגען, און
ווען נאָר ער האָט געקענט אויסלאָזען אַ לעקציע, איז ער געווען
צופריעדען, איז מיר אויסגעקומען גאַנץ אָפט האַנאַלע'ן אַליין
צו לערנען. בעת לערנען זיך, איז דאָס קינד געזעסען זעהר
אַרטיג און פלייסיג, און מיר האָט עס הנאה געטאָן. אָבער נאָך
דער שטונדע, איז זי מיר אויפ'ן האַלז געהאַנגען און פלעגט מיר
פון די הענט נישט אַרונטערגעהן. איך האָב דערפיהלט, אַז
האַנאַלע איז נישט אַ פיערצעהן-יעהריג קינד, נאָר אַ פיערצעהן-
יעהריגע פרוי ... איך בין געוואָרען אומרוהיג און נישט געוואוסט
וואָס צו טאָן...

אַז איך דערמאָן מיר איצטער, נאָך די זיבען יאָהר, ווי האַנאַלע
פלעגט קוקען אויף מיר. נאָר אַצינד... איז אַנדערש. היינט
דאַרף זי שוין זיין 21 יאָהר אַ מיידעל, און מיר וועט גוט אויפ'ן
האַרצען דערפון, נאָר דעמאָלט וואָלט איך געטאָן אַלץ אין דער
וועלט די בליקען פון זיך אָפּצואוועגדען. אַזוי פיעל פרויען-באַגעהר,
און אַזוי פיעל פרויען-גלוטה איז געווען אין איהרע קינדערש-
בלויע אויגען! אַנטציקט איז איהר בליק געווען, אַזוי ווי זי
וואָלט אויף מיר וואונדער איבער וואונדער געזעהן.

און איינמאָל האָט פאַסירט: אַן אָבענד וואָס איך האָב
ביי זיי פאַרבראַכט, האָט שטאַרק גערעגענט דרויסען, און אַזוי ווי

מאקס און איינע פון די פיער שוועסטער, מיט וועלכע האנאַלע פלעגט שלאָפען, זיינען אוועקגעפאָהרען צו־גאסט אין פילאַדעל־פיא, זיינען מר. רובין און זיין פרוי צוגעשטאַנען צו מיר, איך זאָל דאָרט בלייבען נעכטיגען. מאקס׳עס צימער איז געווען אינגאַנצען לעדיג.

די גאַנצע פאַמיליע איז איינגעשלאָפען, איך בין נאָך געלעגען וואַך און געלייענט אַ בוך ביז שפּעט אין דער נאַכט. ווען איך בין שלעפעריג געוואָרען האָב איך פאַרדרעהט דעם גאַז און אויך איינגעשלאָפען. איך האָב נישט געוואוסט ווי לאַנג איך בין געשלאָפען, ווען פּלוצים אין שלאָף האָב איך דערפיהלט עפּעס אַ שווערילכע משא דריקט מיר אויף מיינע שפּיץ פיס. אַז איך האָב אויפגעעפענט מיינע אויגען, האָב איך דערזעהן ווי האנאַלע ליגט אויף די קניה מיר צופוסענס. דרויסען איז שוין געווען אויסגעלייטערט. אַ קלאָרע לבנה האָט אריינגעשיינט און ביי די לבנה־שטראַהלען האָב איך אַלץ געקענט זעהן. זי איז געווען אין ווייסען נאַכט־העמד אָנגעטאָן; די באָרוויסע פיסלאך האָבען אפיר געשטעקט פון אונטער׳ן העמד; אונטער די קניה האָט זי געהאַט אונטערגעבעט אַ רויט זיידען קאַנאַפּע־קישעלע. זי איז געלעגען שטיל און אומבאַוועגליך און אַז איך האָב ניט געוואוסט צי זי איז געשלאָפען אָדער געלעגען וואַך. איך האָב גאָר נישט געוואוסט וואָס צו טאָן; וועקען זי האָב איך מורא געהאַט, טאָמער איז געווען איהר כונה אַז איך זאָל דערפון גאָר נישט וויסען.

לאַנגזאַם, גאַנץ לאַנגזאַם, האָב איך באַפרייט מיינע שפּיץ פיס פון אונטער איהר קעפּעל און בין אַרויסגעשפּרונגען פון בעט. איך האָב זיך עטוואָס אָנגעקליידט. איך בין געבליבען אַזוי גע־ריהרט פון דעם בילד: האנאַלע ליגענדיג אויף די קניה, אַ נאַקעטע, מיר צופוסענס בעט, אין גאַנצען פון לבנה־שיין באַלויכטען, און עס האָט מיך אַראָפּגעצויגען אַנידער צו קניהען נעבען דאָס שעהן קינד און גאָט בעטען ער זאָל זי פון אַל־דאָס בייז פאַרהיטען.

איין זאַך נאָר איז מיר געבליבען צו טאָן: זי אויפהויבען פונ׳ם דיל און זי אוועקלעגען ביי זיך אין בעטל און לאָזען

שלאָפען. זי האָט אָבער מיט איהרע הענטלאך ארומגעפלאָכטען מיין האלז, און מיט א קינדער קאפּריז זיך נישט געלאָזען אוועק־לעגען אינ׳ם בעטעל, סיידען איך זאָל זיך אויך לעגען. איך האָב זיך געלעגט און גאַנץ שטיל אָבער מיט א בייזליכען קול געזאָגט:

— ליג שטיל, האנאלע! ליג גאַנץ רוהיג. איך וועל דיר איינשלעפערען.

זי האָט אַלץ געהאַלטען מיך ארומגענומען ארום האלז, און ווי א קינדער־געבעט געפּליסטערט:

— אני אוהבת אותך, „ענד אי לאָוו יו וועריִ מאָטש", און איך האָב אייך ליעב!

איך האָב איהר א וואָרט נישט געענטפערט און זי געקלאפּט איבער׳ן פּלייצקע, ווי מען קלאפּט א קליין קינד בעת מען וויל עס איינשלעפערען.

ווען ס׳האָט אָנגעהויבען צו גרויען, איז זי ענדליך איינגע־שלאָפען. איך האָב אָפּגעוויקעלט איהרע הענטלאך פון מיין האלז, זי איין רגע׳לע גוט באטראכט און בין ארויס פון צימער.

אויף מאָרגען האָב איך אָהן א וואָרט צו זאָגען פארלאָזען ניו יאָרק. איך האָב בלויז דעם פאָטער געשריבען, אז מ׳האָט מיך ארויסגערופען אויף א גוטער שטעלע אין די וועסט, און איך פאָהר אָפּ.

און צו זיין אויפריכטיג און עהרליך, מוז איך אייך זאָגען, אז אין די עטליכע יאָהר וואָס איך בין געוועזען אוועק פון ניו יאָרק, האָב איך קיין איינציגען טאָג אָן האנאלע׳ן ניט פארגעסען; און איך וועל זי נישט פארגעסען...

ברוטאַל בין איך געוועזען? זיכער. וואָס אָבער האָב איך געקענט טאָן אין אזא פאַל? איך האָב זי אויך אָנגעהויבען אזוי וואונדערליך, אזוי ליידענשאפטליך ליעב צו האָבען.

און היינט קעהר איך מיר אום פון מיין גלות, פול מיט האָפנונג און הארץ־קלאפּען, האנאלע׳ן ווידער אמאָל צו זעהן; צו זעהן זי צו איין־און־צוואנציג יאָהר!... פארהייראט איז זי נאָך ניט. פון צייט־צו־צייט האָב איך פון פאָטער א בריוועל באַ־

קומען. געוועהנליך, יעדעס מאָל ווען ער האָט אַ טאָכטער אויס־געגעבען און ווען אַן אייניקעל איז איהם געבאָרען געוואָרען.

ווי האַנאַלע וועט מיך איצט אויפנעהמען ווייס איך ניט. איך אָבער פאָהר קיין ניו יאָרק צו מיין געוועזענע תלמידה האַנאַלע.



# שאליטא.

דאָס ערשטע מאָל האָב איך זי געזעהן אין פאלעסטינא, זייענדיג א סטודענט אין דער בצלאל שולע. כמעט אין יעדער קאָלאָניע איז זי געוועזען. מיר האָבען זיך ווידער געטראָפען אין עגיפּטען, אין פּאריז און איצט אין ניו יאָרק. מיינער א פריינד האָט זי באגעגענט אין ארגענטינא; עטליכע פון מיינע באקאנטע שריפטשטעלער, קענען זי פון ווארשוי, ווילנא, וויען און אנדערע גרויסע שטעדט.

אין יעדע שטאָדט וואו זי איז געוועזען האָט מען פון איהר א סך גערעדט. פרויען, פלעגען אָנפאנג צו איהר זיך טוליען, און שפּעטער פלעגען זיי פון איהר וויכען; מענער האָבען זיך פארליעבט. זי האָט געהאט איהרע „אוואנטורען" און איז וויטער געפאָהרען, אָהן אימיצען א „זייט געזונד" צו זאָגען.

צו זי הייסט באמת שאליטא, ווייס איך נישט. קיינער ווייס נישט איהר פאמיליען־נאָמען. ווען מענשען ווערען צו דרינגליך, דערצעהלט זי זיי אזעלכע וואונדערבארע ליגענס, אז ביי געוועהנליכע פיינע, בעל הבית'ישע לייט מוזען זיך שטעלען די האָר קאפויער.

זי איז שעהן, אָבער נישט לויט דעם אייראָפּעאישען באגריף פון שעהנקייט: זי איז טונקעל, די קינבאקען עטוואָס צו פּראָמינענט, די ליפּען פול, זינליך און פון שטארקע קאראלען פארב; זי איז קוים מיטעלען וואוקס, אביסעל צו פעט, אָבער די גליעדער זיינען אָפּגערונדעט און די הענט און פיס קליין; מחמת די הויט־פארב איז ביי איהר אזא מאטע, באווייזען זיך די צייהן און די אויגען־ווייסען אם קענטיגסטען.

זי רעדט העברעאיש, אראביש און כמעט אַלע וועלט־שפּראַ־כען פליסיג און מיט אַ שעהנעם קלאַנג. זי איז שטענדיג אָרים אָנגעטאָן, אָבער מיט אָריענטאַלישער בונטקייט: זי טראָגט קיי־לעכדיגע גאָלדענע אוירינגלאך, מאנכע ציערונג אין זילבער און גאָלד אין פּרימיטיווען איטאַליענישען און שפּאַנישען סטיל. זי רויכערט אונגעהייער פיעל, קען אַ סך וויין טרינקען ווען זי קריגט. און שאַליטאַ קריגט שטענדיג אַ סך וויין צו טרינקען...

מיך אינטערעסירט נישט איהר פּעדיגרי. זי איז אַ גוטער קאָמפּאַניאָן צו נעכטיגען אונטער'ן פרייען הימעל. קען רויכע־רען אַנשטאָט עסען... וועט זיך טיילען מיט דאָס לעצטע ביסעל טאַבאַק מיט אימיצען און קען אויך איבערגעוואַלד צונעהמען דעם לעצטען פּאַפּיראָס. איינמאָל, ווען איך האָב איהר נישט גע־וואָלט אָוועקגעבען דעם לעצטען פּאַפּיראָס, ווען איך האָב נאָך געהאַלטען דעם אַנדערען אין רויכערען, האָט זי מיר דערלאַנגט אַ שטאַרקען זעץ אין נאָז און צוגענומען. איך בין געווען אומ־גערעכט און זי איבערגעבעטען, האָט זי זיך גאַנץ גוטמוטהיג צו־לאַכט. זי האָט שטענדיג אונז באַזאָרגט מיט טאַבאַק און עסען. וואו זי האָט עס גענקראָגען איז געווען אַ סוד... זי האָט אַמאָל גוט אָנגעבראָכען די ביינער אַ סענטימענטאַל פאַרליעבטען איני־געל, וועלכער איז געווען אַ פאַרשקלאַווטער אידעאַליסט צו „אמת און עהרליכקייט", דערפאַר וואָס ער האָט געוואַגט איהר נאָכצו־שפּיאָנירען אום אויסצוגעפינען וואוהין זי ווערט אָפטמאָל נעלם אויף עטליכע טעג.

וואָס איך וויל דאָ דערצעהלען איז פון אונזער באַגעגעניש אין ניו יאָרק. איך וועל זי געווים נישט אידעאַליזירען און נישט קריטיקירען, בלויז דערצעהלען:

מיר האָבען זיך דאָ באַגעגענט ווי אַלטע, גוטע פריינד. איין מאָל אויף אַ ליטעראַרישען אבענד, איך קוק מיך אום, שאַליטאַ איז דאָ! ווי פון הימעל אַראָפּגעפאַלען. זי האָט מיך באַגעג־נעט ווי זי וואָלט מיך נעכטען אויך געזעהן; גאָר אָהן התפּעלות. שאַליטאַ מאַכט אויף אַלעמען דעם איינדרוק פון אַ קאַלטע, אונ־

באוועגליכע באשעפענים: זי איז פויל, געמיטליך און קען שעה׳ן לאנג זיצען אויף אן אָרט און רויכערן. אָבער פּלוצלונג גיט זי זיך א הויב מיט דעם אימפּעט און אימפּולס פון א טיגער, ווען אפילו פון איין שטול אויף דעם אנדערען זיך איבערצוזעצען.

די אנוועזענדע פון דעם אבענד זיינען געווען: שריפט־שטעלער, מאהלער, כלל־טוער און די, וועלכע עס באוועגען זיך ארום זיי. עטליכע ראדיקאלען, א פּאָר אלטע אינטעליגענטען און א פּאָר מעצענאטען.

שאליטא האָט געמאכט א „היט״. זי האָט געזונגען נייע העברעאישע ליעדער, אראבישע פאָלקס־ליעדלאך, און איהר קער־פּער האָט קוים באמערקבאר, ריטמיש מיטגעטאנצט.

דער פאבריקאנט ראָזענבלום מיט זיין פרוי זיינען געווען אנוועזענד. די מאדאם ראָזענבלום איז א בלאסע, דארע פרוי, מיט א זעהר הויכען, דינעם האלז און גרוי איינטאָניגע אויגען, אָבער מיט זעהר צנועות׳דיגען אויסזעהן. ער, ראָזענבלום, איז א געזונטער פול־בלוטיגער מענש, ראַדיקאל, אינטעליגענט און מיט מעצענאטישע אינסטינקטען, וואָס זי, זיין פרוי, איז עס נישט געווען... ער פלעגט שטיל, אין געהיים, חלום׳ען פון שעהנע, גע־זונטע פרויען, אָרגיעס און פרעהליכקייטען.

אז ער האָט דעם אבענד דערזעהן שאליטאן, האָט ער זיך גלייך אין איהר פארליעבט. די קינסטלער האָבען איהר אויפ־מערקזאמקייט אויף זיך געצויגען: ווער מיט לייענען שטימונג־ליעדער און ווער מיט הויכע געשפּרעכען איבער קונסט בכלל. ראָזענבלום האָט באשטעלט וויין און וויין מיט זעהר א פרייער האנד... שאליטא האָט באלד צוזאמענגענומען די אינגלאך און מיידלאך און געזעהן אז ער זאָל באשטעלען אזוי פיעל וויין, אז ס׳זאָל קלעקען פאר דאָס גאנצע קינסטלער־געזינדעל זיך פרעהליך אנצוטרינקען.

ראָזענבלום האָט שטענדיג געהאט ערפאָלג מיט פרויען: ער איז שעהן, א ספּאָרט, און זיין ווייב׳ס גאנצע סוויטע חבר׳טעם

זיינען געוועזן אין איהם פאַרליעבט. דאָס האָט איהם מוט גע־געבען זיך צו ווענדען באַרוישטערהייט צו שאַליטאַ׳ן:

— שאַליטאַ, מיין שעהנע ציגיינערין! ווילט איהר מיט־פאָהרען מיט מיר אויף עטליכע טעג אין מיין אַטאָמאָביל. איך וועל נעהמען „וואַקיישאָן״.

שאַליטאַ האָט איהם אָפּגעמאָסטען מיט די אויגען און גע־ענטפערט:

— יאָ, אויב איהר וועט האָבען די בעסטע פּאַפּיראָסען און אַ סך, אַ סך שטאַרקען וויין צום טרינקען, וועל איך פאָהרען.

— ווען?

—אין אַ פּאָר טעג אַרום.

ער האָט פּלוצלונג דערזעהן זיין ווייב׳ס ווייסען בליק און איז געבליבען שטיל.

שאַליטאַ האָט זיך פּלוצלונג אויפגעהויבען, אויף איהר גע־וועהנליכען שטייגער זיך איבערגעזעצט נעבען מיר און אָנגעהויבען אין אַ גאַנץ אָפענהערציגען און פאַרטרוילינען טאָן צו ריידען.

— נו, ווי לעבט זיך אייך אין ניו יאָרק? אַרבייט איהר צו בּיסלאַך?

— מיר געהט דאָ גאַנץ גוט. ווען איך האָב נאָר אַ פופציגער צו קויפען ראַהמען פאַר מיינע בילדער, וואָלט איך, גאַנץ מעגליך, געקאָנט האָבען אַן אויסשטעלונג...

— ווען איך האָב אַ פופציגער — האָט מיט באַגייסטערונג אויסגעשריען דער דיכטער ל... — וואָלט איך אַרויסגעגעבען אַ שעהן בוך מיט ליעדער, כאָטש איך דאַרף נויטיג האָבען אַ „וואַ־רעמע קאַפּאָטע״ און שיך...

— און טאַבאַק פאַר דער ליולקע איז שטענדיג דאָ? — האָט מיך שאַליטאַ געפרעגט אַזוי געהיימניספול און פאַרטרויליך.

— קאַפּע־מענשען קריגען שטענדיג צו רויכערען — האָב איך איהר געענטפערט.

מעהר האָבען מיר וועגען דעם נישט גערעדט. עטליכע טעג

נאָכאַנאַנד האָב איך זי געזעהן יעדען טאָג אין קאַפעע, און פּלוצ־לונג איז זי נעלם געוואָרען.

אין אַן אבענד אין שפּעטען הערבסט, איך בין געזעסען מיט ל... אין מיין סטודיאָ. דרויסען האָט גערעגענט און אונז האָט זיך נישט געוואָלט געהן אין קאַפעע. ערשט מיר האָבען דער־הערט אַ פּלוצלונגען קלאַפּ אין דער טיר און צוגלייכער צייט איז אריין שאַליטאַ, בארעגענט און מיעד, זי האָט אראָפּגעטריבען ל... פון דעם זאָפאַ און זיך אוועקגעלייגט.

אין אַ פּאָר מינוטען אַרום האָט זי אַרויסגענומען פון בוזים אַ פּאַק מיט געלד, און פויל געזאָגט:

— איך האָב ביי זיך הונדערט און פינף־און־צוואַנציג דאָ־לאַר. — דאַן האָט זי מיר אַ וואָרף געטאָן פופציג, אזוי ווי מ׳וואַרפט צו אַ הונגעריגער קאַטץ עפּיס עסען, און דאַסגלייכען דעם דיכ־טער ל., כאָטש זי האָט איהם בלויז געזעהן אַ פּאָר מאָל, און זיך האָט זי געלאָזען פינף־און־צוואַנציג דאָלאַר.

— איהר, — האָט זי זיך צו מיר געווענדט, — מוזט זעהן צו קויפען ראַהמען פאַר די בילדער און האָבען אַן אויסשטעלונג. און אייערע ליעדער ווערען נישט אַנטלויפען, קויפט זיך אַ מאַנ־טעל און שיך — האָט זי אַ זאָג געטאָן צו ל.

מיין פריינד, דער דיכטער, איז געווען אומפאָרזיכטיג גע־נוג אַ פרעג צו טאָן:

— וואו האָט איהר גענומען אזוי פיעל געלד?

די ווייסלאַך פון די אויגען און די ווייסע צייהן האָבען אַ בלישטש געטאָן אויף איהר טונקעלען פּנים און זי האָט געמאַכט אַ באַוועגונג פון קאַנאַפּע זיך אויפצוהויבען. איך בין פּאַרצוי־טערט געוואָרען. איך האָב געמיינט, אַז זי געהט איהם שלאָגען. ל. איז אַ שוואַך אינגעל מיט אַן איינגעפאַלענעם ברוסט־קאַסטען, און זי, שאַליטאַ, איז שטאַרק ווי אַ מויער.

זי האָט דערזעהן מיין שרעק, זיך צולאַכט און געזאָגט:

— אָה, איך וועל אייך דערצעהלען. אין די פּאָר טעג וואָס איך בין דאָ נישט געוועזען, האָב איך אַרומגעוואַנדערט איבער

וויסטע פעלדער און וועלדער. אויף א זאַמדיגען, שטיינערדיגען וועג איז געזעסען אַן אַלטער, העסליכער מכשף. אז ער האָט מיך דערזעהן, האָט ער זיך צושמייכעלט. צוויי גרויסע צייהן האָט ער געהאַט אין זיין מויל, און פון די רויטליכע אויגען האָבען איהם געטרערט טרערען־טראָפּענס. „דו שעהנע מיידעל, קום און נעהם מיך אַרום און קוש מיך", האָט ער מיר צוגערופען. ניין, דו אַלטער מכשף, שאַליטאַ קושט נאָר די, וועלכע זיינען יונג און שעהן און שטאַרק, האָב איך איהם געזאָגט. „פון דיינע קושען וועל איך ווערען שעהן און יונג און שטאַרק, שאַליטאַ". ניין, דו אַלטער מכשף, איך וועל דיך נישט קושען, — האָב איך זיך מיט איהם געררייצט. „איך קען געבען א קלאַפּ מיט מיין שטעקען אין דעם גרויסען שטיין און עס וועט זיך א שאָט טאָן דימאַנטען, ברילּיאַנטען און אַמעריקאַנער דאָלאַרס", האָט ער מיר געזאָגט מיט א קייכענדען געלעכטער. — וויל איך עס זעהן מיט מיינע אויגען, דו אַלטער מכשף! — אזוי האָט ער געטאָן. איך האָב א נעהם געטאָן די הונדערט און פינף־און־צוואַנציג דאָלאַר און בין מיר אַוועק...

שאַליטאַ האָט פּלוצלונג א וואָרף געטאָן דעם סיגאַרעט וואָס זי האָט געררויכערט. זי האָט אַליין איינגעשלעפערט אויסקלערענ־דיג דאָס מעשה'לע, זיך אומגעקעהרט צום וואַנט און איינגעשלאָפען.

* * *

ווען דאָס געלד איז אויסגעגעבען געוואָרען, זאָגט זי צו מיר מיט א קלינגעדיגען געלעכטער:

— איך בין געוועזען אַוועקגעפאָהרען מיט ראָזענבלום'ען. מיר זיינען אריין אין א האָטעל נעכטיגען. מיר האָבען שרעקליך פיעל וויין געטרונקען, געררויכערט און געגעסען. ער איז איינגעשלאָפען און איך האָב איבערגעצעהלט דאָס געלד אין זיין קעשענע. אויף מאָרגען האָב איך אָכטונג געגעבען ער זאָל נישט פיעל אויסגעע־בען. אין דער פריה האָב איך איהם געלאָזען שלאָפען און גיך אַרויס אויף א שפּאַציער. די צווייטע נאַכט איז אויך אזוי גע־גאַנגען: אין דער פריה האָב איך גענומען דאָס געלד, איהם

איבערלאָזענדיג געגוג אהיים צו פאָהרען, און בין ווידער ארויס אויף א שפּאציער און בין נישט צוריקגעקומען...

— דאָס קלינגט כמעט ווי אן אמת — האָב איך איהר גע־זאָגט.

שאליטאַ האָט זיך באליידיגט און געענטפערט:

— שאליטאַ זאָגט נאָר ליגענס, ווען מ׳פרעגט זי וואָס....

— און קיין אונאנגענעהמליכקייטען וועט איהר נישט האָבען?

— אָה, ער איז א דזשענטעלמאן און א קלוגער יונג! ווען ער האָט נישט אזוי פיעל געלד וואָלט ער געווען א וואונדערליכער מענש. איהר וועט זעהן מיט וואָס פאר א העפליכקייט איך וועל צוגעהן איהם באגריסען, ווען איך וועל איהם באגעגענען אין קאפּעע.

# די עלטסטע טאָכטער.

א גאַנצען טאָג איז אין שטוב געווען שטיל. די פיער טעכ־טער און דער מוזיניק, סעמי, זיינען געווען ביי דער ארבייט. דער אַלטער האָט געמאַכט דעם אויוועז, די מאַמע האָט צוגעשטעלט דעם סאַפּער, און ווען זי איז פאַרטיג געוואָרען האָט זי זיך געזעצט אין איהר שטוהל אויף קישענס און מיט׳ן פוס־ביינקעל.

סיידען איהר האָט זיך פאַרוואָלט גריזשען דעם אַלטען, פאַרוואָס ער פאַרזאָרגט נישט די טעכטער מיט חתנים. — וואָלט זי געווען א געזונטע, אָהן רומאַטעס אין די פיס און געקענט קומען צווישען מענשען, וואָלט מען איהרע טעכטער צוצוקערט. וואָרים, א סך אַזוינע מיידלאַך זיינען פאַראַן אין אמעריקא ? איז זי אָבער א געשטראָפטע מיט אַזוינע חלאת׳ען, וואָס די היגע דאָקטוירים פאַרשטעהען נישט.

און אין אבענד, אז עס האָבען זיך געגעבען א לאָז אריין די פיער טעכטער און דער צובאַלעוועטער מוזיניק, האָט די מאַמע גע־שרייען : אז דער גיהנום האָט זיך צועפּענט !...

עטליכע יאָהר האָבען אַלע דריי שוועסטער געוואַרט אויף חנה׳ן, די עלטסטע. זאָל זי אַפריהער חתונה האָבען, האָבען זיי זיך געטראַכט : ס׳איז נישט שעהן פאַר לייטען צו כאַפּען פריהער... אָבער אז זיי האָבען געזעהן אז ס׳נעהמט קיין סוף נישט, האָבען זיי אָנגעהויבען טראַכטען פאַר זיך. וואָרים, יעדע באַזונדער האָט זיך געוואָלט ארויסרייסען פון דער ענגשאַפט ; פון דער קרענק־ליכער, וואַרטשענדיגער מאַמען און דעם נאַרישעוואַטען טאַטען.

פאַר אַלע דריי מיידלאַך איז שוין געווען צייט חתונה צו

האָבען; און חנה, די עלטסטע, איז שוין געווען אריבער דער צייט. די אינגסטע, עוועלין, האָט שוין געהאַט אַ בחור, אָבער איהם ברייני־גען אין הויז אריין האָט זי נישט געוואַגט. די מאַמע וואָלט זיך און איהר דאָס לעבען אויפגעפרעסען.

צווישען דער עלטסטער טאָכטער און דער מאַמען איז קיין גוט לעבען נישט געווען. די מוטער איז געווען אַ קרעכצענדיגע, כסדר גענויאַנטשעט איהרע חלאַת׳ען און געמאַנט ביי די טעכטער איהר געזונט וואָס זי האָט צוליעב זיי אַנגעוואָרען; און חנה, אַ שווייגענדיגע, אַ פאַרביסענע און מיט פאַרקריצטע צייהן קעג־גען אַלע וואָס האָט מיט איהר געטראָפען. זי איז געווען רויטליך־בלאָנד, אויסגעזעהן נישט יונג און נישט אַלט, ווי אַ פּרי סוף זומער, וואָס האָט פאַרפעהלט רייף צו ווערען אונטער דער זון.

און פּלוצים האָט זיך אין שטוב געיאַוועט אַ בחור. ער איז געקומען זעהן פרידע׳ן; די צווייטע פון דער אינגסטער. אין שטוב האָט זיך געטאָן אַ חורבן! האָט אָבער פרידע באַוויזען זיין באַנק־ביכעל, און זיי אריבערגעשריען, אַז ס׳איז אַ גליק פאַר איהר און פאַר זיי. האָבען טאַטע־מאַמע איינגעווילינט און פרידע איז געוואָרען אַ כלה. און נאָכדעם האָט שוין עוועלין געבראַכט איהר בחור׳ל אין הויז. אַ יונג, בלוט און מילך, מיט נאַר וואָס פאַר־לאָזענע וואָנסלאַך.ביידע האָבען זיך אָנגענומען מיט מוט און אויסגעזאָגט, אַז זיי זיינען חתן־כלה. אויף עוועלינס אַ וואונק, האָט ער אריינגעפיהרט אין הויז זיינעם אַ גרינעם שוועסטער־קינד, און איינס צוויי איז געוואָרען אַ שידוך צווישען איהם און עטלען, די צווייטע נאָך חנה׳ן.

און פאַר חנה׳ן האָט זיך אָנגעהויבען שלעכטע טעג, ווען אַלע דריי זיינען מיט אַמאָל כלות געוואָרען. ס׳איז איהר גע־וואָרען ענג דאָס הויז. אין די אבענדען, אָדער שבת און זונטאָג, האָט זי פראַסט נישט געהאַט וואו זיך אַהינצוטאָן. איז זי אריין אין זייער שלאָף־צימער, האָט זי געטראָפען פרידען ליגענדיג אויפ׳ן בעט, דער חתן דער ביי, זיצענדיג און גלעטענדיג איהר דעם קאָפּ. איז זי אריין אין „פראָנטרום", האָט עוועלין געצימבעלט אויף דער

פיאַנאָ און געלערענט איהר בחור'ל טאַנצען. אין קיך איז געזעסען טעפל מיט'ן „גרינעם" געטרונקען טהעע מיט וואַרעניע און זיך געקושט אויף וואָס די וועלט שטעהט. און וואו זי איז אַריין, האָט מען איהר צוגעוואָרפען אַן אומצופריעדענעם בליק, וואָס האָט געמיינט „ווי פארשטעהסטו נישט אַליין, אַז איך זיץ מיט מיין חתן דאַרפסטו נישט אַריינגעהן אַהער".

נאָר ערגער פון אַלץ, איז געווען אָנצוקוקען דער מאַמען. מיט גרויע, ביסטרע אויגען פון אַ געל־קראַנקליך פּנים ארוים האָט זי, זי אָנגעקוקט מיט בליקען וואָס האָבען גערעדט מיט גאַל: נישט געוואָלט פאָלגען אַ מאַמען? אין די יונגע יאָהרען איז איהר קיינער נישט אָנגעשטאַנען! נאָר געוואָלט קוקען צו הויך... אביסעל נידריגער נישט געוואָלט זיך אַרונטערלאָזען... און געבליבען אַ פאַר־זעסען, פאַרעלטערט מיידעל....

קיין חברה'טעס האָט חנה שוין אויך נישט געהאַט, אַלע שוין פון לאַנג חתונה געהאַט און אָן איהר פאַרגעסען. פאַר די שכנים האָט זי זיך געשעהמט. איז איהר נאָר געבליבען אַרויסצוגעהן אין דרויסען, זיך אַוועקזעצען אַליין אויפ'ן בריקעל און וואַרטען ביז די חתנים האָבען זיך דערמאָנט אַהיים צו געהן.

איז חנה געבליבען איין האָפענונג: זיי דריי וועלען חתונה האָבען וועט זי האָבען אַן אָרט אין דער היים...

און ס'איז געווען איין חתונה נאָך דער אַנדערער. און אין פאַרלויף פון קנאַפּע צוויי יאָהר איז איהר וואונש מקוים געוואָרען. די דריי שוועסטער זיינען זיך צופלויגען אין זייערע אייגענע נעס־טען.

האָט מען גענומען אַ קלענערע וואוינונג. די אַלטע טאַטע־מאַמע, חנה און דער מוזיניק. ער איז שוין אויך געוואָרען אַ צוואַנציג יאָהריגער בחור. געאַרבייט און אָפּגעגעבען חנה'ן די „פּיי". חנה איז איהם געווען די מאַמע... אויף אַלץ איז געווען חנה. חנה, ווי געפעלט דיר מיין נייער „סוט", חנה ווי „גלייכסטו" מיין היטעל, און חנה, גיב מיר דאָס אָדער יענעס. אויף דער מאַמען האָט ער געקוקט ווי אויף אַן אַלטער באָבען וואָס דאַרף

זיין אין שטוב און זיפצען, און זיך און אַלעמען אויפעסען לעבע־דיגערהייט.

די קרענקליכע, אַלטע מאַמע האָט דאָס שטאַרק פאַרדראָסען. סטייטש, איהר מוזיניק, דער איין־איינציגער זוהן, קומט גאָר צו איהר נישט אָן. וואָס ער דאַרף, ווענדט ער זיך צו איהר, צו חנה'ן... דער מאַמען זאָגט מען גאָר נישט און מ'פרעגט גאָר נישט... גלייך ווי זי וואָלט גאָר אויף דער וועלט נישט געווען... אַפילו דאָס איינציגע, דאָס הייליגסטע ביי אַן אַלטער מאַמען, דער־לאַנגען דעם זוהן עסען, האָט אויך חנה פאַרכאַפּט...

— דו זיץ, מיש זיך נישט, איך וועל שוין אַליין געבען סעמי'ן עסען, — האָט איהר חנה תמיד געזאָגט, ווען זי האָט זיך גענומען הויבען פון שטוהל צו געהן געבען איהם עסען.

און סעמי האָט טאַקי געוואָלט אַז חנה זאָל איהם דערלאַנגען עסען. מחמת די מאַמע האָט קיין מאָל נישט אָפּגעשאַקעלט די ברעקלאַך פון טישטוך, אָדער געגעבען איהם אַ סערוועטעל.

אָבער איין זאַך האָט חנה נישט געוואָגט פון דער מאַמע'ס האַנט צונעהמען: געבען דעם טאַטען עסען. דאָס איז נאָך גע־בליבען פאַר איהר צו טאָן. און דאָ האָט זי זיך דערפיהלט, אַז זי האָט נאָך אויך צוליעב וואָס צו לעבען אויף דער וועלט: דער־לאַנגען דעם מאַן און דעם טאַטען עסען... צוטראָגענדיג דעם אַלטען דאָס עסען צום טיש, האָט זי תמיד געקוקט אויף חנה'ן מיט נצחון: נאַ, זעה, איך בין נאָך די בעל הבית'טע אין הויז; אָהן מיר, ווער וועט געבען דעם טאַטען עסען?...

חנה און די מוטער האָבען קיינמאָל צווישען זיך נישט גע־רעדט. זיי זיינען געווען ווי צוויי פרעמדע ווייבער אין איין שטוב. צוויי ווייבער: איינע, וואָס האָט געהאַט אַ סך קינדער און זיי אויסגעגעבען, און די אַנדערע, אַן עקרה... און זיי האָבען קיין שלום נישט געקענט האָבען....

חנה, האָט מעהר אין שאַפּ נישט געאַרבייט, זי האָט געפיהרט דאָס הויז.

אין טעג וואָס זי האָט אַריינגענומען די אויסגעוואַשענע

וועש פון „ליין”, אויסגעפּרעסט, און שפּעטער זיך גענעצט פאַר־לאָטען דעם טאַטענ׳ס און דעם ברודער׳ס אונטערוועש, האָט זי זיך דערפיהלט אַ פרוי... זי טוט די פליכטען פון אַ פרוי... פאַר־ריכט און פאַרלאַטעט מאַנסבילשע וועש און צירעווערט סקאַרפּעט־קעס. די פליכטען פון יעדער פרוי... ביים איינגנעהען קנעפּלאַך האָט זי תמיד געוואָרפען אויגען אויף דער מאַמען, זיצענדיג פאַר־לייגט אַ האַנט אויף אַ האַנט, און זי האָט זי געשטאָכען מיט די אייגענע אויגען ווי איהרע, גרוי און ביסטרע: „אַז דו ביזט שוין פאַרט צו אַלט און קענסט דאָס נישט טאָן, מוז איך דאָס טאָן”. און די מאַמע מיט די אייגענע אויגען וואָס דער טאַ־טער׳ס: פאַרביטערטע, גרויע, מיט בייזע שוואַרצע פינטעלאַך אין זיי, האָט דער טאַכטער צוריקגעשטאָכען: „די אַרבייט רייסט זי מיר אַרויס פון די הענט!... מ׳דאַרף מיך שוין נישט! מ׳דאַרף מיך שוין נישט... אַזאַ „זאַך”! די אַרבייט רייטט זי מיר אַרויס פון די הענט”!...

מאַמע און טאָכטער פאַרשטעהען זיך שוין מיט די אויגען, מ׳דאַרף גאָר נישט ריידען...

און חנה, צירעווענדיג דעם ברודער׳לס זאָקען, זאָרגט זיך וואָס וועט זיין אַז ער וועט אויך חתונה האָבען און זי וועט מוזען בלייבען אַליין מיט טאַטע־מאַמען... אַצינד קומען נאָך מינוטען וואָס זי פאַרגעסט איהר אַליין בלייבען... אַ־בעת סעמי איז זיך מיט איהר וועגען עפּעס מישב און זי גיט איהם אַן עצה... ער איז אַזוי צוגעטאָן צו איהר, און זי פיהלט זיך, ווי זי וואָלט טאַקי געווען זיין מאַמע. האָט זי איהם דען נישט אויפגעהאָדעוועט?...

און ס׳קומען אַמאָל איבער איהר אַזוינע וואונדערליכע מי־נוטען, אָט אַזאַ כישוף האָט שוין די אַרבייט. אין דעם געוועב פון די זאָקען וועבען זיך אַזעלכע פיינע מעשה׳לאַך אויס... און שעה נאָך שעה חלום׳ט זי. זעהט נישט און הערט נישט דער מאַמען, זי איז מיט עפּעס פאַרנומען... אין הויז איז עמיצער גע־קומען אַזאַ גוטער, אַ וואוילער... און זי ווערט אויך אַזוי גוט. אָט, זי געהט אויס פון גוטסקייט. אפילו מיט דער מאַמען קען זי גוט

ווערען... ער איז אַן אַלמן, האָט אַ קליין קינד... און זי נעהמט דאָס קינד אויף די הענט און ווערט זיין מאַמע, זי טוליעט דאָס צו זיך און דאָס קינד גלעט זי מיט ווארעמע הענטעלאך איבער'ן פּנים. און אַזאַ זיסקייט צוגעהט איהר איבער'ן הארצען. און אַט לאַטעט זי אויס זיינע וועש און מארעזשעט די שקארפּעטקעס, און דאָס געוועב איז אַזוי פיין און די לאַטקעלעך אַזוי דין מיט קליינינקע שטעכעלאַך. און דאָס עסען? דאָס עסען שמעקט דאָך פון טיש ארונטער... און ער געהט אום איבער'ן שטוב אַ גוטער, אַ שטילער און זאָגט: „חנה, האָסט אַ פּאָר זאָקען פאַר מיר?" אודאי איז דאָ זאָקען, ריינע, פארצירעוועט, אַזוי פיין און דין! און ער פרעגט ווידער: „חנה, איז מיטאָג פארטיג, איך בין הונגעריג?" אודאי, איז שוין מיטאָג פארטיג, אַט גרייט איך צום טיש... און מיט דער מאַמען איז זי אויך גוט. אַט באַהאַלט זי דעם קאָפּ אין דער מאַמע'ס שויס, וויינט זיך גוט אויס, וויינט פאַר פרייד, און זי סוד'עט איהר אריין עפּעס אין אויער, און די מאַמע ווערט אַזאַ גליקליכע... אַזאַ גליקליכע... און זאָגט: „מיינע טרערען און מיין בעטען האָט גאָט דערהערט... אַן איינקעל...

— געגוג דיר שוין אַמאָל בלענדען די אויגען — דערהערט זי פּלוצלונג דער מאַמע'ס קול, ווי דאָס וואָלט געקומען פון ערגעץ וויט, פון דער פרעמד — עס ווערט שוין פינסטער, און דיר פעהלט נאָך אויס ברילען אָנצוטאָן!...

— אַט דער, „עס פעהלט דיר נאָך אויס", צינדט חנה'ן אָן ווי אַ העליש פייער, און די גאַנצע גאַל און שנאה צו איהר ווערט אויפגערייצט. זי פיהלט, אַז זי וואָלט זי איצט געקאָנט שלאָגען. זי וואָלט געקאָנט שלאָגען דער מאַמען!... געבען איהר אַ זעץ נאָך אַ זעץ אין הארצען אריין, און ביי יעדען זעץ איהר זאָגען: „נאַ, איבער דיר בין איך געבליבען פארזעסען ביז'ן גרויען צאָפּ! דיינע קינדער געדארפט ניאַנטשען! אין די יונגע יאָהרען מיך נישט געלאָזען אַ שעהן קליידעל זיך מאַכען... קיין מאָל זיך נישט אויסגעפּוצט און געמוזט נעהמען און שטשאָבען פאַר דיינע טעכטער זיי זאָלען קריגען חתנים... נאַ, און וויים"!....

נאָר חנה איז מיט פאַרביסענע ליפּען. זי שווייגט... זי ענטפערט נאָר:

— זאָל דיך ניט אַרען פאַר מיינע אויגען! ווער דען וועט די ארבייט אָפּטאָן! אפשר, דו?

— איך בין טאַקי אויסען דיין רעה, א שונא איז דיר די אַלטע, קראַנקע מאַמע, הא? באַלד, באַלד וועל איך שוין גען פון דער וועלט, וועט דיר זיין בעסער?... א לעבען אוועקגעלייגט פאַר פיער טעכטער, און איצט איז די אַלטע מאַמע אַן איבריגע...

נאָר חנה פאַרבייסט די דינע ליפּען, פאַרקריצט די צייהן און שווייגט.

אוןביידע ווייבער קוקען זיך איבער פיינדליך און פול מיט טרויער.

# אַ מאָדנע הויז.

רעוועקאַ האָט געהאַט דאָס בעסטע צימער אין הויז.

רעוועקאַ, אַ מיידעל, וואָס האָט נאָך יאָהרען שווערע ארבייט זיך ארויפגעארבייט אויף אַ „פייפער־סטענד” און געשטאַנען אויף דער פרייער לופט... איהר פּנים פאַרברענט און פאַרברוינט פון זון, רעגען און ווינטען ווי די קאָרע פון אַ דעמב. די האָר — אָפּגעשטעלט זיך אין אַ מוטנעם בלאָנד, ווי זיי וואָלטען פאַרגעסען גרוי צו ווערען... זי האָט געטראָגען ספּאַקולען, געדרויכערט און תמיד געהאָדעוועט אַ קעצעל. ניט דערפאַר וואָס זי האָט אַזוי ליעב געהאַט קעץ, נאָר ס'איז תמיד געווען אויף וועמען זיך אָנצובייזערען, אויסצושטראָפען און ליעב האָבען. ווי געזאָגט, קעץ האָט זי אפשר גאָר פיינט געהאַט, נאָר איהר קעצעל איז איהר געווען טייער ווי דאָס לעבען.

מיט מענשען האָט זי זיך געקריגט, מחמת זי האָט געקראָגען אַ טבע יעדען צו זאָגען דעם אמת אין די אויגען. זי איז אין זיך ניט געווען געגאַרט, און ניט געקענט פאַרליידען אַז אַנדערע זאָלען זיין געגאַרט אין זיך... רעוועקאַ איז אָבער געווען אַ גוטער מענש. — שטענדיג יעדען אַ טובה געטאָן. ניט קיין קאַרגע, האָט מען זי גאַנץ ליעב געהאַט טראָץ איהר עקסצענטרישע נאַטור.

אין אַ צווייטען צימער — תמיד הינטער אַ פאַרמאַכטע טיר — האָט געוואוינט סאָניע, אַ שטיל מיידעל מיט אַ פויגלישען נאָז און האָט קיין מענשען נישט אָנגעקוקט. זי האָט געהאַט איהר „פריינד”. אין „אַלגעמיינעם צימער” איז זי נאָר אריין ווען זי האָט גענומען טיי פאַר איהר אָדער איהר פריינד.

סאָניע און רעוועקאַ זיינען געווען צוקריעגטע. רעוועקאַ האָט אמאָל סאָניע'ן געזאָגט, אז ס'וואָלט געווען גלייכער און שעהנער, אז איהר „פריינד" זאָל זיך אריינקלייבען מיט איהר אין איין צימער און נישט קומען אויף גאַנצענע טעג און האַלבע נעכט — און אנדערע צאָהלען דירה־געלד און זייער בעל־הבית'טע קריוודען אויף די עטליכע דאָלאַר.

אין דריטען צימער זיינען געשטאַנען צוויי שוועסטער פון פינסק. הינדע, די עלטערע — א גרויסע בעל־גאוה'טע, מיט רויטע האָר און א בלוי־ווייסען פנים. איהר יחוס איז געווען וואָס זי האָט זיך אָפּגעזאָגט חתונה צו האָבען מיט א רייכען אלמן ניט קיין „גע־נאָסע"; בעקי — —א יונגע געזונטע מויד מיט א פּנים וואָס איז רויט, מיט א פּאָר רויטע קולאַקעס.

א פערטער צימער האָט קיין מזל ניט געהאַט צו באַשטענדיגע „באָרדער" אלערליי שלעק האָבען זיך שוין אין איהם איבערגע־דרעהט. ענטוועדער ס'איז געקומען איינער, וואָס האָט זיך פאַר־גענומען די וועלט צו ראַטעווען, אָדער אזוינער, וואָס האָט גע־פּרעדיגט: מ'זאָל די וועלט לאָזען אונטערגעהן, מחמת ס'פיהרט דערצו... פון ביידע פּראָבלעמען איז ניט געווען אויף קיין דירה־געלט און דאָס צימער האָט זיך געמוזט אויסליידיגען פאר א דריי־טען, א פערטען...

אָט, אויף דעם ליידיגען צימער איז תמיד געווען געשפּאַנט די ערוואַרטונג און די האָפנונג פון די מיידלעך — טאָמער וועט דאָך אמאָל א רעכטער פיש צושווימען צו אונזער ברעג... אויסער איין סאָניע, זי האָט זיך ניט געקימערט, געהאַט איהר „פריינד."

די בעל־הבית'טע, אליין, סאָפיע קראַוויץ, איז געקומען קיין אמעריקאַ, נאָכדעם ווי זי איז אָפּגעזעסען א יאָהר אין א רוסישען געפענגנים פאַר פּאָליטישע זאַכען.

זי און רעוועקאַ האָבען זיך געקענט פון מינסק, וואו ביידע האָבען געהערט צום „בונד"; דאָרט זיינען זיי אָבער געווען פון דער ווייטען. סאָפיע איז געווען א אינגערע, א טוערקע און רעוועקאַ איז שוין געווען אביסעל אָפּגעשטאַנען פון דער באַוועגונג.

**אין ניו יארק** זיינען זיי געווען גוטע פריינד. סאָפּיע האָט זיך דאָ איינגעוואָרפען אין דער באַוועגונג, געוואָרען א מיטגליעד פון דער פּאַרטיי, פון „ארבייטער רינג”, רעוועקא אָבער האָט אויף דער היגער באַוועגונג א מאַך געטאָן מיט דער האַנט — ס'האָט איהר דאָ געפעהלט דער רוסישער אמת און דער רוסישער ערנסט... זי האָט בסוד געהאָפט אויף א ביסעלע פּריוואַטען גליק... דאָס האָט זי בעהאַלטען מעהר פון זיך אַליין ווי פון אַנדערע.

רעוועקאַ און סאָפּיע האָבען געאַרבייט צוזאַמען און זיינען צוזאַמען געגאַנגען אויף „מיטינגען”. רעוועקאַ האָט קיין איין רעכטען מענשען ניט באַגעגענט — די „אינטעליגענץ” האָט גע־וואָלט זיין אויף קעסט ביי די ארבייטער, די ארבייטער האָבען זיך געוואָלט איינקויפען אין חן ביי דער אינטעליגענץ און נאָר אַזוינע שדוכים זיינען געשלאָסען געוואָרען... סאָפּיע האָט זיך באַקענט מיט באָריס'ען, א בחור וואָס האָט געקליבען „קאָונטס” און גע־זאָלט שטודירען אדוואָקאַט. אין אָנהויב איז איהר באָריס געווען דערוווידער. „קאַריערעסטען” האָט זי פיינט געהאַט — א מאָן דאַרף ארבייטען פאַר דער פּאַרטיי, פאַר דער אָרגאַניזאַציע און נישט זוכען פאַר זיך א קאַריערע צו מאַכען.

און דאָך, דער געדאַנק פּטור צו ווערען פון'ם שאַפּ און ווע־רען אַן אדוואָקאַט'ס א ווייב, האָט מיט זיסקייט זיך אריינגע'גנב'ט אין דער נשמה פון דער טרוקענער באַוועגונגס־מיידעל. סאָפּיע, וועמעס געדאַנקען האָבען זיך תמיד געוועבט אַרום די ווערטער: קאַמפּף, אָרגאַניזאַציע, טעראָר און קאָנספּיראַציע, האָט גיך שלום געמאַכט מיט די ווערטער, ליעבע, היים, קינד און קיך, ס'האָט ניט לאַנג גענומען און סאָפּיע און באָרים האָבען גענומען א צימער אַלס „פריינד”.

באָרים איז שטענדיג געווען פון די קליינע ארבייטער. אָבער סאָפּיע איז געווען א גוטע פּאַרדיענערקע און ס'האָט גע־קלעקט פאַר ביידען. באָרים האָט געטראָגען זיינע האָר לענגער ווי דער דורכשניט מאַן, שטענדיג אין ווייכע זיידענע קראַוואַטען, מיט ווייסע, ריינע הענט און גוט אויפגעפּאַסטע נעגעל. א פּענסנע

אויף דער „קלאַסישער" נאָז האָט איהם אונטערשיידט פון די גע־וועהנליכע מענשען. ער האָט זיך תמיד באריהמט: ער האָט פראַנ־צויזישע מאַנירען, דאָס ברייטע רוסישע האַרץ און דעם גוטען אידי־שען קאָפּ.

עס איז ניט פאַרבייגעלאָפען קיין פולער יאָהר און סאָפיע האָט באַדאַרפט געלעגען ווערען. זי איז אוועק אין אַ שטאָדטישען האָס־פּיטאַל און דאָרט געבוירען אַ מיידעלע. צוויי וואָכען האָט זי זיך דאָרטען געהאַלטען, צוויי וואָכען איז זי געווען אין דער היים און ווידער אַוועק אין שאַפּ. דאָס קינד האָט זי יערען פריהמאָרגען געבראַכט אין די „נוירסערי" און אין די אָווענטען פון דער ארבייט האָט זי דאָס אַהיים גענומען.

דאָס לעבען איז זיך געגאַנגען גאַנץ גוט, אַ לויף געטאָן אויף אַ יאָהר און אַ האַלב. סאָפיע האָט געאַרבייט און זיך ניט באַ־קלאָגט, באָריס איז געווען אינטעליגענט און „ליעבליך" און סאָפיע איז געוואָרען אויף דער צייט מיט'ן צווייטען קינד. אין האָספּיטאַל האָט זי ניט געקענט גענהן, ס'איז ניט געווען וואו איבערצולאָזען דאָס ערשטע קינד.

דאָ איז איהר רעוועקאַ צוהילף געקומען מיט געלט און מיט ארבייט. זיי האָבען גענומען אַ וואוינונג, די צימערען האָט סאָפיע פאַרדינגען, ארויסגענומען די דירה־געלט און נאָך פאַרדיענט פון דעם קאָכען. דאָס קינד האָט זי שוין געקענט האָבען אין איהר אייגענער וואוינונג.

סאָפיע האָט געוואַשען, געריימט פון באַגינען ביז אַ שטיק אין דער נאַכט אריין. באָריס האָט אפילו ביסלעכווייז געאַרבייט, אָבער ס'האָט איהם קוים געקלעקט אויף רויכערען, ראַזירען און זיידענע קראַוואַטען.

באָריס האָט זיך אָנגעהויבען אונטערצוקרימען. די קינדער האָבען איהם ענג געמאַכט און זיינס פאַרנומען... ער האָט פּלוצים גענומען איינזעהן, אז אַ מאַן טאָר ניט חתונה האָבען. זיין גייסט, זיין נשמה ווערט פאַרקריפּעלט און די שעהנע, הויכע חלומות און שטרע־בונגען ווערען אונטערגעהאַקט ווי יונגע בוימער... ער איז געוואָרען

קאַלט צו איהר. זי האָט אָנגעוואוירען דעם גאַנצען חן וואָס זי האָט געהאַט, ארבייטענדיג אין שאַפּ, מיט'ן געהן שעהן און ריין אָנגעטאָן.

אליין א פוילער מענש, האָט ער זי שטארק באַוואונדערט, וואָס זי קען אַזוי פריה אויפשטעהן. נאָך אַ נאַכט זיך אָפּמוטשען מיט'ן קינד, פלעגט זי אראָפּ פריש און מונטער, אוועקגעטראָגען דאָס קינד און אַוועק צו דער ארבייט. אָדער אין די קאַלטע, גרויע באַ־גינענס פלעגט זי אַ שפּרונג טאָן פון דער וואַרימער בעט זיך איינ־וואַשען מיט קאַלטע וואַסער, ער אָבער האָט זיך איינגעטולעט אין דער קאָלדרע און ווייטער געשלאָפען. דעמאָלט האָט ער זי ליעב געהאַט און געפיהלט אַ דרך ארץ פאַר איהר.

היינט אָבער, איז זי תמיד געווען פאַרנומען אין קיך ארום די טעפּ, שלעכט אָנגעטאָן, די קינדער זיינען איהר נאָכגעגאַנגען וויינענדיגע און זי האָט געשריען. האָט ער זי אויפגעהערט צו באַטראַכטען ווי זיינס אַ גלייכען. סאָפיע האָט דאָס דערפילט און זיך אויף טויט דערשראָקען — איהר שעהנער באַרים קען זי נאָך פאַרלאָזען! האָט זי איהם אָנגעהויבען ארויסצוווייזען אַזוי פיעל ליידענשאַפט און איבערגעבענקייט, ביז ער איז טיעף גע־ריהרט געוואָרען און איהר פאַרשפּראָכען קיינמאָל זי ניט צו פאַר־לאָזען, אויב זי וועט נאָר ניט זיין אַ שטער אין זיין לעבען.

ער האָט אין גאַנצען אויפגעהערט צו ארבייטען. איז געשלאָ־פען ביז האַלבען טאָג, געקומען עסען „סאַפּערס" און אַוועק אייף גאַנצע אָוועגטען.

אין דער נשמה פון דער פאַרזעסענער רעוועקאַ האָט זיך אַ כעס אָנגעצונדען קעגען זיי ביידען. און זי האָט אָנגעהויבען סאָ־פיען עפּענען די אויגען און זאָגען דעם אמת...

אין די אָווענטען האָט זי זיך אוועקגעזעצט און מיט איהר גע־טענה'ט, אַז קיינער זאָל פּיט הערען:

— ווען ניט אייער „פּראַנטעל" וואָלט איהר אפשר אַמאָל צו זיך געקומען. און וואָס וועט זיין דער תכלית? איהר וועט האָבען נאָך אַ קינד און נאָך אַ קינד, ער ווערט אינגער און שעהנער

און איהר — אַן אַלטע אידענע מיט קנייטשען און גרויע האָר. איהר דאַרפט איהם אַרויסטרייבען ווי אַ הונט און האָדעווען אייערע קינדער!

צוערשט איז סאָפיע געוואָרען אַן אויפגעקאָכטע אויף רעוועקאַ'ן. שטייטש, ווי האָט זי זיך ערלויבט איהר אַזוי צו זאָגען?! אַ פּאָר טעג האָט זי מיט איהם ניט גערעדט. אַ צווייטען אָוועגט ווען רעוועקאַ האָט איהר באַוויזען ווי ער לעבט און ווי זי, האָט זי זיך צעוויינט און רעוועקאַ'ן גערעכט געגעבען. אַ דריטען און אַ פערטען אָוונעד — און סאָפיע האָט זיך אָנגענומען מיט מוטה מיט באָריס'ען צו רעדען.

זי האָט איהם געגעבען אָפּט אָנצוהערעניש, ער זאָל געהן אַרבייטען און כאָטש פאַר זיך פאַרדיענען. באָריס האָט סאָפיע'ן אָנגעקוקט ווי אַ משוגע'נע. וואָס עפּעס פּלוצים? האָט ער גלייך חושד געווען, אַז דאָס מוז זיי רעוועקאַ'ס אויפטו, שפּעטער האָט זי איהם שוין געבעטען מיט טרערען אין די אויגען ער זאָל זי פאַרלאָזען. פאַר זיך מיט די קינדער וועט זי פאַרדיענען, אָבער פאַר אַלעמען קען זי ניט. פון פאַרלאָזען האָט ער גאָר ניט געוואָלט הערען. וואָס איז ער אַ הולטיי, אַ טויגניכץ, ער וועט פאַרלאָזען אַ פרוי מיט קינדער?... און איבערהויפּט, ווי וועט ער דאָס קענען לעבען אָהן די קינדער?

האָט באָריס געפּרובט זיך צו שאַרען צו רעוועקאַ'ן, ער האָט איהר צוגעוואָרפען וואַרימע בליקען, אויסמאַקירט פאַרבייגעהענדיג זיך אָנצוריהרען אָן איהר, פאַרבראַכט אַ פּאָר אָוונטען אין דער היים צוליעב איהר און געזאָגט, אַז מ'קען זיך נאָך אין איהר שטאַרק פאַרליעבען...

רעוועקאַ האָט פאַרשטאַנען זיינע שטיק. זי האָט געוואוסט, אַז ער טוט דאָס אַלץ, דער פוילענצער, צוליעב אַ שטיקעל ברויט און אַ געלעגער. האָט זי איהם גענומען זידלען און ענג מאַכען דאָס הויז. פאַר איהר האָט ער זיך דערשראָקען און פאַרשעהמט, געמוזט איינפּאַקען זיינע זיידענע קראַוואַטען און פאַרלאָזען דאָס הויז.

אין א האלב יאָהר ארום האָט ער זיך באוויזען. געקומען זעהן די קינדער... דערווייל האָט ער סאָפּיע'ן דערצעהלט, אז ער האָט געקראָגען זעהר א גוטע שטעלע אלס בוכהאלטער אויף גרויסע גע־האלט. ער דארף בלויז האָבען אויף די ערשטע וואָך אויף „קאר־פעיר" און מיטאָגען. ער וועט דאָ בלייבען נעכטיגען כדי מאָרגען ניט צו פארשפּעטיגען אויף דער נייער שטעלע.

באגינען איז שוין סאָפּיע געווען אויף די פיס און איהם צו־געגרייט פרישטיק און מיטאָג מיטצונעהמען. זי איז צו אויף די שפּיץ פינגער איהם אויפוועקען. האָט אָבער קיין הארץ נישט גע־האַט. ער איז אזוי שעהן און אָהן זאָרג געשלאָפען — דער שוואר־צער קאָפּ אויפ'ן ווייסען קישען, דאָס פּנים איידעל. ס'איז דאָך איהר שעהנער באָריס... ווי ליעב זי האָט איהם דאָס מאָל געהאַט. אין פלוג איז זי איהם אלץ מוחל געווען... מיט א קוש האָט זי זיך צוגעבויגען איהם אויפצואוועקען. ער האָט האלב שלאָפענדיג און האלב װאכענדיג איהר אין בעט ארייננעצויגען און אויפ'ן אויער איהר געזאָגט:

— ס'מאכט ניט, סאָפּיע, איך וועל קענען געהן מיטאָג־צייט צו דער ארבייט...

ווי זי האָט דערהערט, אז רעוועקאַ איז אויפגעשטאַנען, איז זי גיך אראָפּגעשפּרונגען פון בעט א פארשעהמטע און גענומען זיך פּאָרען פאר רעוועקאַ'ן פרישטיק.

רעוועקאַ האָט אָבער צו איהר ניט גערעדט און צו־מאָל אין איהר ווינקעל ניט געקוקט. דעם פרישטיק האָט זי אויך ניט גע־געסען.

מיטאָגצייט איז באָריס אוועק, זיך געזאָמט א פּאָר שעה. גע־קומען צוריק: ער פאנגט אָן צו ארבייטען ערשט אין א וואָך ארום.

די גאַנצע וואָך איז ביי איהם געווען א „האָניג־וואָך".

רעוועקאַ האָט צו זיי ביידען ניט גערעדט. אין די אָוועטען, אז זי איז געקומען פון איהר „סטענד" האָט זי א שטילע און א ברוגז'ע אָפּגעגעסען, גענומען די קאַץ און אריין צו זיך אין צימער. ס'איז אוועק צוויי וואָכען, אלץ האָט געזאָלט זיך אומקעהרען

אויפ'ן אַלטען שטייגער. האָט זיך סאָפיע צעוויינט פאַר רעוועקאַ'ן, אַז זי האָט שוין באַלד ניט קיין כח צו אַרבייטען ווי אַמאָל. רעוועקאַ איז איהר ווידער אַמאָל צוהילף געקומען און איהם גע־הייסען געהן.

די אייגענע מעשה האָט זיך געזאָלט איבער'חזר'ען אין עט־ליכע חדשים אַרום. באַרים איז ווידער געקומען מיט אַ פאַרטיגער שטעלע. האָט רעוועקאַ געכאַפּט אַ בעזים און אויף אַ קוויטשיגען קול געשריען:

— אַרויס פון אונזער שטוב, איהר פוילענצער! געקומען צונעהמען דעם ביסען ברויט פון די קינדער! אַרויס! וועט איהר זיך נאָך אַמאָל ווייזען צוברעך איך אייך רוק־און־לענד!

ער איז שוין מעהר ניט געקומען.

ס'איז אַוועק אַ פּאָר יאָהר, סאָפיע איז אין דער צייט אַביסעל צו זיך געקומען. געהאַט אַ פּאָר דאָלאַר, אַ רויטע בלוזע פאַר זיך, אַ ריוט קליידעלע פאַר אָלגאַ'ן און אַ רויט רובאַשקעלע פאַר מאַטווייטשיקלען. אָט די רויטע בגדים זיינען געווען די איינציגע זאַכען וואָס האָבען זי נאָך פאַרבונדען מיט דער באַוועגונג און סאָציאַלער רעוואָלוציע.

. . . . . . . . . .

עס האָט געטראָפען, אַז דאָס צימער איז ווידער געבליבען אָהן אַ „באָרדער". די ווייבער האָבען ווייטער געהאָפט און גע־וואַרט: אפשר וועט דאָך אַמאָל אַ רעכטער פיש צושווימען צו אונזער ברעג.

סאָפיע, רעוועקאַ און הינדע זיינען יעדען אווענד געווען אין הויז — ס'איז ניט געווען וואוהין צו געהן. סאָניע איז תמיד געזעסען ביי זיך, הינטער דער פאַרמאַכטער טיר, מיט איהר פריינד, און בעקיען האָט הינדע נישט געקאָנט איינהאַלטען אין הויז. איז אַלע דרייען געווען שטאַרק אומעטיג, און מ'האָט געבענקט, אַז ס'זאָל זיך ווער אַריינקלייבען אין ליידיגען צימער, אַ נייער מענש...

יעדען פאַרנאַכט, מיט'ן גוטען אווענד צו גלייך, האָבעןביידע, הינדע און רעוועקאַ, גלייך געפרעגט:

— נו, וואָס הערט זיך, פאַרדונגגען דאָס צימער ?

און איין אָוועגד איז סאָפּיע אנטקעגען געלאָפן רעוועקאַ׳ן אויף די טרעפּ און איהר אָנגעזאָגט, אז דאָס צימער איז שוין פאַרדונגען.

— טאַקי, וועמען ? א מאַן ?

— יאָ, אָבער נישט קיין „נאַש בראַט״ — האָט זיך סאָפּיע פאַרענטפערט — לענגער האָב איך שוין ניט געקאָנט וואַרטען.

— איז וואָס ? וועט ער פּינקטליכער צאָהלען און לענגער זיך האַלטען...

— פון דעסטוועגען...

— וואָס פון דעסטוועגען ! זייט נישט קיין נאַר ! — האָט זיך רעוועקאַ געבייזערט — מיט „גענאָסען״ איז גוט זיך צו טיילען מיט׳ן חלק לויתנאַך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, אָבער נישט וואוינען צוזאַמען. נאָך ווייניג אייך ?!

אָט קענען דעם „נאָך ווייניג אייך״ האָט שוין סאָפּיע גאָר נישט געפונען וואָס צו זאָגען.

רעוועקאַ, בעת זי האָט גערעדט וועגען גענאָסען, איז איהר פּנים געוואָרען א פאַרביטערטער. די גרויע אויגען הינטער די ספּאַקולען האָבען אויפגעגלאַנצט מיט צאָרן און די הויכע קינבאַקען זיינען געוואָרען אַזוינע בייזע ! איהרע רייד זיינען געוועזן מיט גאַל. און סאָפּיע האָט שוין געוואוסט, אז זי דאַרף זיך פאַר זיי נישט איינשטעלען.

אין א פּאָר מינוטען אַרום איז סאָניע געקומען. סאָפּיע האָט איהר אויך אָנגעזאָגט די בשורה, אַז דאָס צימער איז פאַרדונגען. זי האָט עס אויפגענומען גלייכגילטיג און אריין אין צימער.

הינדע און בעקי זיינען געקומען צוקריעגטע. בעקי האָט זיך אויסגעלערענט אין שאַפּ א גאַסען־ליעדעל און הינדע האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגען דאָס פּרעכע געזאַנג, האָט בעקי דאָס דוקא געוואָלט זינגען.

זי האָט פאַררימען די אויגען אין א תאווה־שמאַכטענדיגער פּאָזע און מיט „הוטשי־קוטשי״ באוועגונגען געזונגען :

O, my love, will you please,
Pull down the curtatn!

און דרעהענדיג זיך מיט'ן געזונטען קערפּער און פּאַרוואַר־פּענדיג די הענט, ווי זי וואָלט אַ געליעבטען אין די אָרעמס אַ כאַפּ געטאָן, גענענדיגט:

O, my love, don't you see,
I'm madly flurtin'!

הינדע האָט זיך ווילד צושריען, כאַפּענדיג אַ בעזים:

— רבקה, סטאָפּ! איך פּלעט דיר דעם מוח! דו חצופה! שעהמסט זיך נישט צו זינגען אַזוינע ליעדער!?...

רעוועקאַ האָט הינדען גערעכט געגעבען, נאָר אַז זי האָט געזעהן ווי סאָניע איז אַנטלאָפען, און נישט געקאָנט הערען בעקי'ס זינגען, האָט זי זיך איהר נאָכגעקרימט: די „פּיצקאַניעס".

נאָכ'ן סאַפּער, איז בעקי אַנטלאָפען אין גאָס. סאָניע איז אַריין צו זיך אין צימער און רעוועקאַ מיט הינדען זיינען געבליבען העלפען סאָפיען וואשען דאָס געפעס און צוראַמען אין שטוב. אַלע דריי זיינען געבליבען וואַרטען אויף דעם נייעם „באָרדער". אַלע האָבען געוואַרט צוזאַמען און יעדע פון זיי באַזונדער...

אַרום ניין דעם זייגער איז ער געקומען. דאָס איז געווען אַ דאַר נידעריג מענשעל, אין אַ העלען, לייכטען אויבער־מאַנטעל; אַ מאָדנער שמייכעל איז געלעגען אויסגעלעגט אויף זיין פּנים, אַ שמייכעל פון איין אויער ביז דעם אַנדערען. די אויגען ווי מוטנע וואַסער מיט אַ פאַרבאַהאַלטענער שרעק אין זיי; אַ פּליך, אַ פּלאַטשיגע נאָז און רויטע קינבאַקען האָבען איהם אויך קיין חן נישט צוגעגעבען.

רעוועקאַ און הינדע זיינען געבליבען אַנטטוישטע: קיין רעכטע פיש שווימען צו אונזערע ברעגעס נישט צו.

סאָפיע האָט איהם פאַר זיי פאָרגעשטעלט אַלס מיסטער מייעראָוויץ, און מ'האָט איהם גלייך געבעטען צו טעע.

צוליעב איהם האָבען זיך שוין אַלע דריי געזעצט ביים טיש און מ׳האָט געטרונקען טעע מיט ווארעניע.

מייעראָוויץ האָט געטרונקען זיין טעע, מיט א מאָדנעם שמייכעל געקוקט פאר זיך און געשוויגען.

רעוועקא האָט געדרוקט, געגלעט די קאַץ אין איהר שויס, און פון צייט־צו־צייט א זופּ געטאָן.

הינדע האָט געמישט איהר טעע, נערוועז אָפּקלאַפּענדיג דאָס טעע לעפעלע אָן דעם גלאָז און סאָפיע האָט איהר׳ס געטרונקען מיט א לייכטען כליאָבען.

א מאָדנע, געדריקטע שווייגען איז געהאנגען. א שווייגען, וואָס האָט זיך געפיהלט, אז איטליכער וויל וואָס זאָגען, נאָר די ווערטער קומען נישט אויף דער צונג... אפילו מאַטוויטשיקעל, וואָס האָט כסדר געוויינט אָדער געשריען, האָט אויך געשוויגען און אויף אַלעמען מאָדנע געקוקט.

דאָס שווייגען האָט אזוי אָנגעהאַלטען, ביז הינדע, כדי עפּעס צו זאָגען, האָט ארויסגעפּלאַצט:

— רעוועקא, טאָמער וואָלט איהר ארונטער געלאָזען די פּאַס־קודנע קאַץ!

— פּאסקודנע זיינען מענשען, נישט קעץ! האָט רעוועקא זיך באַליידיגט און געקוקט אויף מייעראָוויטץ׳ען.

— קעץ זיינען פאַלשע! — האָט זיך הינדע געוואָלט פאר־טיידיגען.

— דאָס האָבען מענשען, וואָס זיינען אליין פאַלש און געמיין, אויסגעטראַכט. קעץ האָבען געפיהל, קעץ זיינען דאַנקבאַר... — האָט רעוועקא די קאַץ צוגעדריקט צו זיך.

הינדע האָט געשוויגען.

— איהר וועט נעהמען א מענשען — איז זיך רעוועקא פאר־גאַנגען אין גאַליגען כעס — א מענשען וואָס געהט אום שלינג און שלאָנג אויף דער גאַס, איהר וועט איהם געבען עסען, בגדים; איהר זייט זיין פריינד, האָט איהם ליעב... ער ווערט אויף אייער

חשבון א דאָקטאָר, א רעדנער, שפּיעלט א ראָלע אין קוואַרטאַל און — נאָכדעם דערקענט ער אייך נישט אויף דער גאַס...

סאָפיע און הינדע ווייסען שוין וואָס זי מיינט און וועמען זי מיינט...

רעוועקא האָט נאָך העפטיגער גענומען טוליען און גלעטען די קאַץ.

מייעראָוויץ, וועלכער האָט די גאַנצע צייט געשוויגען מיט'ן שמייכעל פון א פאַרזעהעניש, האָט פּלוצים אַרויסגעלאָזט א הייזעריגען, אָפּגעהאַקטען, נישט דערענדיגטען לאַך:

— זי איז גערעכט! ווער זיינען די מוסרים, שפּיאָנען, פאַררעטער און פּראָוואָקאַטאָרס, מענשען צו קעץ? ווער האָט באַגראָבען די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, ווער?

אלע האָבען איהם אָנגעקוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגען. ער אָבער האָט ווייטער גערעדט:

— איך האָב געוואוינט מיט מיינעם א „טאָוואַרישטש", און אַז מיר האָבען זיך צוקריעגט, איז ער געגאַנגען און דערצעהלט דעם פּאָליציסט אויף דער עק גאַס. אַז איך האָב אַנטייל גענומען אין דער באַוועגונג צו טויטען פאָן פּלעווע, און היינט איז נישטאָ קיין איין פּאָליציסט אין גאַנץ ניו יאָרק, וואָס זאָל דערפון נישט וויסען. אָט דאָס קאָנען טאָן מענשען!...

סאָפיע און הינדע האָבען נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ טוט זיך מיט איהם. נאָר רעוועקא האָט גענומען פּיהלען שטאַרק אונהיימליך.

מייעראָוויץ, נאָכדעם ווי ער האָט אַלץ, ווי דורך א קאַנאָן אויסגעשאָסען, איז ווידער אַריינגעפאַלען אין א שווייגען מיט א שמייכעל פון אַן אויסגעשניצטען געץ, און געבליבען תם'עוואַטע.

און ווידער איז געקומען א שווייגען.

סאָפיע איז אַוועק לעגען דאָס קינד שלאָפען.

הינדע האָט געהאַט א חשד, אַז בעקי איז אַוועק אין די „מואווים" מיט א בחור פון שאָפּ, וועמען הינדע האָט פיינט געהאַט. זי האָט געכאַפּט א פאַטשיילע און געלאָפען זוכען.

רעוועקאַ איז געבליבען אַליין מיט מייעראָוויץ'ען.

אין אַ פּאָר מינוטען האָט שוין סאָפיע געכראָפּעט. מאַט־ווייטשיקעל האָט זיך אַרונטערגעגנב'עט פון בעט, גענומען צו־לויפען צו רעוועקאַ'ן און אַרויף אויף איהר שויס.

— וואָלט איהר דאָס ווען געגלויבט — האָט מייעראָוויץ מיט אַ סוד זיך געווענדעט צו איהר — וואָלט איהר דאָס ווען גע־גלויבט? ס'איז אמת, אַז איך האָב פון אַלץ געוואוסט, און נאָך מעהר ווי געוואוסט... און אין יאָהר ניינצעהן־פינף האָב איך גע־שפּיעלט אַ וויכטיגע ראָלע אין דער רעוואָלוציע, געוואוסט פון אַלץ וואָס אין „צע־קאַ" קומט פאָר. אָבער דעם מאָרד האָב איך נישט געהאָלפען דורכפיהרען. און מיינט איהר, אַז מיין אמת'ער נאָמען איז מייעראָוויץ? מיין אמת'ן נאָמען טאָר קיין מענש אויף דער וועלט נישט געוואָהר ווערען. טאָמער יאָ, בין איך אַ פאַרלוירענער!...

אודאי האָט איהם רעוועקאַ אַלץ געגלויבט, איהם אויף אַלץ גערעכט געגעבען, נאָר איהר אומרוה איז אַלץ געוואַקסען מיט דער מינוט; זי האָט זיך געוואונשען, הינדע זאָל אַרויפקומען, עפּעס זאָל געשעהן, אַז זי זאָל נישט זיצען מיט איהם אַליין.

הינדע און בעקי זיינען גלייך אַרויף, זיך קריגענדיג און שילטענדיג; מאַטווייטשיקעל האָט זיך צושריען, ס'איז געוואָרען אַ שטיקעל טומעל. אין הו־האַ האָט זיך סאָפיע אויפגעכאַפּט מיט צושויבערטע האָר.

מייעראָוויץ האָט געמיינט, אַז דאָס גאַנצע הויז איז מיט אַמאָל משוגע געוואָרען, האָט ער אָפּגעבויט ביי זיך אין צימער.

אַרום צוועלף דעם זייגער האָבען זיך אַלע געלעגט שלאָפען. נאָר רעוועקאַ האָט נישט געקאָנט איינשלאָפען, ס'האָט זיך איהר בסדר וואָס אויסגעדוכט... אָט, איז מייעראָוויץ אַרונטער פון זיין בעט און קוקט דורכ'ן שליסעל־לאָך אויף איהר... און דאָ פּרואווט ער זיך גאָר אַריינרייסען צו איהר אין צימער... אַ ציטערענדיגע איז זי אַרונטער פון בעט מיט'ן טיש און שטוהלען פאַרבאַריקאַדירען די טיר וואָס האָט אָפּגעטיילט איהר און זיין צימער.

מייעראָוויץ איז אויך נישט געשלאָפען. ער האָט געטראַכט אין וואָס פאַר א מאָדנער הויז ער איז דאָ אריינגעפאַלען: די באַלעבאָסטע אין דער רויטער בלוזע, וואָס האָט אזוי שטאַרק געקוקט אויף איהם... די שטילע, פון הינטער דער פארמאַכטער טיר, וואָס האָט אַלע עטליכע מינוטען, ווי א פויגעל, אריינגע־שוועבט כלומר׳שט נאָך א גלאָז טעע... די רויטע הינדע, וועלכע האָט אזוי נערוועז געקלאַפּט מיט׳ן לעפעלע אָן דער גלאָז מישענדיג דעם טעע, די שוועסטער מיט די פּאָר געזונטע קולאַקעס; און זי, מיט דער קאַץ... וואָס וויל זי? וואָס דרעהט זי זיך דאָ ארום דער טיר?... וויל זי זיך אריינרייסען צו מיר אין צימער?!...
ביי דעם געדאַנק איז ער מיט א שפּרונג אראָפּ פון בעט, איילענדיג זיך אָנגעטאָן, פאַרפּאַקט זיין טשעמאָדאַן און אויפגעשלאָסען די טיר, וואָס האָט געפיהרט אין קאָרידאָר. פאַרטיג געוואָרען, האָט ער זיך שוין אזוי נישט געשראָקען און איז צוגעגאַנגען צו איהר טיר. ער האָט זי דערזעהן דורכ׳ן טיר־שפּאַלט און אָנגעהויבען אויף איהר צו שרייען:

— אהא! איהר האָט זיך געוואָלט אריינרייסען צו מיר אין צימער, כלומרשט הערען וועגען מיין רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט, און דערווייל דערגעהן ווער איך בין? אָבער איך דערקען אייך!... מ׳האָט מיר אונטערגעשיקט קעקערע מענשען פון אייך: די שעהנסטע דייטשע באַראָנעסעס, פאַריזער טענצערקעס און סתם כשר׳ע אידישע טעכטער. אָבער איך דערקען אייך! קען אייך און האָס אייך!... איהר געמיין שפּיאָנען געזינדעל! אייך ווילט זיך גרייליך וויסען צי איך האָב טאַקי דער׳הרג׳עט פאָן פּלעווע, הא?!...

ארויספּלאַצענדיג מיט דער לעצטער פראַגע, האָט ער זיך ארויסגעריסען פון הויז.

רעוועקאַ האָט פריי אָפּגעצויגען דעם אָטעם. זי האָט פאַר־שלאָסען די טיר. ס׳האָט זי שטאַרק געפרעהט, וואָס קיינער אין הויז האָט נישט געהערט, און געמאַכט א טומעל. אפילו הינדע,

וואָס האָט קיין שלאָף נישט געהאַט, האָט אויך נישט געהערט.

זי האָט פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס. די קאַץ האָט שוין גע־וואוסט, אַז דעמאָלט מעג זי אַרויף אויף איהר שויס. זי האָט גע־נומען טראַכטען פון דער באַוועגונג ווי פון אַ גרויסען חורבן: צוזאַמען געפאַלען... אַלץ איז צו בראָכען... דער דור וועט שוין גאָר נישט אויפטאָן. משוגעים! לויטער משוגעים...

און דאָס האַרץ און די נשמה אין דער טרוקענער באַוועגונגס־מיידעל האָבען געוויינט אויף דער באַוועגונג. זי האָט אויף באַ־וויינט איהר אייגען פאַרשפּיעלט לעבען, און די טרערען האָבען זיך אויסגעמישט.

אויף מאָרגען, האָבען: סאָפיע, רעוועקאַ און הינדע באַ־שטימט, אַז דאָס צימער איז זיכער אַ שלים־מזל'דיגס און דאָס גאַנ־צע הויז איז עפּעס אַ מאָדנע... און אַז מ'האָט דאָס געזאָגט פאַר סאָניע'ן, האָט זי זיי אָנגעקוקט מיט אויגען און נאָז פון עפּעס אַ מאָדנער פויגעל זיך גע'חידוש'ט און געשוויגען.

# דרך-ארץ.

גאָסי און סעם האָבען זיך צואוועדטעלט, סתם פון היימ־ליכקייט ווענען זי, גאָסי, האָט ליעב מיט סעם'ען זיך דורכצו־ווערטלען. נאָכדעם בעט ער זי תמיד איבער און ער ווערט זיס ווי האָניג. אז עס געהט פארביי אמאָל א וואָך און זיי קריגען זיך ניט, פאַרגעסט ער גאָר זי ליעב צו האָבען... אָבער דאָס מאָל איז סעם אריין אין כעס אויף זיין יונגע־ווייבעל און זי נישט איבערגעבעטען.

גאָסי'ן האָט עס געברענט ווי פייער; ס'איז איהר געווען אומעטיג אין הויז צו זיין. קומט צו געהן פון דער ארבייט עסט אָפּ, דרעהט זיך ארום ווי א באָרדער, לייענט א צייטונג, שפּיעלט זיך מיט'ן קינד, אָבער זי קוקט ער ניט אָן.

ס'איז געקומען זונטאָג אין דער פריה. צו דער ארבייט איז סעם ניט געגאנגען, האָט ער אָנגעטאָן זיין זונטאג'דיגען אנצוג מיט א נייעם קראוואט, גלאט ראזירט האָט ער אויסגעזעהן שעהן ווי אין זיינע בחור'שע יאָהרען. דאָס האָט זי אזוי געקרענקט, אז זי האָט ניט צוגעגרייט קיין פריהשטיק, ניט אויפגעראמט דאָס הויז, אליין ארומגעגאנגען ניט פארקאמט און אָנגע'ברוגז'ט; דערצו איז איהר נאָך דאָס קינד א מינוט פון די הענט ניט ארונטער. זי האָט אפילו קיין צייט ניט געפונען די שיך צו פארקנעפּלען.

פלוצים האָט זי זיך אָנגעצונדען פאר כעס, אראָפּגעלאָזען דאָס קינד פון די הענד און, דאָס א שטופּ געבענדיג בייז, אויסגעשריען אויפ'ן קינד:

— געה צו דיין טאטען, געה, ער מעג דיך אויך האַלטען די הענד האָט ער מיר אָפּגעריסען!

דאָס קינד האָט זיך צוואויינט און דער פאָטער האָט עס איבער־גענומען מיט ליעבשאַפט און צוגעוואָרפען גאָסי'ן אַ גיפטיגען בליק.

— אַז מ'האָט אַ מאַמען אַזאַ בעל־הבית'טע...

— געפעלט דיר ניט? האָסטו זיך געזאָלט נעהמען די גרינ־האָרן, די קוזינע. זי וואָלט שוין געווען אַ גוטע בעל הבית'טע...

סעם לייבאָוויטץ איז אַהער געקומען אַ קינד, זיך אויפגעהאָ־דעוועט אין די ניו יאָרקער ענגע, אידישע גאַסען. איבערגעטאָן כל עבודת פּרך, שעהנע ארבייט און מיאוס'ע, און קיין איידעל קינד איז ער נישט אויסגעוואַקסען. אַן איידעל געפיהל איז אָבער תמיד וואַך געווען אין איהם פאַר זיין שוועסטער־קינד חנה'ן; אַן עלטערע מיידעל, ניט קיין שעהנע און אַן עלענדע אין ניו יאָרק. אויף איהר האָט ער רחמנות געהאַט וואָס זי האָט נישט חתונה געהאַט, וואָס זי ארבייט אַזוי שווער אין שאַפּ. און זי האָט אויף איהם רחמנות געהאַט, וואָס ער האָט זיך אויסגעהאָדעוועט אָהן עלטערען און אַזוי פאַרגרעבט געוואָרען. זי פלעגט איהם שטענדיג דערצעהלען פון זיין פאַמיליע אין דער היים, ווי שעהן זיי לעבען זיך דאָרטען אינ'ם קליינעם שטעדטעל און ער האָט זיך געפיהלט שטאָלץ מיט זיין פאַמיליע און חנה'ן האָט ער ליעב באַקומען ווי אַ גוטע שוועסטער.

— דו לאָז בעסער צופריעדען חנה'ן, הערסט! — איז ער אריין אין כעס — זי איז מיין קוזינע און אַן עלענדע דאָ... זעה בעסער, ווי שמוציג אין הויז איז און ווי דו זעהסט אויס!...

— איך האָב דיך מיט דער קוזינע דיינער, די פאַרשווינדעל...

סעם איז אויפגעשפּרונגען אַ צוקאָכטער, און מיט דעם קינד אויפ'ן האַנד, איהר דערלאַנגט אַ זעץ אין פּנים מיט דער אנדערער.

גאָסי האָט אָנגעהויבען שרייען:

געוואַלד מענשען ראַטעוועט! מיין מאַן וויל מיך דער'הרג'־ענען אויף טויט! געוואַלד! רופט פּאָלים!

סעם האָט גאַנץ געלאַסען פאַרשלאָסען די טיר, אַראָפּגעלאָזט דאָס שרייענדיג קינד, און ווען זי איז געשטאַנען מיט אַ שוך אין האַנד, איהם אין קאָפּ צו וואַרפען, האָט ער זעהר פלינק אויסגעמיעדען דעם פאַלענדען שוך און זי אַריינגעשלעפּט אין שלאָפצימער. ער האָט זי אַ וואָרף געטאָן אויף דאָס ניט פאַרבעטע בעט מיט'ן מויל אין קישען, און קאַלטבלוטיג און האַרצלאָז זי געשלאָגען. גאָסי האָט מיט אַלע כחות זיך איבערגעדרעהט מיט'ן פּנים צו איהם. זי האָט מעהר נישט געשריען; זי איז געווען צופיעל דערשראָקען. זי האָט אָנגעקוקט מיט אַ טויט שרעק זיין, מיט בלוט אָנגעלאָפענעם, פּנים און ווילדע אויגען. זי האָט אינסטינקטיוו געוואָלט לייענען אויף זיין פּנים, צו ער מיינט זי אויף צו דערהרג'ענען

— סעם לאָז אָפּ, דו וועסט מיך דאָך אויף טויט צו דער'ענען! — האָט זי געוויינט, אַרומגעכאַפּט זיין האַלז, זיך געטוליעט אָן איהם און געוואָלט די רציחה אין איהם פאַרבייטען אויף תאוה צו איהר. . . .

ער האָט זי אַ וואָרף געטאָן אויפ'ן בעט און מיט פאַראַכטונג אַריין אין עס־צימער.

עס האָט אין איהם געציטערט יעדער עבר; דאָס ערשטע מאָל, אַז ער האָט זי געשלאָגען... ביז היינט נאָך קיין פינגער אויף איהר ניט געלעגט. ער האָט געשלאָגען זיין ווייב... זיין גאָסי'ן; ער איז געווען צוטומעלט און דערשראָקען...

גאָסי איז אויפגעשפּרונגען פון בעט, אַ צורייצטע און מיט אַ טיגערישער פלינקקייט געכאַפּט אויף זיך אַ לאַנגען מאַנטעל, פאַרשפּיעלעט די שיך, גענומען דאָס קינד און די שליסלען און איז אַרונטער די טרעפּ.

סעם איז געווען זיכער, אַז זי געהט נאָך אַ פּאָליסמאַן איהם צו לאָזען אַרעסטירען. זיין ערשטער געדאַנק איז געווען צו אַנטלויפען. ער האָט זיך אָבער נישט גערירט פון אָרט; געשלאָגען דאָס ווייב, ער וועט נישט לייקענען, אָבער לויפען וועט ער נישט, זאָל זיין וואָס ס'וועט זיין... ער איז געבליבען זיצען און גע־

ווארט. עס אזי אוועק א שעה און צוויי און גאָסי איז מיט קיין פּאָליסמאַן ניט געקומען חרטה האָט איהם געמאַטערט, ער האָט זיך דערמאָנט ווי שעהן זיינע שוועסטער און ברידער לעבען זיך אין דער היים.

נאַכט איז צוגעפאַלען, קיין פּאָליסמאַן איז נישט געקומען נאָך איהם און סעם האָט אָנגעהויבען פיהלען א דרך ארץ פאַר גאָסי'ן . . .

ער האָט אויסגעטאָן די זונטאָג'דיגע קליידער און א הונגע־ריגער זיך געלעגט שלאָפען. איינשלאָפען האָט ער נישט געקענט; הונגער און חרטה האָבען נישט דערלאָזען . . .

ארום צוועלף ביינאַכט האָט ער געהערט ווי גאָסי איז גע־קומען מיט'ן קינד, ער האָט געמאַכט זיך שלאָפענדיג און גע־וואָלט זעהן וואָס זי וועט טאָן. זי האָט געלעגט דאָס קינד אין וויגעלע, א ווײַלע שפּעטער האָט ער דערשמעקט דעם ריח פון זיסע אוגערקעס און פרישע קאַפע. א הונגער האָט איהם גענומען נאָגען ביז צום וועהטאָג, ער האָט אָבער מורא געהאַט פון אָרט זיך א ריהר צו טאָן, און געוואַרט און געלויערט ווי א קאַץ צו זעהן וואָס זי וועט טאָן. ער האָט געהערט ווי זי לעגט זיך אויך אין בעט אָן אָנגעטוענע און גאָר ביים ברעג. נאָר ביסלעכווייז, לאַנגזאַם, לאַנגזאַם, זיך אַלץ דערנעהנטערט צו איהם. ער האָט זיך גע־מאַכט שלאָפענדיג און געזיפצט פונ'ם שלאָף. און אָט האָט ער דערפיהלט זי גאָר נאָהענט צו זיך און איהר באַק קעגען זיינער. א ציטער איז דורך זיין קערפּער אוים ליעבשאַפט צו איהר. נאָר ער איז געשלאָפען . . .

— סעם . . . — האָט זי א זאָג געטאָן מיט ווייכקייט און פול ליעבע.

ער איז אויפגעשפּרונגען, געכאַפּט זי אויף זיינע הענד ווי זי וואָלט געווען א קליין קינד. ארומגעלאָפען מיט איהר אויף די הענד זי קושענדיג און וויינענדיג פון גרוים גליק און פרייד.

— גאָסי, מאַי דאַרלינג גוירל! — האָט ער באַגייסטערט זי גערופען.

— לאַיק אַ טרו אַמעריקאַן גוירל! האָסטו געגומען די קלעפּ, ווי אַ העלדין פון אַ „סטאָרי", און איך ליעב דיך! איך ליעב דיך היינט מעהר ווי אַלע מאָל!

זי איז געלעגען אויף זיינע הענד אַ צופריעדענע; איין אויג איז איהר געווען צוקלאַפּט ברוין און בלאָה און מיט דער אַנדערער האָט זי געקוקט אויף איהם פול אַנטציקונג.

— אָבער ביסטו שטאַרק, סעם, ווי אַ „פּרייז פייטער"! אַ גאַנצען טאָג בין איך געלעגען און מיט קיין גליעד זיך נישט געקאָנט ריהרען פון וועהטאָג. דער טאַטע האָט געוואָלט זיך געהן שלאָגען מיט דיר. ער געהט זיך שלאָגען מיט דיר!... שיכור איז ער אויך געווען. האָב איך און די שטיפמוטער נישט דערלאָזען. און איך בין געלעגען און געטראַכט, ווי שטאַרק דו וועסט מיך ליעב האָבען, ווען איך וועל אַהיים קומען...

ער האָט זי ווילד און ליידענשאַפטליך געקושט און איהר געמאַכט קאָמפּלימענטען.

— דעם טאַטענ'ס אַ טאָכטער! זיך אויפגעהאָדעוועט אויף זיינע קלעפּ מיט'ן בייטש! פּאַרט אין „עקספּרעסמאַנ'ס" אַ טאָכטער! ענד לאַיק אַ טרו אַמעריקאַן גוירל!

איינס פאַרטאָג האָבען זיי געגעסען סאַפּער, פרעהליך גערעדט און געקייכט פון געלעכטער. זי האָט זיך דערמאָנט ווי ער האָט אַמאָל מייק'ען אָנגעבראָכען די ביינער דערפאַר, וואָס זי איז געגאַנגען מיט איהם צו אַ „דענס". איהר לינק אויג האָט געפינקעלט שווארץ און פול פייער. דאָס רעכטע איז געווען פאַרמאַכט מחמת דאָס לידעל איז געווען אָנגעשוואָלען. זי איז געווען גליקליך. זיין ליעבע האָט זיך געהאַלטען ביים אָפּקיהלען, און דאָ מיט אַמאָל איז געקומען די צערטליכקייט פון חתן־כלה צייטען און די ווילדע ליעבע פון גלייך נאָך דער חתונה. גאָסי איז געווען שטאַלץ און גליקליך און מיט גאווה געקוקט אין שפּיגעל אויף איהר אונטערגעשלאָגענער אויג. דאָס ערשטע מאָל, אַז זי האָט געקראָגען געשלאָגען פון איהר מאַן... און... ס'איז גאָר ניט אַזאַ געפעהרליכע זאַך... איצט טוט איהר אין ערגעץ ניט וועה... און דאָס אויג וואָס

ס'איז בלוי? וועט זי שוין געפינען א תירוץ מאָרגען... אָבער ווי וועט דאָס סעם זיין צו איהר!... מאָרגען וועט שוין זיין „מואווים", ער וועט שוין נישט געהן שפּיעלען פינאַקעל און זי איבערלאָזען אליין...

אויף מאָרגען אין דער פריה, ווען סעם איז אויפגעשטאַנען צו געהן צו דער ארבייט, האָט אין שטוב געלויכטען אין אלע ווינקעלאַך. א גוטער פריהשטיק איז געשטאַנען אָנגעגרייט און געוואַרט אויף איהם. גאָסי איז געווען אָנגעטאָן אין א שעהנע קימאָנע א צופריעדענע. ער האָט אין אָנפאַנג אביסעל אוועקגעקוקט פון איהר בלויער אויג. אָבער באַלד האָט ער זיך צוגעוועהנט און ס'האָט איהם נישט געאַרט. גאָסי, פאַרקעהרט האָט זיך נאָר געוואָלט איהם וואַרפען אין די אויגען מיט איהר אונטערגעהאַקטער אויג. ביי אַן אנדער ווייב וואָלט ער שוין אפשר געווען „איבער'ן וואַסער"... אָבער זי האָט עס צוגענומען ווי צוויי מאָל גאָר נישט... און זי האָט געוואוסט אז ער איז געוואַלטיג שטאָלץ מיט איהר, און ביידע האָבען זיך געפיהלט ווי אויף מאָרגען נאָך דער חתונה...

# מטושטש.

שכנה האָט ליעב געהאַט אַרומצושפּאַציערען אויף בית־עולם'ער. זיינע פריינד האָבען דערפאַר אויף איהם געזאָגט: ער איז מטושטש, ער האָט אַ שגעון אין קאָפּ, איהם פעהלט אַ „קלעפּקע". די געוועהנליכע ווערטער וואָס מ'וואַרפט אַרויף אויף יעדען איינעם וואָס איז ניט קיין משוגענער, אָבער אויך ניט ווי אַלע...

שכנה אַליין, האָט אָבער זיך געהאַלטען פאַר אַ שטיקעל פילאָזאָף און ער האָט זיך גאָר ניט געקימערט וואָס מ'זאָגט אויף איהם.. אדרבה, ס'האָט איהם גאָר הנאה געטאָן.

די וועלט האָט בטבע ליעב צו הערען וואָס אַ מענש מיט אַ שגעון אין קאָפּ האָט צו זאָגען. אַזאַ איינער זאָגט אַמאָל אַרויס קלוגע זאַכען... מענשען ווי אַלע, זאָגען תמיד וואָס די חכמים האָבען שוין לאַנג געזאָגט...

מענשען געהן אין פּאַרקס, אין גרינע וועלדער נאָך רוה, נאָך שעהנקייט, און שכנה האָט דאָס געפונען אויפ'ן בית־עולם....

קיין פריינד און קרובים האָט ער אויף די ניו יאָרקער בית־עולם'ער ניט געהאַט; ער האָט זיי אָבער אויך ניט געהאַט אין שטאָדט...

ווי נאָר שכנה האָט דערפיהלט, אַז עפּעס מאָדנע געדאַנקען נעהמען זיך פּלאָנטערען אין זיין מח, געדאַנקען — ניט צום דער־קלערען זיך און ניט מיט דער האַנט אָוועקצושאַרען — איז ער זיך אַביסעל דורכגעגאַנגען אויפ'ן בית־עולם. דאָרט ווערט דער קאָפּ

עפּעס אזא גרינגער, אזוי קלאָר און אויסגעלייטערט און אַ סך, אַ סך זאַכען ווערען פאַרענטפערט...

איז דען דאָס לעבען באמת אזא גרויסע מציאה?... האנדעלט דער מענש אזא גרויסע מציאה מיט דעם געבוירען ווערען?

דאָס זיינען געווען די טענות וואָס שכנה האָט געהאַט צו זיין אָרעמען מח. איהם אָנגעלאָדען פול מיט אזעלכע פראַגעס וואָס האָבען איהם געפרעסט ווי אַ שווערע משא. יעדען ענטפער האָט ער נאָר אין זיין אייגענעם מיעדען מח געוואָלט געפינען. האָט ער געטראַכט:

„יאָ, געבוירען ווערען איז אַ גרויסע זאַך, אַ זכיה. זיין אַ קינד איז אַ גרויסע פרייד... אַ קינד איז עפּעס פון אַלץ, אַ פונק פון יעדען וואונדער... וואַקסט ער זיך אָבער אויס בלייבט ער ניט מעהר ווי אַ פּאַרזעהעניש. און ס'קומט די שטראָף פון לעבען פאַר דעם געבוירענעם... קומט אָבער דער טויט און לייזט איהם אויס פאַר דעם שטראָף פון לעבען... אָט אין דער אויסלייזונג ליגט די העכסטע פאַרגיטיגונג, וואָס גאָט האָט דעם מענשען געגעבען; גאָט'ס גאָב צום מענשען איז בלויז די נשמה, דאָס געבוירען ווערען פון דער נשמה אין דעם גוף איז דעם שאָטען'ס. דעריבער דאַרף מענש און נשמה זיך ווילען אומקערען צום טויט, און מענש און גוף מאָג ווילען זיין ביים לעבען..."

שכנה האָט מיט אַ מין אומגעדולד געוואַרט אויף די גרויסע מינוטען פון שטאַרבען... אַ פאַרגעניגען האָט איהם פאַרשאַפט זיך אויסצומאָלען אַ שעהנע סצענע פון שטאַרבען:

אַליין איז ער אויף אַ הויכען באַרג, קוקט אַריין אין אַ קלאָרען ווייטען הימעל, זעהט ווי אונטען איג'ם טאָל שווייבלען און גריבלען מענשען ווי די פליגען און ער שטאַרבט אין דער הויך... אָדער: ער שטעהט פאַר אַ גרויסען עולם מענשען, זאָגט זיי ווי נאַריש דאָס לעבען איז, און ווי וואונדערליך דאָס שטאַרבען און — שטאַרבט... אַניט ליגט ער אין אַ בעטעל און קוקט דרויסען. זעהט צו ביז דער לעצטער רגע ווי מענשען האָווען און

שמייען. ער פאַררויכערט זיך זיין פּיפּקע און דעם לעצטען אָטעם הויכט ער אויס דורך דער ליולקע מיט'ן רויך ארויס...

עס זיינען אויך געווען צייטען וואָס שכנה האָט געוואָלט זיין ווי אַלע.. דעמאָלט איז ער אוועק אַרבייטען, פאַרדיענט און זיך אויסגעקליידט און איז געווען אַ מענש ווי אַלע... און אַז ס'איז איהם נמאס געוואָרען זיין ווי אַלע, איז ער געוואָרען דער פילאָ־זאָף... אָדער ווי די באַקאַנטע פלעגען זאָגען: שכנה איז שוין ווידער מטושטש.

שכנה'ן איז איינגעפאַלען: זיך דערמאָנען ווי אַזוי ער איז געבוירען געוואָרען; אָט די ערשטע מינוטען פון לעבען... פאַר־וואָס זאָל מען דאָס גרויסערהייד ניט קענען געדענקען?

ווען ער איז שוין געווען אַ דערוואַקסען אינגעל, האָט ער תמיד ליעב געהאַט הערען דער מאַמען דערצעהלען ווי אַזוי ער איז געבוירען געוואָרען: „געקומען מיט אַ געוואַלדיגען קוויטש, און אויף מאָרגען האָט ער שוין געשמייכעלט", פלעגט זי דער־צעהלען.

פאַרוואָס האָט ער אַ קוויטש געטאָן בעת ער איז געבוירען געוואָרען? און פאַרוואָס האָט ער שוין אויף מאָרגען געשמיי־כעלט?... עפּעס האָט דאָך געמוזט זיין אַ „פאַרוואָס" פאַר זיין געוויין און שמייכעל. איז איהם דאָס געוואָרען זעהר אינטערע־סאַנט צו דערגעהן...

האָט זיך איהם געגומען אויסווייזען, אַז ער וועט קומען צו דער מאַמען אין דער היים — זיי וואוינען נאָך אין דעם אייגענעם צימער, אַפילו די מעבעל שטעהט נאָך אויסגעשטעלט ווי אַמאָל — וועט ער זיך אריינטראַכטען פון אַלץ וואָס איז דעמאָלט געשעהן און זיך דערמאָנען...

איינמאָל האָט זיך שכנה אריינגענומען אין קאָפּ צו פאָהרען אהיים, האָט ער זיך אוועקגעזעצט רוהיג ארבייטען, אָפּגעשפּאָרט געלט און געפאָהרען.

. . . . . . . . . .

אַלץ אין צימער איז געווען ווי אַמאָל, בעת ער איז נאָך אַ

קליין אינגעל געווען.. דאָס בעט, דער קאַמאָד, דער טיש, נאָר אַלץ אַלט. און די מאַמע אויך אַלט ווי דער טיש און דאָס בעט... און שכנה האָט געטראַכט:

„מטלטלים, אַזוי ווי מענשען ווערען אַלט..."

שעה'ן לאַנג איז ער אָפּגעזעסען אין דעם קליינעם אַלקערעל און געפּרואווט זיך דערמאָנען: „אָט שטעהט די בעט ווי מיט דריי־סיג יאָהר צוריק, דעם צווייטען טאָג שבועות אויף דער נאַכט, איז די מאַמע געלעגען אין בעט אין ווערען. טריינע די הויבאַם האָט זיך אַרומגעדרעהט איבער'ן צימער און אויף איהם געוואַרט. אַביסעל שכור'לאַך געווען, גענומען אַ שמעק טאַבאַק און מיט אומ־געדולד אויף איהם געוואַרט... ער איז געלעגען ביי דער מאַמען אין דער געבעהר־מוטער און ס'איז איהם געווען גוט. פּלוצים איז איהם אָבער ענג געוואָרען, ער האָט זיך געוואָלט ריהרען מיט אַ האַנט, מיט אַ פוס און ניט געהאַט קיין אָרט. האָט ער זיך גע־לאָזען געהן, פּונקט ווי ער איז אַוועק פון דער מאַמע'ס פּאָלע, בעת ער איז אַלט געוואָרען זעקס יאָהר... אַ קעלט האָט אויף איהם אַ וועה געטאָן, אַ פּאָר גרויסע, האַרטע הענט האָבען איהם אַ געהם געטאָן און דערפאַר האָט ער אַזאַ קוויטש געטאָן.. יאָ, דאָס איז עס; ער האָט זיך דערמאָנט... אויף מאָרגען האָט מען איהם אויסגעבאָדען, איינגעוויקעלט אין ווינדעלאַך, וואַרים, טרוקען און מ'האָט איהם צוגעלייגט צו דער מאַמע'ס ברוסט און ער האָט גע־זויגען. איז איהם די גאַנצע פּראָצעדור גרייליך געפעלען גע־וואָרען און ער האָט געשמייכעלט."

נאָך דעם, ווי שכנה האָט זיך אַלץ דערמאָנט, איז איהם מעהר קיין אינטערעס ניט געווען צו בלייבען אין שטעדטעל ביי דער אַלטער מאַמען אין שטיבעל.. דערצו האָט נאָך די מאַמע תמיד געקוקט אויף איהם מיט רחמנות'דיגע אויגען און געוויינט... האָט ער זיך פאַרבענקט נאָך דעם גרויסען טומעלדיגען ניו יאָרק און געקומען צוריק.

איין מאָל צוריק אין אַמעריקאַ, האָט ער שוין מעהר ניט גע־

טראַכט וועגען דער מאַמען און זיין געבוירען ווערען. . ער האָט דאָס שוין געוואוסט....

אומגעהענדיג איבער די גאַסען שטאַרק פאַרטראַכט וועגען די מאָדנע שטילקייט, וואָס בלייבט איבער אויפ'ן בית־עולם, בעת מ'פאַרשיט אַ קבר און אַלע קעהרען זיך אום אהיים, האָט אימיצער איהם פּלוצים אַ שלעפּ געטאָן ביים אַרבעל:

— שכנה, קויף אַ בילעט אויף אַ באַל, ס'איז פאַר אַ שווינד־זיכטיגען, שיקט מען איהם אַוועק קיין ליבערטי, אַזוי וועט ער נאָך לעבען!

— אַזוי! אַז מ'שיקט איהם קיין ליבערטי וועט ער נאָך לעבען! נו נאַדיר פופציג סענט און האַלט זיך מיט'ן בילעט.

דער בחור האָט גענומען דאָס געלט און אַוועק זיך בעת מעשה געטראַכט: „שכנה איז גוט מטושטש."

און שכנה איז אַוועק בורטשענדיג: „אַז מ'שיקט איהם קיין ליבערטי וועט ער נאָך לעבען... נאָך לעבען"...

באַלד האָט ער זיך פאַרגעסען אָנ'ם בחור און ווייטער גע־גאַנגען. ער האָט זיך שטאַרק פאַרקוקט אויפ'ן טראָטואַר אַוואו ער האָט שפּאַצירט.. אין דעם איינענעם טראָט וועט אַן אַנדערער טרעטען בעת ער וועט שוין ניט זיין. די זון וועט שטעהן אויפ'ן זעלביגען אָרט אין הימעל, די קאַר וועט פאַרביילויפען און די אידענע, וואָס איז אריין אין אַפּטייק מיט די פּאַטשיילע אויף די פּלייצעס, קען זיין, וועט דעמאָלט אויך אַריין אין אַפּטייק קויפען די אייגענע זאַך. קיין חילוק ניט פון איצט ביז דעמאָלט. הייגט צוואָס טרעטען דעם טראָטואַר?...

נאָר אַז שכנה האָט דערפיהלט, אַז זיינע געדאַנקען פּלאָנ־טערען זיך שטאַרק אין זיין מח, האָט ער גלייך אַ טראַכט געטאָן וועגען נעהמען אַ לאַנגען שפּאַציר אַרום בית־עולם. געבען דעם היטער אַ פּאָר סענט, וועט ער איהם אריינלאָזען. און ער וועט זיך זעצען ביי אַ קבר אָפּרוהען.

תמיד האָט ער אויסגעקליבען אַ קינדערש קבר'ל און דאָס טויטע קינד געטרייסט: „פאַרשפּאָרט דורכצומאַכען דאָס מיאוס'ע לעבען פון אַ לעבעדיגען מענשען. יאָ, מיין ליעב, טויט קינדעלע"...

אַ שעה צוויי אָפּגעזעסען, האָט שכנה זיך אויפגעהויבען אַן אויסגערוהטער, אַן אויסגעלייטערטער און זיך אומגעקעהרט אהיים.



# יחוס.

שוין אויף דעם צימער אליין א קוק טוענדיג, האָט מען גע־קענט זעהן, אַז דאָ וואוינט א טאָכטער פון א טאַטען א היימישען גביר, א משכיל, און א מאַמע — האלב א בעל הבית'טע און האלב א דאַמע.

דאָס צימער איז געווען קונציג איינגעטיילט אין דרייען. איין ווינקעל — אָפּגעצאַמט מיט פּלוש־פאָרהאַנגען — מיט א טואלעט־שפּיגעל אָנגעשטעלט מיט פּאַרפיומען און אָדע־קאָלאָן און א ווייס בעטעל, איז געווען דאָס שלאָף־צימער. א צווייטער ווינקעל מיט א דיוואַן און זיידענע קישעלעך, א ביכער־שראַנק מיט ענגלישע, דייטשע און רוסישע ראָמאַנען, און קאָפּיעס פון באַוואוסטע בילדער אין נעטע ראַהמען אויף די ווענט — דער זאַל; הינטער א געשטעל מיט גרינעם בורלעפּ און ראָזע שטיקערייען — די קיך.

און אלישבע, דין, הויך, מיט א שאַרף־בלאַסען פאַרעדעלטען פּנים, די גרויליכע האָר שטענדיג פריצ'עס פאַרקאַמט, אָנגעטאָן אין אָפּגעטראָגענעם זייד און סאַמעט, האָט אויסגעזעהן ווי א פאַר־וועלקטע פּרינצעסין אין א געפענגנים־שלאָס.

אין קאָוונאָ, די שטאָדט פון יחסנים און בעלי־גאוות, איז אלישבע געווען פאַררעכענט פאַר דאָס שעהנסטע און געראָטענסטע מיידעל. איהרע שטיקערייען זיינען געווען פול מיט קונסט. און אלע גביר'ישע מיידלאָך פלעגען ארונטערנעהמען מוסטערען דער־פון; ביים זינגען האָט אלישבע'ס קול געקלונגען העכער און קלעהרער פון אלעמענס, צום טאַנצען זיינען איהרע פיס געווען די לייכטסטע.

חדר־אינגלאך, ווען זיי האָבען געזעהן אלישבע׳ן דורכשוועבען לייכט און לעבעדיג די גאַס, האָבען דרך־ארץ געהאַט, און צווישען זיך אָפּגערעדט, אז ווען זיי וועלען אויסוואַקסען גרויס, וועלען זיי נעהמען פאַר כלות, נאָר אַזאַ מיידעל ווי אלישבע.

מיט אַ שידוך איז אַזוי געגאַנגען: וועמען אלישבע האָט געוואָלט, האָט דער פאָטער נישט דערלאָזען, און וועמען ער האָט אויסגעקליבען, אויף דעם האָט אלישבע גלייך חסרונות אויסגעפונען.

אלישבע, איז געווען איין איינציגע טאָכטער צווישען דריי ברידער, און טאַטע־מאַמע און די ברידער האָבען איהר אַלץ נאָכגעגעבען.

נור פּלוצלונג האָבען די געשעפטען אָנגעהויבען געהן קאַפּויער. מ׳האָט זיך געשטיקט דערמיט אַזוי לאַנג ווי מ׳האָט געקענט. די צוויי עלטערע ברידער זיינען אוועק אין אפריקאַ, געוואָלט רייך ווערען כדי צו קענען אויפהאַלטען דאָס שעהנע הויז און דעם שעהנעם נאָמען אין קאָוונאָ. דער אינגסטער איז אוועק אין אמעריקאַ. אויך מיט די זעלביגע אידעאַלען.

און דער אינגסטער ברודער האָט אַריבערגענומען אילשבע׳ן קיין אמעריקאַ.

זייט דעמאָלט איז שוין אוועק פופצעהן יאָהר. דאָס לעבען אין ניו יאָרק, די ארבייט אין די שעפּער האָט איהר דעם קאָפּ גראָה געמאַכט, דאָס געזיכט בלאַס און פאַרוועלקט; אָבער אלישבע איז פאַרבליבען דאָס פאַרעדעלטע, פאַרצויגענע יחוס־קינד, די אידישע פּריצ׳טע.

איהר אינגערער ברודער האָט זיך דאָ אויסגעלערענט בוכבינדעריי. ער האָט געמאַכט אַן אייגען געשעפט און איהם איז אוועק גוט.

ער האָט חתונה געהאַט. באַגעגענט אַ מיידעל, וואָס האָט זיך אויך גע׳יחסן׳ט, איהר יחוס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זי איז געבאָרען געוואָרען אין קיעוו גופא; און פלעגט אָפּט פאָהרען צו אַ רייכער טאַנטע אין פּעטערסבורג צו גאַסט. זי האָט

געהייסען אָלגא, געהאט לאַנגע בלאָנדע האָר און זיך געקענט מיט סטודענטען.

ער האָט איינגעאָרדענט א היים פאַר זיין ווייב און שוועס־טער. און די שווענעריננס האָבען זיך געקריעגט, אָנפאַנגס אויף רוסיש, שפּעטער אויף אידיש. אלישבע האָט נישט געקענט פאַר־טראָגען, וואָס אָלגא איז אזוי וואולגאר מיט איהרע באַריהמערייען פון אָפיצערען און סטודענטען. אָלגא האָט נישט געקענט ליידען און פיינט געהאט די פאַרעלטערטע ליטווישע יחסן׳טע. דער ברודער האָט געמיינט, אַז זיין שוועסטער איז גערעכט; דערויף האָט אָלגא געענטפערט מיט היסטעריקעס ווי א פּעטערסבורגער „באַרישנא” און געשריען, אַז זי וויל א גט. און אלישבע האָט זיך איינגעאָרדענט דעם שעהנעם צימער׳ל פאַר זיך אליין.

איצט האָט זי מעהר נישט געאַרבייט. דער ברודער האָט איהר געגעבען צום לעבען, און פון צייט־צו־צייט האָבען די ברידער פון אפריקא איהר געשיקט געלד.

דער אינגערער ברודער האָט זיך געפיהלט שולדיג געגען אלישבע׳ן, וואָס ער האָט פריהער חתונה געהאט. אַם וויינינגסטען, וואָלט ער דאָך זיין שוועסטער געקענט נעהמען אין טעאַטער, אויף אבענדען; און ער וואָלט זיך אזוי שטאָלץ געפיהלט צו געהן מיט איהר. אין זיינע אויגען אי זי נאָך היינט געוועזן די שעהנע, שטאָלצע אלישבע, אויף וועלכע אלע דאַרפען די אויגען מיט דרך ארץ אויפהויבען און זי באַוואונדערען, און איצט, אָדער עס מוז פאָרקומען א קריעג אין הויז, אָדער ער מוז א ליגען זאָגען, ווען ער וויל אַן אבענד מיט זיין שוועסטער פאַרברענגען.

און אלישבע, פלעגט אָפּזיצען טעג און אבענדען אליין. אָבער שטיל און געהיים האָט א שטיקעל האָפנונג אין איהר געלעבט: עס וועט נאָך קומען דער דאָקטאָר, איזשעניר אָדער אדוואָקאַט, מיט די שעהנע מאַנירען, אַן אדעלמאַן; ער וועט זי אָפּשאַצען און איהר פאַרגעבען די עטליכע איבעריגע יאָהרען און די גרויליכע האָר און זיי וועלען זיין גליקליך. און איהר ברודער, די נאָבעלע נשמה, וועט זיין דער גליקליכסטער אין דער וועלט.

עס איז אריבערגעקומען א יונגער מאַן פון קאָוונאָ, אין דער היים איז ער געווען א גאַרבער. אין לאָנדאָן האָט ער זיך אויס־געלערנט דעם בוך־בינדער פאַך. געוואָרען א סאָציאַליסט, געווען פאַרמישט אין א סטרייק און די לאָנדאָנער פּאָליציי האָט געהאַט אויף איהם אַן אויג.

דאָ, האָט ער זיך דערוואוסט פון זיין קאָוונער „לאַנדסמאַן” און אָנגעקומען ביי איהם אַרבייטען. ער, סעם גאַרבער, האָט גוט געדענקט אלישבע'ן און איהר ברודער פון קאָוונאָ. ער איז נאָך געווען א צעהן־יעהריג אינגעל, געוואוינט ערגעץ אין א הינטער־געסעל, און אלישבע איז שוין דעמאָלט געווען א צוואַנצעג־יעהריגע מיידעל, ער האָט זי דערקענט. ער האָט זי געזעהן אין פאַבריק, ווען זי איז געקומען זעהן דעם ברודער. נאַטירליך, זי האָט איהם ניט געקענט און ניט געדענקט.

אלישבע'ס ברודער האָט ליעב געהאַט קאָוונאָ, און יעדען ווער עס איז נאָר אהערגעקומען פון קאָוונאָ. ער האָט דעריבער פאַרבעטען אפילו סעם גאַרבער צו זיך אין הויז. יענער איז גע־קומען און ביסלעכווייז איז ער געוואָרען אַן אָפטער באַזוכער און א הויז־פריינד.

אָלגאַ האָט גענעבען אָנצוהערעניש איהר מאַן, אַז מ'באַדאַרף זעהן אלישבע'ן צו „פאַרשלייערען” מיט איהם.

א וואָך צייט האָט ער מיט איהר דערפאַר נישט גערעדט און אין איהר ווינקעל נישט געקוקט פאַר ערלויבען זיך דאָס צו זאָגען. אָלגאַ, נאַטירליך, האָט נישט געמיינט זייער יחוס דאָ צו מינדערען; זי האָט געוואָלט אלישבע זאָל חתונה האָבען און איהר מאַן זאָל נישט דאַרפען אויסהאַלטען זיין שוועסטער.

אָלגאַ האָט אָנגעהויבען צו רעדען מיט סעם'ען וועגען דעם; איהם האָט זיך שיער זיין קאָפּ נישט געשפּאָלטען פון אַזאַ גע־דאַנק... א גאַנצע נאַכט האָט ער נישט געקענט איינשלאָפען. ער, חתונה האָבען מיט אלישבע'ן!... אַז ער זאָל עס אוועקשרייבען אין קאָוונאָ, אינ'ם געסעל, וואו ער האָט געוואוינט, אַז ער, שאַבקע גאַרבער, האָט דאָ אין אמעריקאַ חתונה געהאַט מיט אלישבע'ן,

יחיאל נאַטאַנזאָהנ׳ס טאָכטער! קאָוונאַ וועט אומגעהן אויף רעדער! „ביי גאָלי!״ ער וועט עס טאָן. און זיי זאָלען דאָרט וויסען, אַז דאָ אין אַמעריקאַ איז קיין יחוס נישטאָ, אָרים און רייך אַלע גלייך... דאָ איז דער רב און דער בעדער, פון איין לעדער. נאַר... אמת, זי איז מיט צעהן יאָהר עלטער פון איהם! מיט גרויע האָר... אָבער זי איז דאָך אלישבע! דאָס שעהנסטע מיידעל אין קאָוונאָ געוועזן. אפילו פון איהרע הויכע קאַמאַשלאַך האָט מען דאָך גערעדט. ער וועט עס טאָן. ער איז אַ סאָציאַליסט, ער וועט באַווייזען, אַז אַלע מענשען זיינען גלייך. און אַז ס׳איז געקומען זונטאָג האָט זיך סעם אָנגעטאָן זיין נייעם בלויען אנצוג, דעם רויטען קראַוואַט און די לאַקירטע שיך און געגאַנגען זעהן אלישבע׳ן.

ער האָט זי געטראָפען זיצענדיג אויפ׳ן דיוואַן מיט אַ בוך אין דער האַנד; אָנגעטאָן אין זייד, סאַמעט און קרעם שפּיצען. זי איז פאַר איהם ערשיענען ווי אַ שטאָלצע פּוילישע פּריצ׳טע, פאַר וועלכע ער וויים אפילו נישט ווי זיך צו פאַרנויגען.

ער האָט זיך פאַרלוירען, און מיט אַ שווינדעל אין קאָפּ האָט ער אַראָפּגענומען דאָס היטעל און איהר אויסגעשטרעקט אַ האַנד. זי האָט שנעל צוריקגעכאַפּט איהר קליינע, דינע האַנד פון זיינע, רויט און ברייט, כמעט קיילעכדיג.

ער האָט זי דערמאָנט, ווער ער איז פון קאָוונאָ, דערצעהלט אַלץ וואָס עס האָט געטראָפען נאָך איהר אַוועקפאָהרען, ווער עס האָט חתונה געהאַט, ווער ס׳איז אַוועק אין אַמעריקאַ און ווער ס׳איז פאַראָרעמט געוואָרען.

זי האָט איהם אַלץ אויסגעהערט, דערווייל איהם באַטראַכט דעם ווייבערשען, קיילעכדיגען שטערען מיט אַ מאָדנעם פאַרהייל־טען שניט ביי׳ם ברעם, די רויטע קרייזלעך אויפ׳ן קאָפּ, דער רויטער פנים מיט די דינע ליפּען, די לאַקירטע שיך מיט די גראָבע, ברוינע זאָקען; אַלץ אָרום איהם האָט זי פאַרלעצט און באַליידיגט.

— און ווי געפעהלט אייך אַמעריקאַ, אלישבע?

— איך בין דאָך שוין דאָ אזוי לאַנג, איך האָב מיך שוין צו אמעריקאַ צוגעוועהנט, — האָט זי געענטפערט.

— און מיר געפעהלט אמעריקאַ זעהר גוט, נאָך בעסער ווי לאָנדאָן. דאָ זיינען אַלע מענשען גלייך, אָרעם און רייך.

אלישבע האָט געשוויעגען. איהר האָט זיך געדוכט, אז ער זיצט שוין צו לאַנג. אָבער ער האָט ווייטער גערעדט:

— האָב איך אייך פריהער אָנגעהויבען צו דערצעהלען וועגען אונזער סטרייק אין לאָנדאָן, ווי אזוי איך האָב זיך אָפּגערעכענט מיט'ן סטרייק־ברעכער. איין מאָל ביינאַכט געה איך מיר אזוי איבער די גאַסען אין ווייטשעפּעל. דערזעה איך מיין בחור. ווארט! טראַכט איך, און איך פאַרפאָהר איהם מיט אַ געזונטען קולאַק אין אויג אריין, אַ צווייטען אונטער'ן הארצען. איך האָב געפיהלט, אַז איך האָב איהם אָפּגעשלאָגען לונג און לעבער, און איך דרעה מיך אריין אין אַן אנדער גאַס און פייף מיך רוהיג די „מארסאַליעזע."

— דערצעהלט בעסער פון קאָוונאָ, איך קען וועגען אזעלכע זאכען נישט הערען, — האָט זי שטיל באַמערקט.

— אָבער, אלישבע, מיינט נישט, אַז אַ רעוואָלוציאָנער איז אַ גזלן; אָבער אַ „סקעב" און אַ שפּיאָן מעג מען אָנלערנען. און איך? צו מוידען... איך מיין... צו דאַמען, בין איך שוין איינמאָל אַ דזשענטעלמאַן. אהאַ! דאָ איז נישט קאָוונאָ, דאָ קען אפילו אַ גארבער־יונג ווערען אַ דזשענטעלמאַן. און איך בין געקומען צו אייך, ווייל אייער שוועגערין האָט מיך געבעטען... דאָס הייסט, זי האָט מיר געראַטהען אזוי. זי איז זעהר אַ קלוגע. דאָ, זאָגט זי, שפּיעלט נישט קיין ראָלע אביסעל יחוס... איך פאַר־דיען גאַנץ פיין ביי אייער ברודער... אויב, וואָס־ווען... וועט ער מיך מאַכען פאַר'ן פאָרמאַן...

אלישבע איז פאַרציטערט געוואָרען. זי איז נערוועז אויפגע־שפּרונגען פון'ם דיוואַן, און באַפוילען מיט שטאָלץ:

— ענטשולדיגט מיר, געהט אהיים. איך וויל געהן עסען מיטאָג. און שיקט מיר מיין ברודער אהער!

— „אַלערייט״, איך געה, איך וועל אייך שיקען דעם ברו־דער; מיר וועלען נאָך זעהן — האָט ער געזאָגט, געבענדיג איהר וויעדער זיין ברייטע, קיילעכדיגע האַנד.

ווען ער איז אוועק, האָט דאָס יחוס־קינד פון קאָוונאָ, די אידישע פּריצ׳טע צוזאַמענגעבראָכען אין אַ געוויין אויף איהר זיי־דענעם קישעלע.



# דער אַלטער שלמה אורדאַנק.

אז דער אַלטער שלמה איז נאָר געוועזן אויפגעלעגט, פלעגט ער געבען א הויב דעם ווייסען קאָפּ, טאָן א גלייך אויס די קיילעכ־דיגע פלייצע און מיט א שטעל, ווי א חזן ביים עמוד, זיך צו־זינגען:

ער איז געווען א גרויסער, א הויכער,
ער איז געווען א לייפּציגער סוחר.

אָנהויבען פלעגט ער מיט א געהויבענעם ניגון, אָבער תיכף ארונטערפאלען אין אן אומעטיגען, ריטמישען יאָמערען. צו זיין גוט אויפגעלעגט, האָט שלמה בלויז געדארפט האָבען זיין קעלע־שיקעל שארפען בראָנפען מיט אן אייער־קיכעל גלייך נאָך שחרית.

זיין ווייב מאשא, כאָטש זי האָט אויסגעהאָדעוועט צוויי טעכ־טער, האָט געהאַט דעם אויסזעהן פון אן עקרה: א הויכע טרוקענע אידענע מיט איינגעצויגענע נאָז־לעכער און א שטייפען מויל. גע־רעדט אין געצעהלטע ווערטער, און דעם „סמך" און „שין" אויס־געהיסעט ווי א שלאַנג. ביי זיין צוזינגען זיך פלעגט זי זיך אָפּרופען:

— זיך צובלעקערצט... זיך אָנגע'שתיה'ט ווי א גוי. צוויי טעכטער האָט דאָס.... א שאנדע פאר שכנים...

אז די טעכטער זיינען געווען דערביי, האָבען זיי קיינמאָל צו קיין קריעג ניט דערלאָזט. כאָטש זיי האָבען געהאַלטען מיט דער מאַמען, האָבען זיי אָבער דעם טאַטען ליעב און אויף איהם רחמנות געהאַט. זיי געדענקען נאָך דער מאַמען בעת זי איז געווען די פערדיענערקע... היינט, אָבער האָט זיך דאָס רע־דעל איבערגעדרעהט. זיי זיינען שוין אויסגעוואקסען גרויסע, אר־

בייטען, פערדיענען גוט און האַלטען אויף דאָס הויז. דער מאַמען האָבען זיי שוין אַ סך מאָל געזאָגט, אַז עס איז ניט איהרע „ביז־נעס” אויב זיי ווילען אויסהאַלטען דעם טאַטען אויך... דאָס האָט דער מוטער שטאַרק געקרענקט. ער האָט קיין מאָל פון זייערט־וועגען אַ פינגער אָן אַ פינגער ניט אָבגעקלאַפּט. זי האָט גרייליך געוואָלט דעם אַלטען פון הויז פאַרטרייבען און בלייבען מיט די טעכטער אַליין. זי האָט אָבער פאַר זיי מורא געהאַט דאָס צו טאָן און איהם תמיד ניט פאַרגינען דעם ביסען אין מויל.

איהר שנאה צו איהם איז נאָך פאַרבליבען פון די יונגע יאָה־רען... ער איז געווען אַ בעל הבית'ישער גאַרנישט, אַ צעהן יאָהר עלטער פון איהר. איהר האָט די משפחה גענומען, כדי זי זאָל איהם מאַכען פאַר אַ מענשען... שלמה האָט דעם שידוך ניט געוואָלט, ווייל קיין גרויסע יפת־תואר איז מאַשאַ אין די יונגע יאָהרען אויך ניט געווען. נאָר שלמה'ס טאַטע האָט געגלויבט, אַז אַן עהרליכער איד דאַרף האָבען אַ מיאוס ווייב.

נאָך דעם ערשטען קינד האָט ער יאָ געפּרובט זיך נעהמען צום האַנדעל, ס'איז אָבער ניט געגאַנגען. תמיד צוגעלעגט די פּאָר קערבלעך וואָס דער טאַטע האָט אונטערגעשטופּט...

איז זי, מאַשאַ, געוואָרען די הענדלערקע אויפ'ן מאַרק, און ס'איז איהר אָוועק מיט הצלחה... אָבער איהם געבען עסען האָט זי ניט געוואָלט. וואָלט ער געווען אַ למדן, אַ לערנער, איז זי מחויב... האָט זי איינמאָל צו מיטאָג צו איהם געזאָגט, אַז צוויי מיילער אָנצוקאָרמענען איז איהר גענוג... ביינאַכט האָט שלמה געפונען פאַרשלאָסען טיר און טויער.

אויף מאָרגען האָט מען איהם מעהר אין שטעדטעל ניט גע־זעהן. אָוועק און ווי אין וואַסער אריין.

אין דריי יאָהר אַרום האָט זיך שלמה פּלוצלינג בעוויזען. גע־קומען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצען טוכענעם ראָק מיט אַן אַטלאַס־קאָלנער און לאַצען, אין אַ גלאַנציגען צילינדער, מיט אַ שטאָק אין דער האַנט און גערעדט „טייטש”.

זיין ערשטער בעזוך איז געווען צו ראָדע דער שענקערקע.

— שלמה, וואו זייט איהר געווען? — איז מען איהם בע־פאלען.

— אין לייפציג.

— וואָס האָט איהר דאָרט געטאָן?

— געהאַנדעלט.

— מיט וואָס?

— אָט... — זאָגט ער קלערענדיג א מינוט און אָנווייזענדיג אויף זיין ראָק און צילינדער — מיט טוכענע רעק און צילינדער היטלען...

און אויפדערנו האָט מען איהם א נאָמען געגעבען דער „לייפ־ציגער סוחר". אז מ'האָט געזעהן ווי ער האָט צוביטען ביי ראָדע דער שענקערקע א צעהן־רובעלדיגען צו בעצאָהלען פאר'ן טרונק, האָט זיך צוטראָגען איבער'ן שטעדטעל א קלאַנג, אז שלמה איז געקומען פון לייפציג אַן עושר, אָנגעשטאָפט ממון־קרח.

האָט מאשא אויף גיך איינגעוואַשען די צוויי טעכטערלעך. זיי אָנגעטאָן אין די שבת'דיגע קליידלעך, פארפלאָכטען שטיי־פע צעפ און זיי געשיקט ברענגען דעם טאַטען.

דריי טעג האָט אָנגעהאַלטען א לעבען זיס ווי לעקעך. אויף דעם פערטען טאָג האָט זי ארויסגעקראָגען גאָר דאָס געלט, נאָר אזוי ווי ס'איז געווען ערב ראש השנה האָט זי איהם געהאַלטען איבער יום טוב און איהם געשיקט האַנדלען...

דערנאָך פלעגט ער קומען יעדען יאָהר מיט דער האָפנונג, אז ס'וועט שוין ווערען א גוט לעבען אויף תמיד. און יעדען יאָהר זיך אָפגענאַרט...

כאָטש קיינער פון שטאָדט איז אין לייפציג ניט געווען, פון דעסטוועגען האָט מען זיך דערוואוסט, אז שלמה געהט אום אין לייפציג איבער די הייזער און קלויבט נדבות, ווי אלע בעט־לער דאָ אין שטעדטעל גופא... מעהר ניט, דאָ זיינען זיי אָפ־געריסענע און אָפגעשליסענע, טראָגען טאָרבעס איבער די פליי־צעס, און ער דאָרט געהט אוהם אין א טוכענעם פראַק מיט אַן אַלטען צילינדער און שטאָק און די רייכע „טייטשען" שיטען

איהם אָפּ מיט געלט. די לייפּציגער אידען האָבען גע׳שם׳ט פאַר גרויסע געבער. און אַז עס האָט זיך אַריינגעלאָזען אַזאַ שעה־נער „רוסישער יודע" ווי שלמה, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ געפאַלענער גביר און מיט׳ן בלויזען קאָפּ זיך פערנייגט מיט אַ עכט „דויטשען גוט מאָיען" אָדער „גוט נאַבענד" און צומאָל פאַר זיי געזונגען צונזער׳ס אָדער גאָלדפאַדען׳ס אַ „אידיש" ליעד, האָט „דיזער רוסישער יודע" געוואונען ביי זיי דעם זיבעטען חן.

און אַזוי האָט ער יעדעס יאָהר געקענט קומען אַהיים מיט שעהנע עטליכע רובעל און אויסגעקליידט ווי אַ פּראַנט. מאַשאַ איז אָבער געווען אַ קריגערקע. האָבען איהר די ווייבער אויפ׳ן מאַרק כסדר צוגעוואָרפען, אַז איהר מאַן געהט איבער די הייזער ביי די „טייטשען". די מיידלעך זיינען אונטערגעוואַקסען, געלט האָט זי געהאַט, האָט זי צונויפגעפּאַקט די בעטגעוואַנט און איז אַוועק קיין אַמעריקאַ.

שפּעטער אַ פּאָר יאָהר, האָבען די טעכטער אַריבערגענו־מען דעם טאַטען. צו פינף־און־פופציג יאָהר האָט שוין שלמה געהאַט אַ ווייסען קאָפּ, די באָרד — ווייס און שעהן געשאָרען און אין די טובענע קליידער האָט ער אויסגעזעהן ווי אַ גרויסער רב. זיי האָבען זיך איהם געשעהמט איהם צו שיקען אַרבייטען. נעהם אַ שטייגער און שטעל אַוועק אַזאַ אידען, מיט אַ קאָפּ האָר און באָרד ווי ווייסע זייד, ביי אַ „פּושקאַרט" מיט ציבעלעס, אָדער אין שאָפּ ביים „ביגעל־אייזען"! זיינען זיי געווען צופריעדען ער זאָל זיין אין דער היים און העלפען דער מאַמען אין הויז. און ס׳איז טאַקע געווען היימליך מיט איהם, וואָס ער האָט נאָר פאַר זיי געטאָן איז אַלץ געווען מיט אַ גלייכוואַר־טעל און אַ המצאה. און די מאַמע האָט כסדר געזייערט... זי איז תמיד געווען אין כעס און ניט געוואָלט דערלאָזען ער זאָל וואָס פאַר זיי טאָן...

איידער זיי האָבען דער מאַמען דערלאַנגט די „פּיי" האָ־בען זיי תמיד פריהער אַראָפּגענומען אַ פּאָר דאָלאַר פאַר׳ן טאַ־

טען ער זאָל ניט דאַרפֿען צו איהר אָנקומען. און פֿאַר דעם אַליין וואָלט ער שוין געלאָפֿען אין פֿייער און אין וואַסער פֿאַר זיי.

— טאַטע, ברענג מיר אַרויף די שיך פֿון שוסטער, — האָט די אינגערע טאָכטער, טייבעל, געזאָגט און איהם דערלאַנגט אַ „קוואָדער."

— איך וועל געהן: ער וועט דאָס געלט פֿאַרטרינקען — איז די מאַמע אַריינגעפֿאַלען, שיפּענדיג.

נאָר שלמה האָט געבראַכט די שיך. דעם צעהן סענט שטיק רעשט האָט טייבעל ניט גענומען, און דער אַלטער האָט צוגע־וואָרפֿען מאַשאַ'ן אַ בליק פֿול מיט חוזק.

אַז די טעכטער זיינען אַוועק צו דער אַרבייט, האָט שלמה, ווי דער שטייגער, זיך גענומען בערשטען זיין טוכענעם ראָק מיט די אַטלעסענע לאַצען און קאַמען די האָר און באָרד און, זעהענדיג פֿון זייט, ווי זי, מאַשאַ, שטעכט איהם דורך מיט די ווייס־גרינע אויגען, האָט ער געזונגען אַזוי הויך און לוסטיג ווי עס האָט זיך נאָר געלאָזט:

איך בין אַ גרויסער, אַ הויכער,
איך בין אַ לייפּציגער סוחר.

— שלעפּער, בעטלער, געה איבער די הייזער!... אַ לייפּ־ציגער סוחר!....

און שלמה, איהר אויף צופּיקעניש, וויגט אום ריטמיש דעם שווערען, גרויסען קערפּער און זינגט זיך:

מעדכען ליעבט ער פֿיעלע,
ברונעטע, בלאָנדע און שטילע...

— שטיל זאָל דיר ווערען דאָס האַרץ. אַ טאַטע פֿון טעכ־טער!...

און שלמה — נאָך לוסטיגער, מיט'ן שטעקען ווי אַ קאַפּעל־מייסטער:

העיט גינג ער צו זשאַנעטע,
אונד מאָרגען צו ליזעטע,

צו מאַלכען גינג ער פריה,
אין אַבענד צו מאַרי.

מאשא האָט געכאַפּט דעם בעזים, שוים האָט איהר גע־שלאָגען ביי די דינע מויל־ווינקעל.

און אויף די טרעפּ כאַפּט ער נאָך אריין:

טערעזכען וואַר צו היציג,
בלאָנדינכען וואַר צו וויציג...

און ער לאָזט זיך געהן איבער סעקאָנד עווענױ.

דאָרט איז דאָ א וויענער קאַפע און ער זיצט אָפּ גאַנצע טעג. טרינקט א „שטיין" און נאָך איינעם, אז עס איז דאָ מיט וואָס... קוקט דורך די דייטשע בלעטער, אָפּטמאָל קריגט ער, אויף איין וועג אָדער אַן אנדערן, א בילעט אין טעאַטער; יענער טאָג איז גאָר ביי איהם א יום־טוב. אַלע ווייסען דאָרט אין קאַפע, אַז דער אַלטער „שלאָמע ליעבט זעהר דאָס טעאַטער" און כמעט יעדע וואָך קריגט ער איינעם אָדער צוויי בילעטען. די טעכטער האָ־בען אויך ליעב טעאַטער, און, און אַז ער קען נאָך געהן מיט זיי, איז ער גליקליך ווי א מלך...

דער מאַמען קענען זיי ניט אַרויסקריגען צו געהן אַמאָל אין טעאַטער. איין מאָל האָבען זיי זי מיטגענומען צו א בענעפיט און זי האָט פערזאָגט א צעהנטען צו געהן נאָך אַמאָל. וואָס איז? קנאָפּ איז איהר איהרע אייגענע צרות, דאַרף זי נאָך זעהן פרעמ־דע?... און טאַנצען און קוליען האָט זי פיינט פונ׳ם סאמע האַר־צען.

קעגען אַבענד, ווען די טעכטער דאַרפען קומען פון דער אַר־בייט, לאָזט ער זיך געהן אַהיים. און אַז א גוטער ברודער, א יונגער, האָט בעצאָהלט פאַר זיין „שטיין" אין קאַפע, קויפט ער אין גאַס פרוכט און אַמאָל א פאַר בלומען פאַר די טעכטער. און ער קומט אָן מיט א שמייכעל אויפ׳ן ראָזען פולען פנים אָהן קנייטשען. ווערט מאַשאַ דערפון נאָך דאַרער און טרוקענער און צום „סאַפּער" פאַרגינט זי איהם ניט דעם ביסען ברויט אין מויל.

און אזוי זיינען אוועק טעג און יאָהרען. מאשא האָט שוין אויסגעזעהן ווי א בוים אין א גרוי־ברויגער קאָרע, וואָס גרינט ניט מעהר; ער, שלמה, איז נאָך אַלץ געווען ראָז, די האָר — ווייסער און ווייכער און די פּלייצע — א ביסעל מעהר אויסגערונדעט און אויסגעבויגען; די טעכטער זיינען אריבער די דרייסיגער און אַן אומעט און טרויער האָט אומגעוועהט אין הויז. מאשא האָט געגריזשעט; „דער טאַטע א שיכור, קענען די טעכטער קיין שדוכים ניט טאָן". ער האָט געוואוסט אז עס איז איהר שולד: לאָזט די מיידלעך אין ערגעץ ניט געהן, קומט ארויף א בחור קוקט זי ווי א בייזע גרויע הוהן, גרייט די אויגען אויסצופּיקען.

צו דעם אַלעם האָט נאָך שלמה שטארק געליטען, וואָס זיין טוכענער ראָק האָט שוין גאָר פערלאָרען די אמת'ע שווארצקייט. אויף דער פּלייצע איז שוין געווען א גלאַנץ און ארום די ארבעל שטארק אויסגעריבען. דער אַלטער סאַמעט־וועסט האָט שוין גאָר ניט געהאָלפען דאָס פּוצען. נאָר דער אַטלאַס קאָלנער און די לאַצען האָבען נאָך אויסגעזעהן גאָר ווי ניי. דאָס איז געווען זיין טרייסט... שפּאָגעל ניי, איהר אויף להכעיס!...

און ווען די עלטערע טאָכטער שרה איז איין אָבענד ארויפגעקומען מיט א בחור און געזאָגט, אז ער איז איהר חתן און נאָך דער חתונה וועט זי נעהמען דעם טאַטען, די מאַמע אָבער וועט בלייבען מיט טייבלען, האָט שוין אפילו מאַשא אויסגעקרימט די ליפּען, וואָס עס האָט געזאָלט הייסען א גליקליכער שמייכעל, דערלאַנגט די קיכלעך און א קאַראַפין מיט אייגענעם געשטעלטען טרויבען־וויין אויף פּסח.

דער ערשטער פרעהליכער טאָג אין זיין אייגענער שטוב... און דער אַלטער שלמה האָט אויפגעלעבט, געטרונקען א גלעזעל נאָך א גלעזעל פונ'ם גוטען וויין. די אַלטע האָט געמוזט שווייגען און צופוקעט ווערען. ער איז געוואָרען לוסטיג, געזונגען טעאַטער־ליעדער, נאָכגעמאַכט די אַקטיאָרען.

„אי לאַיק דהי אָלד מען, הי איז אָפול דזשאָלי!" האָט דער חתן געזאָגט צופריעדען.

טייבעל און שרה האָבען זיך איבערגעקוקט צופריעדען, מאַ־שאַ איז געזעסען, ווי דאָס פּנים וואָלט איהר ווען געטהאָן פון שמייכלען און דער אַלטער שלמה איז אוועק אַ האָפּקע זינגענ־דיג:

ער איז געווען אַ גרויסער, אַ הויכער,
ער איז געווען אַ לייפּציגער סוחר.



# אויף דער עלטער.

די אלטע חנהביילע האט פארשטאנען, אז די קינדער וועט אויסקומען עפּעס קשה'דיג איהר אוועקגעהן פון הויז היינט, זונטאג, ווען אלע זיינען אין דער היים. ביי איהר, געהען צו איהר שוועסטער־קינד גיטלען, איז גאר קיין נאווינע נישט. דאך האט זי געפיהלט, אז איהר היינטיג אוועקגעהן איז ניט ווי אלע מאל... ממה־נפשך, טראכט זי: וועט דאס ווערען, וועלען זיי דאך מוזען וויסען; טאמער נישט, דארף מען זיך אויף דער עלטער נישט נאריש מאכען...

זי האט זיך גענומען אנטאן מיט פארזיכט. זי האט זיך אבער געשעהמט. נאך קיין איין גוטען טאג נישט געהאט, פארענטפערט זי זיך פאר זיך אליין. אין די יונגע יאהרען געלעבט אין ארעמקייט און דחקות, און ווען זי איז נאך קיין פולע פערציג יאהר נישט אלט געווען, איז ער שוין אוועק און איבערגעלאזט זי א וויסטע אלמנה. אליין האט זי באדארפט די עלטערע קינדער אויסגעבען; די אינגערע אויסהאדעווען. און היינט זיינען די קינדער אזוי פארטאן מיט זייערע קינדער, אז עס בלייבט נישט א מינוט צייט אויף דער אלטער מאמען א קוק צו טאן.

טראכטענדיג אזוי, האט זי פארקאמט איהרע ווייסע האר, געמאכט א שטיקעל פשרה צווישען דער מאדע און איהר פנים און זיך שטארק געשלאגען מיט דער דעה וועלכע קלייד אנצוטאן, דאס שווארצע אדער דאס גרויע. דאס גרויע איז ליכטיג, זומערדיג, ס'איז דאך עפּעס פריהלינג צייט!... דאס שווארצע ווידער איז א נייערע, און פאסט איהר אזוי שעהן. פון דעסטוועגען האט זי

אָנגעטאָן דאָס גרויע; עס מאַכט איינגער אויסזעהן, און זי האָט דאָך אָנגעזאָגט גיטלען אַז זי זאָל איהם זאָגען, אַז זי איז אומגעפעהר אַרום זעכציג יאָהר, און דאָס, אויב ער וועט פרעגען, ווען נישט, זאָל זי גאָר וועגען עלטער נישט דערמאָנען. אַנדערע זיינען מאָדנע מענשען, ווילען דוקא וויסען ווי אַלט יעגער איז, טראַכט חנהביילע מיט פאַרדרוס.

זי איז דאָך פאַרט אַריבער זיעבציג. גאַנצע צעהן יאָהר אַרונטערגעהמען — אַ גרויל! מילא פאַר לייטען ווי פאַר לייטען, ווער לייקענט דאָס ניט די יאָהרען? אָבער פאַר גאָט! ער איז הימעל וויים דאָך אודאי ווי אַלט זי איז... וואָס אָבער קען זי העלפען, ער האָט געהייסען זאָגען, אַז ער איז נישט מעהר ווי אַריבער זעכציג. אין די יונגע יאָהרען נעהמט מען אַרונטער צוויי, דריי יאָהר, ווען הויך — פינף! אָבער צו דער עלטער זעהט זיך דאָס גאָר נישט אָן, און מען מוז אַראָפּנעהמען גאַנצע צעהן אָדער פופצעהן.

און אַז זיעבציג, טראַכט זי ווייטער, איז דען זיעבציג אַזוי אַלט? פון זיעבציג ביז הונדערט און צוואַנציג איז נאָך פאַראַן אַ סך, אַ סך יאָהרען.

אָבער די צייהן... זי קוקט אין שפּיגעל און עס פאַרדריסט איהר שטאַרק אויף די קינדער. זי האָט געזעהן עלטערע פרויען מיט אַריינגעשטעלטע צייהן ווי די פערל. און חנה ביילע טרייסט זיך, וואָס זיינען צייהן זיינען שוין אויך נישט געוואַלטיג. קיין ניס קנאַקען קען ער שוין אויך נישט מיט זיי, און דאַרף שוין אַליץ ווייקען און טונקען...

ביים מיטאָג האָט זיך די אַלטע געפיהלט מאָדנע, הגם יעדער איז געווען מיט זיך אַליין פאַרנומען און געטראַכט פון די פאַרגעניגענס וואָס וואַרט אויף איהם אין דעם שעהנעם זונטאָג נאָך שבועות.

— מאַמאַ, דו געהסט אויך אַוועק? נאָר דו שמייעסט אַרום! — זאָגט צו איהר די עלטסטע טאָכטער.

— נו, קינדערלאך, אז אלע צוגעהען זיך, וועל איך אריבער־פאָהרען צו גיטלען; זי איז עפּעס נישט מיט אלעמען.

און טאקע אויף דער טאָכטער פארדריסט זי. מילא די שנור, זי זאָל ארען. דער זוהן זוכט עפּעס אמאָל דער אלטער מאמען א פארגניגען צו פארשאפען? די אייניקלאך מיינען, אז א באבע דארף זיין אויף דער וועלט, כדי צו באקען זיסינקע קיכעלאך און פרעגלען איינגעמאכטס פאר זייערע בחורים און מיידלאך מכבד צו זיין. אָבער זי, די טאָכטער, וויים דאָך יאָ, אז זי האָט אָפּגע־פינסטערט א גאנץ לעבען...

ביי גיטלען איז שוין דער אלטער געזעסען און געוואַרט. ער איז געזעסען ביי א גלאָז זודיגען טעע, געבלאָזען דעם טעע מיט א ווינט און געטרונקען מיט א כליאָבען. ער איז געווען א דיקליבער איד מיט א קיילעכדיג, אויסגעבויגענעם רוקען, כמעט ווי א הער־בעל; מיט א היבשער באָרד געמישט געל, גרוי און ווייס, און יעדער קאָליר האָט געצעהלט א פינף און צוואנציגער...

חנה ביילע'ס אלטע אויגען האָבען אויפגעלויכטען, ווען זי האָט איהם דערזעהן.

— וואָס מאכט איהר, ר' מאָטעל? — פרעגט זי אין א ווײַלע ארום, ווי זי וואָלט איהם אָקאָרשט דערזעהן.

— אָט, וואָס מאכט איהר? — ענטפערט ער.

— וואָס מאכען אייערע קינדער? — פרעגט זי ווידער.

— א דאנק פאר'ן פרעגען, וואָס מאכען אייערע?

און ר' מאָטעל וואַרט נישט אויף קיין ענטפער; ער האָט שטארק הנאה צו רעדען פון זיינע קינדער.

— מיין זוהן, דער דאָקטאָר, האָט נישט לאנג געמאכט א „ראפּיראציע" אויף א חולה־מסוכן, וואָס האָט שוין געהאלטען ביים אויסגעהן, און ער איז תיכף געזונט געוואָרען; און מיין איידים דער אפּטייקער, ביי איהם קריגט מען דאָך די בעסטע מעדיצינען, אפילו היימיש רפואות קריגט איהר ביי איהם. און די איבריגע קינדער מאכען אלע א פיינעם לעבען.

— מיינע קינדער — זאָגט חנה ביילע אביסעל פארלעגען —

מיינע קינדער זיינען נישט קיין דאָקטוירים אָדער אַפּטייקערס, אָבער אַלע מאַכען, א דאַנק גאָט, א פיינעם לעבען. „געמיין, אָבער שעהן" — גיט זי צו מיט א ווערטעל.

— דאָס מאַכט נישט — פאַרענטפערט זיי מאָטעל — נישט אַלע קעפּ זיינען געבוירען אויף שטודירען.

— און וואו געפינט איהר זיך אצינד? — פרעגט איהם חנה ביילע.

— אָט, אמאָל ביי דער טאָכטער, א מאָל ביי יענער, אמאָל ביי מיין זוהן, דעם דאָקטאָר; אזוי ווי דער „אידישער קעניג ליער". איהר האָט קיין מאָל נישט געזעהן אין טעאַטער דעם „אידישען קעניג ליער"? איך זאָג אייך, אז יעדער איד, וואָס האָט אויסגעגעבען קינדער טאָר עס נישט פאַרפעהלען צו זעהן. דאָס האָט דאָך אָנגעשריבען ר׳יעקב גאָרדאָן עלוי השלום, איינער אַליין! איך האָב איהם אַליין געזעהן מיט מיינע אייגענע אויגען ביי מיין זוהן דעם דאָקטאָר אין שטוב, אקוראַט ווי איך זעה אצינדער אייך.

— און פון דעטסוועגען זיץ איך אָפּ גאַנצע טעג ביי גיטעל׳ן — האָט ער צוגעגעבען — זי איז אייערע א קרובה און ער איז מיינער א קרוב, זיינען מיר דאָך מחותנים.

גיטעל האָט דערלאַנגט צום טיש פרוכט, איינגעמאַכטס און טעע.

— איהר ווייסט? אז ס׳איז זיך נישטאָ וואו אהינצוטאָן אויף דער עלטעל. די קינדער איז שווער צו האָווירען — אַלע שטודירטע קעפּ. קורץ, ס׳איז נישט גוט... בעת מ׳האָדעוועט קינדער טראַכט מען גאָר נישט, אז אזוי וועט זיין דער סוף... עלטערע מענשען דאַרפען זיך פאַרשטעהן איינער דעם אַנדערען. ס׳איז שווער צו ריידען אויף אייגענע קינדער. ווי מיינט איהר?

— יאָ, יאָ, אודאי אזוי — גיט צו חנה ביילע מיט א זיפץ און פיהלט ווי דער גלייכער שיקזאַל זייערער בינדט צונויף זייערע אַלטע נשמות...

עטליכע מינוטען האָבעןביידע געשוויגען. גיטעל איז ארויס זעהן דאָס קינד אויף דער גאַס

— לאָמיר זיך גאָר דורכפאָהרען מיט דער קאַר, אַזאַ שעהנער טאָג — מאַכט מאָטעל אַ פאָרשלאַג — איך האָב ליעב די זון; וואַרעמט אויס דעם רוקען, אַ מחיה! און טאַקע צום „אינלעט" לאָמיר פאָהרען; דאָרט שפּיעלט מוזיקע.

— אַז גיטעל וועט פאָהרען, וועל איך אויך פאָהרען — ענט־פערט חנה ביילע פאַרשעהמט ווי אַ יונג מיידעל.

— און מיט מיר אַליין האָט איהר מורא צו פאָהרען, אָהן אַ שומר?

— מורא? עט, חלילה! ס'איז פרעהליכער זאַלבעדריט.

— אַי, איהר זייט שוין גאָר אויסגעוועבט. אין די יונגע יאָהרען איז אייך אויך געווען פרעהליכער זאַלבעדריט? — לאַכט מאָטעל.

— אָבער פאַרקעהרט — כאַפּט ער אונטער — זאָל טאַקע גיטעל אויך פאָהרען: ס'פּאַסט נישט אַליין... ווי מיינט איהר?

גיטעל האָט גענומען דאָס קינד אויף די הענט און אַלע האָבען זיך געלאָזען פאָהרען צום „אינלעט".

ר' מאָטעל האָט געהאַלטען אין איין לויבען די זון, וואָס זי וואַרעמט דורך אַלע גליעדער. און פאַר דעם קיהלען ווינטעל האָט ער אויך געהאַט אַ גוט וואָרט. בכלל איז ר' מאָטעל אַ גוט־מוטיגער און רעדט קיין שלעכטס אויף דער וועלט; ער האָט דער־צעהלט חנה ביילע'ן די פּאָליטיקס פון זייער שוהל, וועגען דעם רב, דעם חזן, דעם שמש, און זי האָט אָנגעקוואָלען הערענדיג.

ביים „אינלעט" האָבען זיך געפונען אַ סך מענשען; מוזיק האָט געשפּיעלט; דער עולם איז געזעסען ביי לאַנגע הילצערנע טישען און זיך געקוויקט מיט סאָדאַ וואַסער און ביער. דער טייך אַרום איז געווען מוטנע, און אַרומגעשוואומען האָט דאָרט אַלץ אין דער וועלט, אַ חוץ פיש. פון יענער זייט וואַסער האָבען זיך געצויגען פעלדער, לאַנקעס בערג, איינגעטונקען אין פרישען גרין.

זיי האָבען זיך אַלע געזעצט אויף אַ באַנק. דאָס קינד איז איינגעשלאָפען ביי גיטלען אויף די הענט. זי איז אומעטיג געוואָרען, קענטיג אַז דער שעהנער זומער טאָג, דער קלאָהרער הימעל איבער'ן קאָפּ און די גרינע ערד ביי די פיס האָבען איהר דערמאָנט אָן בעסערע טעג און אָן פרעהליכערע קאָמפּאַניע איידער די צוויי אַלטעטשקע וואָס שדכן'ען זיך דאָ.

— אַ מענש טאָר נישט זיין אַליין — הויבט ר' מאָטעל אָן צו רעדען וועגען ריכטיגען עינן — יענע נאַכט איז מיר נישט גוט געוואָרען, נישט גוט, און נישט גוט, און ס'האָט מיר נאָר גע־שלאָגען אַ חלשות, און דאָ בין איך איינער אַליין. איך האָב געמיינט, אַז מיין סוף קומט שוין... איך האָב קוים דערלעבט דעם מאָרגען און געלאָפען צו מיין זוהן דעם דאָקטאָר.

— „אַליין זאָל זיין אַ שטיין", נאָר איהר האָט באַלד באַ־דאַרפט אריינקעהרען אַ גלאָז „עבסען"־זאַלץ. מסתמא פאַרשאָדט אָן עסען — האָט זי געענטפערט וויזענדיג, אַז זי ווייס וואָס מ'באַדאַרף טאָן אין אַזאַ פאַל.

— זאָלט איהר געזונט זיין, איך באַדאַרף עפּעס טרינקען די „באָבסקע" רפואות, אַז איך האָב אַ זוהן אַ דאָקטאָר?

חנהביילע האָט געשוויגען.

— נאָר וואָס העלפט דאָס, אַז איך האָב שוין קיין רעכט ביסעל געקעכץ נישט געגעסען זינט מיין אַלטע איז מיר אָפּגע־שטאָרבען, און פון זייערע מאכלים פאַרדאַרב איך שטענדיג דעם מאָגען, און אַזוי לייד איך שוין פון מאָגען שעהנע עטליכע יאָהר.

גיטעל האָט אויף דעם אַלטען געוואָרפען אַ בליק און ער האָט גלייך זיך געכאַפּט אַז ער רעדט נישט וואָס מ'באַדאַרף.

— פאַרוואָס זאָלט איהר נישט חופה האָבען? האָט נישט קיין פאַראיבעל וואָס איך פרעג אייך. איהר זעהט נאָך אוים, קיין עין־הרע, נישט אַלט, און גאַנץ קרעפטיג — האָט ער זיך געווענדט צו איהר.

— אָט, עס מאַכט זיך רק נישט די פּאַסיגע פּאַרטיע. מ'קען דאָך נישט נעהמען אַ אידען פון גאַס. און די קינדער, זאָלען

געזונט זיין, ווילען נישט דערלאָזען. אָט, דאָ נישט לאַנג האָט מען מיר גערעדט אַ שידוך; איך האָב נישט געוואָלט, ער איז שוין גאָר געווען חרוב! ער קען אפילו וואויל לערנען און איז אַמאָל געווען אַ גרויסער סוחר. ער איז אויסגעגאַנגען נאָכ'ן שידוך. די קינדער אָבער האָבען אַלע אין איין קול געשריען: „וואָס, מיר וועלען געהן האָרווען אויף אַ פרעמדען אידען, אַ שטיעף־טאַטע! ?"

— דאָס אייגענע וואָס מיינע קינדער טענה'ן. איך זאָג זיי: קינדערלאַך, איך בין אַלט, איהר קענט מיינע ניטען נישט ליידען, וועל איך חתונה האָבען און וואוינען פאַר זיך. ענטפערען זיי: „מיר ווילען קיין פרעמדע אידענע נישט שפייזען". עלטערען גיבען אָפּ אַ גאַנץ לעבען פאַר קינדער, און קינדער האַלטען אויס אַן אַלטען טאַטען־מאַמען, ווייל ווי זאָגט מען, מ'קען איהם דאָך אויף דער גאַס נישט אַרויסטרייבען. ווי מיינט איהר?

— אודאי אזוי! — זיפצט חנה ביילע.

— אָבער הערט נאָר, וואָס איך וועל אייך זאָגען. איהר פּרובירט דורך דער וואָך איבעררעדען מיט אייערע קינדער, איך וועל זיך דורכרעדען מיט'ן זוהן דעם דאָקטאָר, און מיר ווילען שטעלען אַ חופּה. גיטעל האָט דאָך שוין מיט אייך וועגען דעם גערעדט. און אויב די קינדער אונזערע ווילען נישט מסכים זיין, וועט זיין נישט. — און דאָ איז מאָטעל פּלוצים געוואָרען שטאָלץ, אויסגעגלייכט אביסעל זיין רוקען און אַ זאָג געטאָן: — נישקשה, ר' מאָטעל קען נאָך אָנטאָן אַ קערבעל אויף די פּלייצעס און געהן „פעדלען"! פאַר אונז ביידען קען איך נאָך פאַרדיענען; ווי מיינט איהר?

פאַרנאַכט איז צוגעפאַלען. הינטער די בוימער איז די זון פאַרגאַנגען און אָנגעצונדען רויט דעם מערב. אין מזרח־זייט האָט שוין געטונקעלט און אַ קיהל ווינטעל האָט גענומען וועהען.

— פאַר אייך איז אפשר צו קיהל? — פרעגט חנה ביילע באַזאָרגט — לאָמיר פאָהרען אהיים.

די לעצטע עטליכע יאָהר האָט זיך ביי איהר אָנגעקליבען

אזוי פיעל גוטסקייט, אזוי פיעל ליעבשאפט אין איהר נשמה, און זי האט עס נישט געהאט װעמען ארויסצואווייזען. די קינדער דארפען דאס נישט; די אייניקלעך זיינען שוין אויך אויסגעוואק־סען. און וואס איז פאר זיי א באבע וואס קען קיין ענגליש נישט רעדען? און זי האט דערפיהלט, ווי יענער רעסטעל ליעבע געהט איבער צו איהם, וואס דארף איהר גוטסקייט, אזוי ווי די ערד די זון.

ער האט זי צוגעפיהרט צו גיטעל׳ס הויז וואו די אלטע איז געבליבען נעכטיגען; זיי זיינען זיך פונאנדערגעגאנגען מיט א צוזאג צו רעדען מיט די קינדער און איבער אכטאג, אז מ׳וועט דערלעבען, זיך ווידער טרעפען דא ביי גיטלען און איינס דעם אנ־דערען אויסדערצעהלען ווי און וואס זיי האבען גערעדט מיט די קינדער.

גיטעל האט זיי אנגעקוקט און געטראכט מיט פארדרוס, אז די צוויי זקנים האבען מעהר ליעבע אין זייערע הערצער, ווי זי מיט איהר מאן, כאטש זיי זיינען ערשט עטליכע יאהר פארהייראט...

# דאָס הויז מיט'ן גרינעם גאַניק.

דאָס הויז מיט'ן גרינעם גאַניק איז געשטאַנען אין אַ שטילער גאַס אין פּעטערסאָן. נעבען גאַניק איז געווען אַ נידעריגער ברייט־געוואַקסענער בוים און, הארט ביים בוים, אַ פּאַנאַר. זומער־צייט, ווען דער בוים האָט זיך צובליהט, האָט ער דעם פּאַנאַר צווישען זיינע געדיכטע צווייגען פאַרבאָרגען.

אינ'ם הויז האָט געוואוינט די פאַמיליע שיין.

אין זומערדיגע פארנאַכטען פלעגט אייב אייבעלסאָן צוקומען און זיך זעצען אויפ'ן גאַניק און וואַרטען... אין אַ פּאָר מינוטען אַרום איז קלאַרא ארויסגעקומען, אָפּטמאָל מיט דעם נאָך נישט אַראָפּגעשלונגענעם ביסען אין מויל, און זיך אַנידערגעזעצט אויפ'ן באַנק נעבען אייבי'ן. דער שמועס איז תמיד געווען וועגען דער ארבייט. קלאַרא האָט געאַרבייט ביי אויבער־העמדער און אייב איז געווען אַ זייד־וועבער. אין אַ רוהיגען, אָבער אַ וויכטיגען טאָן, האָט מען זיך אויסדערצעהלט וואָס ס'איז פאָרגעקומען איןביידענס שעפּער דורכ'ן טאָג. האָט אויסגעפעהלט רייד, האָט מען איבער־גע'חזר'ט דאָס אייגענע נאָך אַמאָל, אָדער מ'האָט זיך וואָס דער־מאָנט פון נעכטען.

קלאַרא איז געווען אַ שטיל באַשיידען מיידעל פון אַכצעהן יאָהר, איהר שעהנקייט איז אויך געווען אַ באַשיידענע: אַ ווייסער קלאָהרער פּנים, מיט ברוינע גוטע, שעהמעוודיגע אויגען און ווייכע, טונקעלע האָר שטענדיג גלאַט צוגעקאַמט. און אייב — אַ הויכער קרעפּטיגער בחור פון צוואַנציג יאָהר.

צו זיצען לאַנג אויפ'ן גאַניק איז זיי קיין מאָל נישט אויסגע־

קומען. באַלד איז אַרויס די אינגערע שוועסטער מאשא, דאָס אינגסטע מיידעל סיידי און דאָס מוזיניקעל ליבעלע. און די מאַמע, מלכה שיין, אָנגעטאָן אין ברייטען פאַרטוך, האָט זיך אויך גע־שטעלט אויפ׳ן גאַניק. מיט די הענט אין די באָקעס און אַ שמייכעל, צוגאָסען איבער׳ן פולען פנים, האָט זי געקוקט אויף איהרע קינדער און געטראַכט: שוין באַלד איין טאָכטער אויסגעגעבען, און אין הויז האָט זי מיט אַ נחת געזאָגט צום מאַן: „אַז מ׳וואוינט אין אַ הויז, מיט אַ שעהנעם גאַניק, בלייבען נישט די טעכטער קיין פאַרזעסענע מוידען... וואָס זאָגסטו, מענדעל?״

אייבי׳ס אינגערער ברודער, דזשייק, פלעגט אויך קומען יעדען אָבענד זיצען אויפ׳ן גאַניק; און נאָך מיידלאַך און בחורים, חברים און חברה׳טעס. עס איז געווען געגוג פאַר אַ מאַמען, אַז די טאָכ־טער זאָל זאָגען, זי געהט צו מלכה שיין אויפ׳ן גאַניק, און די מוטער זאָל זיך נישט באַאומרוהיגען... און אַזוי איז תמיד געווען היימליך און פרעהליך, ווינטער אין שטוב, און זומער אויפ׳ן גאַניק. אַלע — יונגע, ריינע הערצער, האָט דאָס בייזע לעבען איבער זיי קיין שליטה נישט געהאַט.

אייב און קלאַראַ זיינען געוואָרען חתן־כלה. מ׳האָט געמאַכט אַ תנאים לויט׳ן היימישען שטייגער, וואָרים טאַטע מאַמע זיינען אויף דעם באַשטאַנען. וועגען דער חתונה האָט מען נישט גערעדט,ביידע זיינען נאָך געווען צו יונג. און חתן־כלה האָבען אָנגעהויבען שפּאָרען געלט „בשותפות.

אייב איז געוואָרען ווי אַ זוהן אין הויז, און צוליעב איהם זיין ברודער דזשייק אויך.

אייב איז נאָך געווען צו יונג און נישט פאַרשטאַנען ווי אַזוי ער דאַרף, אַלס חתן, זיך נוהג זיין מיט דער כלה. איהם האָט זיך געדוכט, אַז אַ כלה איז כמעט ווי אַ ווייב, מ׳מעג איהר אין אַלץ אַ דעה זאָגען, אָנווייזען וואָס זי זאָל יאָ, און וואָס זי זאָל נישט טאָן. און, הגם ער האָט נישט געוואוסט ווי מיט דער כלה זיך צו באַגעהן, איז איהם די ראָלע פון זיין אַ חתן שטאַרק געפעלען. אָהן אַ פאַרוואָס האָט ער געקענט זאָגען: „קלאַראַ, איך וויל נישט, אַז

דו זאָלסט מיט דער מיידעל פאַרקעהרען". און קלאַרא האָט מיט דער מיידעל נישט פאַרקעהרט. וואָרים, ווער ווייס נאָך אזוי ווי אייב ?..

דזשייק'ן האָט זיך געדאַכט, אז קיין שעהנערע און פיינערע מיידעל ווי זיין ברודער'ס כלה, איז אין גאַנץ שטעדטעל נישטאָ. און גאָר אָפּט, פלעגט עס איהם פאַרדריסען, למאי ער איז נישט דער עלטערער...

האָט אייבי'ן זיך גענומען אויסווייזען, אז דזשייק קוקט צו־פיעל אויף זיין כלה.

און איין פרייטאָג צו נאַכט, ווען קלאַרא איז אריין אין א ווייסער, געבלויזטער בלוזע אָנגעטאָן צום שבת־טיש, האָט דזשייק גאָר נישט טראַכטענדיג א זאָג געטאָן:

— קלאַרא, ביי דיר, איז אזא ווייסער האַלז!

אייב איז באַלד פאַרכאַפּט געוואָרען און ס'איז ארויסגעקומען א קריעג צווישען די ברידער. נאָר אייב האָט זיך אָפּגעהאַלטען צוליעב נישט צו פאַרשטערען דעם שבת.

דער טאַטע האָט געגעבען אייבי'ן גערעכט: „דזשייק האָט נישט וואָס צו קוקען!" נאָר די מאַמע האָט געזאָגט אז ס'מאַכט נישט, א ברודער מעג קוקען.

א געשלעג איז ארויסגעקומען, ווען קלאַרא האָט זיך אויפגע־נעהט א קימאָנאָ פון א דורכזיכטיגער וואַרע. אין א זונטאָגדיגען מאָרגען, ווען קלאַרא האָט געוואוסט, אז אייב דאַרף קומען, האָט זי זיך אָנגעטאָן אין דער נייער קימאָנאָ און זיך ארומגעדרעהט איבער'ן שטוב טוענדיג עפּעס אַן ארבייט.

ביידע ברידער זיינען אָנגעקומען און דזשייק האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטען און פאַרוואונדערט אויסגעשריען:

— קלאַראַ, דיינע נאַקעטע אָרעמס זעהען זיך דורך, דורך דער קימאָנאָ!

— און ווער הייסט דיר קוקען! ? — האָט אייב א געשריי געטאָן מיט כעס.

— איך טאָר נישט קוקען? וואָס וועל איך איהר אָפּקוקען? — האָט זיך דזשייק פאַרענטפערט.

— פאַרוואָס קוקסטו נישט אויף מאַשאַ'ן, זי טראָגט אויך אַ קימאָנאָ?...

— מאַשאַ איז נאָך אַ קליין מיידעל — האָט דזשייק געזאָגט, אָנקוקענדיג מאַשאַ'ן.

מאַשאַ האָט זיך צושריען און צוואַויינט, למאי דזשייק האָט זי באַליידיגט. וואָס האָט ער זי צו באַליידיגען? מאָרגען טוט זי זיך אָן אַ לאַנגע קלייד און געהט ארבייטען, וועט שוין קיינער איהר נישט אויפוואַרפען, אַז זי איז נאָך אַ קליין מיידעל!...

אייב האָט אַרונטערגעלאָזען דזשייק'ן אַ פּראַסק איבער'ן פּנים. און ס'איז געוואָרען אַ קריעג און אַ געשלעג.

איז קלאַרא אַרויסגעלאָפען אין איהר צימער און אויף גיך אויסגעטאָן די קימאָנאָ. אייב איז איהר נאָכגעלאָפען, געכאַפּט אַ שער, און דעם בגד צושאָרען אויף שטיקער.

שפּעטער, ווען אייב האָט זי איבערגעבעטען, האָט ער גע־זאָגט:

— קלאַרעלע, איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט טראָגען געבלויזטע בלוזען מיט קורצע אַרבעל, ס'איז נישט שעהן, האָסט אַ צו ווייסען האַלז.

— אדרבא, אַז מ'האָט אַ שוואַרצען האַלז איז נישט שעהן צו געהן געבלויזט — האָט קלאַרא איינגעווענדעט.

— אַ צו ווייסען איז אויך נישט שעהן; אַלע קוקען.

נו, האָט קלאַרע מעהר נישט אָנגעטאָן קיין געבלויזטע בלוזען מיט קורצע אַרבעל.

פינף יאָהר זיינען אייב און קלאַרא געוועזען חתן כלה און אויפ'ן זעקסטען האָבען זיי חתונה געהאַט. אייב האָט מיט דעם אָפּגע־שפּאָרטען געלד געעפענט מיט אַ שותף, אַ זייד מיהל. געשעפט איז אַוועק גוט און זיי האָבען זיך איינגעאָרדענט אַ שעהנע וואוי־נונג, ווייט פון'ם הויז מיט'ן גרינעם גאַניק... דאָ, איז מען נאָר גע־קומען אַ יום טוב עסען דער מאַמע'ס מאכלים.

אונטערדעסען האָט שוין דזשייק אויך חתונה געהאַט, און דווקא נישט מיט קיין שעהנער מיידעל. ער האָט גענומען געלד און אויך געעפּענט אַ זייד־מיהל. און ער איז אויך אוועק פון'ם הויז מיט'ן גרינעם גאַניק. און אַזוי, ווער עס האָט חתונה גע־האַט איז אַרונטער פון בריקעל... פאַרפלויגען אין אייגענעם נעסט אַריין.

נאָך זייערע חתונות, האָט מלכה געדונגען אַ גוי און ער האָט איבערגעפאַרבט דעם גאַניק מיט די לאָדענס, נאָך אַמאָל אויף גרין. דאָס הויז האָט אַרויסגעשיינט פון דער גאַס...

מאַשאַ איז אַ כלה געוואָרען און צו סיידי'ן האָבען זיך שוין אויך בחורים גע'שדכנ'ט, און אויפ'ן גרינעם גאַניק איז נאָך אַלץ פרעהליך געווען אין די זומערדיגע אויף דערנאַכטען. אַ אינגערער דור — האָט מען נייערע ליעדער געזונגען אויפ'ן גאַניק. אָבער דאָס אַלטע ליעדעל האָט זיך אָבער און וויעדער איבערגע'חזר'ט: „איינגעלעך מיט מיידעלעך האָבען זיך גענומען". מ'האָט חתונה געהאַט, אוועקגעפלויגען פון'ם גרינעם גאַניק, דעם טרייען, אַלטען בוים, וואָס האָט זיי פאַרשטעלט פון נייגעריגע, און דעם שטילען, לייכטענדען פּאָנאַר, וואָס האָט זיין שיין מיט גנאָד געלאָזט פאַלען אויף זיי. מען האָט ערגעץ־אַנדערשוואו אייגענע קינדער גע־האָדעוועט.

אַז מלכה און מענדעל שיין האָבען אויסגעגעבען אַלע טעכטער, האָבען זיי זיך אַרויסגעקליבען אין אַ קלענערער דירה. און מלכה האָט מיט אַ ברייטען געלעכטער געזאָגט: „מ'דאַרף לאָזען לייטען אויך זייערע טעכטער אויסגעבען. אַ מזל'דיג הויז, אַט דאָס הויז מיט'ן גרינעם גאַניק".

און אַן אַנדער פאַמיליע מיט אַנדערע טעכטער האָבען דאָס הויז פאַרנומען.

. . . . . . . . . .

אייב און דזשייק, אַריינקומענדיג אין די מיטעלע יאָהרען, זיינען געוואָרען רייכע זייד פאַבריקאַנטען מיט אָפּגעגעסענע קאַר־

קען. די ברידער האָבען צווישען זיך גוט געלעבט און אויסגעהאָל־פען איינעם דעם אנדערען וואו און וואָס מען האָט געדאַרפט.

דזשייק קומט אַריין אין אייב'ס פּריוואַט אָפיס, זעצט זיך ברייטליך אַנידער אויפ'ן דעסק, דערלאַנגט אייבי'ן אַ ציגאַר, פאַר־רויכערט אַליין אויך איינעם, און זאָגט מיט אַ געלעכטער:

— נאַדיר אַ ציגאַר פאַר דעם פּאַטש אין פּנים, וואָס דו האָסט מיר געגעבען פאַר קוקען אויף דיין כלה. ביזט נאָך היינט אויך אַזאַ „פול״?

און ביידע ברידער צולאַכען זיך, דערמאָנענדיג זיך אָן יענע צייטען און אָן הויז מיט'ן גרינעם גאַניק. היינט רופען זיי דאָס הויז די „אָלד שענטי״. אייב וואַרפט כלומר'שט פאַר דזשייק'ען פאַר דער „שיקסע״... ס'איז נישט שעהן, קינדער וואַקסען אויף. מען רעדט זיך פאַנאַנדער וועגען שעהנע מיידלאַך און ווייבלאַך מיט אַ פינטעל אין אויג. מ'גיט זיך אַ „טיפּ״ וואו עס איז ריזי־קאַליש... דזשייק דערצעהלט אַז ער האָט צרות פון דער ווייב. זי איז אייפערזיכטיג. אייב זאָגט, אַז קלאַראַ איז גאָר אַ הייליגע. אייפערזיכטיג צו זיין פאַלט איהר גאָר נישט איין.

און קלאַראַ? די שטילע באַשיידענע קלאַראַ האָט שוין גע־האָדעוועט דאָס פירעטע קינד. זי איז געווען געזונד און נאָך שעהן און יונג. אייב איז איהר וואָס אַ יאָהר ליעבער און טייערער גע־וואָרען. און, ווען געוועזענע חברה'טעס פונ'ם גרינעם גאַניק זיינען געקומען איהר אָנדערצעהלען זאַכען אויף אייבי'ן: מען האָט איהם געזעהן פאָהרען מיט דער איינאַן אָטאָמאָביל און מיט יענער שעהנ־הייט איז ער געזעסען אין רעסטאָראַן; צי קלאַראַ האָט יאָ גע־גלויבט, אָדער נישט — געענטפערט האָט זי זיי, אַז זי וועט אייבי'ן קיין קרום וואָרט נישט זאָגען. „וואָס אייב זאָל נישט טאָן, און וואו ער זאָל נישט געהן, אין דער היים וועט ער אַלע מאָל געפינען אַ ריין הויז, אַ גוטען מיטאָג און אַ ווייכע בעט. באַלד איז צו־קלונגען געוואָרען איבער'ן שטעדטעל וואָס קלאַראַ האָט געזאָגט. אַנדערע האָבען געלאַכט און אַנדערע האָבען צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, אַז אַזוי דאַרף זיין.

אָבער, אז קלאַראַ האָט אָנגעהויבען שוואַנגערען מיט'ן פינפ־טען קינד, איז זי שוין אַליין אויך געווען אומצופריעדען. פריינ־דינעס האָבען עצות געגעבען. די... יענע... ס'איז אַלעמען ארונטער גלאַט... האָט זיך קלאַראַ אויך געלאָזען איינריידען... נאָר קלאַראַ'ן איז דאָס נישט גלאַט ארונטער... געקראַנקען א בלוט פארגיפטונג און פון טוידט זיך נישט געקענט אויסקויפען מיט אַלע רייכטימער... צעהן טעג געלעגען אין מאַטערניש און — זי איז געשטאָרבען...

דאָס אומגליק איז פאַר אייבי'ן געווען אַזוי גרויס, אַזוי פּלוצ־לונג און אַזוי שרעקליך, אַז דזשייק האָט איהם געמוזט היטען ער זאָל זיך דאָס לעבען נישט נעהמען.

די וואָדעוויל טענצערקע, מיט וועלכער אייב איז געווען באַ־קאַנט, איז פּלוצלונג געוואָרען א היילינע, זיך אָנגעהויבען קליידען זעהר באַשיידען, גערעדט פון טרייהייט און פאַמיליען גליק. גע־קומען זעהן די יתומים'לאַך און זיי געגלעט איבער די קעפּעלאַך. אייב איז געווען גרייט מיט איהר חתונה צו האָבען, נאָר דזשייק האָט זיך אריינגעמישט און נישט דערלאָזען.

די בוכהאַלטערין אין אייב'ס שאָפּ האָט אַזוי פיעל סימפּאַטיע און מיטלייד ארויסגעוויזען דעם שעהנעם, רייכען „ווידאָער", אַז ווען אייב האָט זי געבעטען געהן מיט איהם אין טעאַטער, האָט זי איינגעוויליגט, נאָר אויס מיטגעפיהל. און וועגען איהר האָט שוין אפילו דזשייק נישט געקענט ריידען מיט א פינטעל אין אויג...

קורץ, מען האָט אייב'ן ארויסגעוויזען סימפּאַטיע און מיט־געפיהל אויף שריט און טריט.

און אין א יאָהר ארום נאָך קלאַראַ'ס טוידט האָט אייב צום צווייטען מאָל חתונה געהאַט. די אינגערע קינדער האָבען באַ־דאַרפט א מאַמען... גענומען פאַר א ווייב האָט ער קאַראָלינען; דעם ראַבאַי'ס טאָכטער.

צו יענער צייט האָט אייב שוין אָנגעהויבען שפּירען א מיעד־קייט אין גאַנצען קערפּער. שוין געווען צייט אַביסעל זיך אָפּ־צורוהען... זייט קלאַראַ איז געשטאָרבען איז שוין אייב אויך

נישט דער זעלביגער: גרויע האָר בונטענ־ווייז, און דער טראָט איז שוין אויך נישט אויף אַרומצולויפען...

אָבער קאַראָלינע האָט קוים זיך דערלעבט אַרויסצורייסען פון דער רב'נישער שטוב און פון דער קאַפּריזנער, קרענקליכער מאַמען. ווי אַן אָפּגעבונדענע חיה איז זי אַריין אין אייב'ס הויז... זי האָט אָנגעהויבען מאַכען הולאַנקעס און „פּאַרטיעס". חצופות'־דיג רייך זיך געקליידט, תמיד מיט נאַקעטע אָרעמס און נאַקען, און אייב, אַ מיעדער האָט נאָכגעטאַנצט...

אַז קאַראָלינע האָט אַ קינד געבאָרען, האָט אייב פרייער אָפּ־געאָטעמט. אפשר וועט ער אַצינד ניט דאַרפען אַזוי פיעל אומ־שמאַיען מיט איהר. און אַזוי איז דאָס געווען. זי איז געוואָרען אַ מאַמע און אַ שטוב־זיצערקע.

אָבער אייב איז שוין נישט דער זעלביגער; געוואָרען אַן אומעטיגער, אַ פאַרטראַכטער... און דזשייק האָט איהם געקוקט אין די אויגען...

— דזשייק, געדענקסט דאָס הויז מיט'ן גרינעם גאַניק? — פלעגט אייב איהם אָפט אַ פרעג טאָן.

— אָה, די אַלטע „שענטי" — האָט איהם דזשייק שטענדיג געענטפערט, אָבער שוין אָהן אַ געלעכטער און אָפט מיט אַן אָפּגעקעהרטען קאָפּ... — מען דאַרף אַמאָל צופאָהרען מיט'ן אָטאָ־מאָביל און אַ קוק געבען...

— איך פאָהר זעהר אָפט פאַרביי, דזשייק. און עפּעס אַ מאָדנע קעלט וועהט מיר שטענדיג אַנטקעגען. אַן אומעט און בענקשאַפט נעהמט מיך אַרום... פרעמדע מענשען זיינען אין הויז און אויפ'ן גאַניק. איך קען זיי נישט און זיי קענען מיך נישט. די פאַרב איז אָפּגעריבען, די לאָדענס הענגען נאָך צו־בראָכען. דאָס הויז איז שוין גוט אַלט, ברודער דזשייק!...

און איין פאַרנאַכט, שפּעט אין זומער, האָט אייב מיט דזשייק'ען זיך אָפּגערעדט פאַרביי צו פאָהרען פאַרביי דעם הויז מיט'ן גרינעם גאַניק. אין מאַשין זיינען געזעסען אייב, קאַראָלינע, די עלטערע קינדער און דזשייק מיט זיין ווייב. אייב האָט גע־

בעטען דעם שאָופער טרייבען די מאַשין גאַנץ לאַנגזאַם. דאָס הויז האָט פּלוצים אויף דאָס ניי אויפגעלעבט: דער גאַניק און די לאָדענס זיינען געווען פריש געפאַרבט אויף גרין; אויפ'ן גאַניק זיינען געזעסען בחורים און מיידלאַך און געזונגען ליעדער...

אייב'ס עלטסטע טאָכטער, אַ צוואַנציג יאָהריגע מיידעל, האָט אויסגעשריען:

— זיידע און באָבע „יוזד טו ליוו היער".

אייב האָט אַראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ. דזשייק האָט באַפוילען דעם שאָופער ווייטער צו פאָהרען. קיינער האָט איהם נישט פאַר־שטאַנען, אפילו נישט די טאָכטער. נאָר דזשייק האָט זיין ברודער פאַרשטאַנען, וואָרים זיין אייגען לעבען איז אויך געווען וויסט און פוסט...

# א היימישע פאַמיליע.

אברהם גינזבורג האָט, נאָך אין קאָרידאָר געהענדיג, געהערט ווי זיין פרוי זאָגט צו די קינדער:

— שא, זאָל זיין שטיל, דער טאַטע געהט.

ער איז גלייך אריין אין א כעס דאָס דערהערענדיג און, אריינקומענדיג אין עס־צימער, האָט ער אין א בייזען טאָן געזאָגט:

— ווען איך האָב פארלאַנגט, עס זאָל זיין שטיל אין הויז, ווען איך קום? איך דאַרף נישט קיין שטילקייט! איך וויל, אז ווען איך קום אהיים זאָלען מיינע קינדער מיר באַפאַלען מיט קושען, און שרייען: דער טאַטע איז דאָ! דער טאַטע איז דאָ! און נישט בלייבען זיצען דערשראָקענע. וואָס בין איך א גזלן, אז מיינע קינדער זאָלען פאר מיר מורא האָבען?!

— זיי האָבען זיך געקריעגט — ענטפערט איהם זיין פרוי, שרה, גאַנץ געלאַסען, בלייבענדיג זיצען אויפ'ן שטוהל די הענט פארלייגט אויפ'ן געקעסטעלטען קיך־שירץ. און אין איהרע גרויע, אומעטיגע אויגען האָט זיך באַוויזען ווי אונטער א כמאַרע א ני־דערגעשלאָגענער בליק. איהר מאָגערער, בלייכער פנים האָט זיך באַצויגען מיט א רויטקייט — זי איז געוועזען פארשעהמט.

— און אז זיי האָבען זיך געקריעגט איז וואָס? קינדער! אומשטיינס געזאָגט קינדער... צוויי שטיקלאַך קינדער, איז די טאָכטער אין גאַנצען אין דער מאַמען געראָטען!... א מויד פון אכצעהן זאָל אויסזעהן ווי א מיידעל פון פערצעהן! מיר איז נאָר א חדוש וואָס זי טוט זיך אויך נישט אָן אַזאַ חן'עוודיגען שירץ ווי

דער מאַמעס — זאָגט ער וואָרפענדיג א בליק אויף זיין טאָכטער, א דאַר בלאַס מיידעל מיט דינע איידעלע געזיכטסציגע.

שרה האָט זיך אויפגעהויבען און אויסגעטאָן דעם פאַרטוך. דאָס מיידעל איז רויט געוואָרען. מוטער און טאָכטער האָבען ביידע געשוויגען. זייער שווייגען איז אָבער שווער געפאַלען אויף אברהם'ען, און ער האָט ווייטער געזאָגט:

— האָבען זיי זיך געקריעגט! אַן אומגליק אין שטאָדט. איך מיט מיינע ברידער און שוועסטער פלעגען זיך ממית'ן ווען מיר זיינען געווען קינדער; און היינט וואָלטען מיר איינס פאַר דעם אַנדערען די העלזער לאָזען שניידען.

—— גענוג עסען, אברהם! — זאָגט שרה מיט איהר גע־וועהנליכען שטילען קול.

דער טיש איז געווען געגרייט, און דאָס שטוב־מיידעל האָט סערווירט דעם סאָפּער.

אָבער עסען האָט ער נישט געקענט. עפּעס האָט איהם גע־דריקט אויפ'ן האַרצען. ווערטער זיינען איהם אין האַלז גע־שטאַנען — נישט אַרויסצורייִדען און נישט אַרונטערצושלינגען.

טראָץ זיין בייזערען זיך איז אברהם גינזבורג נישט קיין בעסן און נישט קיין שרייער, נאָר ווייל ער איז א הויכער, מיט ברייטע פּלייצעס, א שעהנע גרויליך־שוואַרצער באָרד און א גרויס סען קאָפּ מיט שוואַרץ־גרויע האָר, דערשרעקט מען זיך, ווען ער בייזערט זיך אַביסעל. זיין פרוי שרה קען איהם גוט; זיינע אַר־בייטער אין פאַבריק אויך, נאָר פונדעסטוועגען, ווען ער גיט עפּעס א זאָג, באַוועגט זיך ביי קיינעם נישט די צונג אין מויל איהם אַנטקעגען צו ענטפערען.

— אדרבא, לאָמיך אויך וויסען איבער וואָס איהר האָט זיך געקריעגט? און אַז עס וועט קומען צו קלעפּ, וועל איך אייך העלפען — האָט אברהם געלאַכט, זיך ווענדענדיג צו די קינדער.

— אָה, א באַטרעף זייער קריעג! מאָטלען געפעלט בעסער אַמעריקאַ, דאָס הייסט ניו יאָרק, און רייזלען געפעלט דוקא ווילנאָ — האָט זיך די מוטער איינגעשטעלט פאַר זיי.

— נו יאָ, רייזעל ווייס אַזוי פיעל פון ניו יאָרק, ווי פיעל מאָטעל געדענקט פון ווילנאָ.

— אַ מיידעל זאָל נאָר זיצען אין שטוב מיט דער מאַמען. געה מיט מיידלאַך, געה מיט בחורים! איך געטרוי דיר; אז מען האָט אַ מאַמען אַזאַ צנועה קען מען זיך אויף דיר פאַרלאָזען.

דאָס מיידעל איז שטאַרק רויט געוואָרען און נישט געהאַט וואוהין די הענט אַהינצוטאָן.

— אברהם! — האָט שרה אויסגעשריען מיט אַ פאָרוואורף אין די אויגען.

דער טעלעפאָן האָט אָנגעקלונגען.

— איך וועל אַליין, איך וועל אַליין ענטפערען!

— פייטעלמאַן האָט מיך איינגעלאַדען שפּיעלען אַ פינאָ־קעל — האָט ער געזאָגט אַריינקומענדיג צוריק, — ווילסט אויך געהן? זי, די מרס. פייטעלמאַן, פרעגט זיך יעדעס מאָל נאָך פאַר־וואָס דו קומסט נישט מיט; אָט דאָס איז אַ ווייבעל! אַ ברען. שפּיעלט מיט אין קאָרטען; איז געזונט און פעט. האָסט גע־זעהן ס'אַרא קאָרק!...

— אברהם, שווייג! — בעט זיך שרה — געה רייזעל, שפּיעל אַביסעל אויף דער פּיאַנאָ, און דו, מאָטעלע, געה אין גאַס אַ ווײַלע.

מאָטעל, אַ פלינקער אינגעל, מיט אויגען ווי ביים טאַטען, איז אין איין רגע שוין געווען פון יענער זייט טיר, און רייזעל האָט זיך נישט ווילענדיג אויפגעהויבען צו געהן שפּיעלען.

— קום מיט — בעט זי ווידער אברהם, ווען די קינדער זיי־נען אַרויס, — כ'לעבען זי איז אַ וואויל ווייבעל, ביזט דאָך שוין דאָרט איינמאָל געווען.

— איינמאָל איז גענוג — האָט שרה געענטפערט קורץ, קוקענדיג אויף דער וואַנט.

— ביזט אייפערזיכטיג אויף איהר — רייצט זיך אברהם.

— איך בין נישט אייפערזיכטיג — זאָגט שרה קורץ און פאַרשעהמט.

ביים קראוואט בייטען האָט ער זיך ווידער געווענדט צו איהר:

— א שעהנער קראוואט דער? ער פּאַסט זיך גוט צו מיין נייעם אנצוג?

— אביסעל צו שרייענדיג, עס פּאַסט גיכער פאַר א מאַן פון פינף־און־צוואַנציג ביז דרייסיג, ווי פאַר א אידען פון פופציג.

אַז מ׳דערמאָנט אברהם׳ען אָן זיינע פופציג יאָהר, ווערט ער טאַקי אמת אין כעס.

— איך בין ערשט זיעבען־און־פיערציג און נישט קיין פופציג יאָהר! ביזט טאַקי נעבאַך אייפערזיכטיג; און ס׳איז דאָ אויף וועמען: אזא פאָר ממזר׳ישע אויגען! און זי איז טאַקי צו מיר...

שרה האָט שנעל פארלאָזען דאָס יצמער.

. . . . . . . . . .

האַלב צוויי פּאַרטאָג, איז אברהם אהיים געקומען מאַט און נידערשלאָגען. שרה׳ן האָט ער געפונען אויפ׳ן דיוואַן ליגענדיג אין גאַנצען אָנגעטאָן.

— פאַרוואָס האָסטו זיך נישט געלייגט שלאָפען? — האָט ער זי געפרעגט, אויף גיך אויסטוענדיג דעם בונטען־קראַוואט.

— בין נישט שלעפעריג געווען.

אברהם האָט אָבער פון איהר פּנים אראָפּגעלייענט, אַז זי וויל מיט איהם ריידען, און ער האָט זיך געזעצט נעבען איהר אויפ׳ן דיוואַן.

— ביזט אין כעס, שרה׳לע? — זאָגט ער פול מיט חרטה — מיינסט אַז ביי מיר איז אזא גרויס פאַרגניגען צו געהן שפּיעלען אין קאָרטען מיט שייקע פייטעלמאַן. עס איז מיר גענוג אַז איך האָב איהם פאַר א שותף אין געשעפט...

— געהט מען נישט אהין! אַז מיר געפעלט נישט, געה איך נישט.

— אָט דאָס איז עס דאָך, אַז איך און דו זיינען צוויי אנדערע

וועלטען; צוויי אַנדערע וועלטען, שׂרה׳לע... דו האָסט אויגען ווי דער הימעל; דיינע הענט זיינען ווייסע, דינע מיט שמאָלע פינגער. דו ביזט אַן איידעלס. מיינע הענט זיינען גרויסע מיט האָר באוואקסען, מיט פולע אָדערען; ביי מיר קאָכט דאָס בלוט ווי אין אַ קעסעל; איך עס אַ סך, איך שלאָף שטאַרק, איך קען פארטראָגען אַ ליאַרם, אַ טומעל; איך האָב עס ליעב. איך קען קיין שטילקייט און קיין רוהיגקייט נישט אריבערטראָגען. איך בין אַ גרויסער, געזונטער איד מיט אַ גרוים הארץ. דאָס הארץ אָבער טוט מיר שטענדיג וועה; און דאָס גרויסע הארץ וועט אין מיר אַ מאָל פּלאַצען פון וועהטאָג. איך קען דעם גאַנצען היגען לעבען נישט אריבערטראָגען. איך קען שייקעלע פייטעלמאַן נישט אַנקוקען!...

— איך האָב באַדאַרפט האָבען מיין פאַבריק אין ווילנאָ, אָהן שותפים. וואוינען אין אַ גרויסע הויז; אין עס־צימער זאָל שטעהן אַ גרויסער טיש, תמיד מיט אַ פלאַש וויין און צובייסען פאַר יעדען, וואָס זאָל אריינקומען; האָבען אַ ווייב אַ געזונטע, אַ פרעהליכע טאָקי מיט ממזר׳ישע אויגען, אַביסעל פארשייט, אָבער אַן עהר־ליך אידיש ווייבעל, נישט ווי מרס. פייטעלמאַן וואָס חן׳דעלט זיך פאַר יעדען, נאָר נישט צו איהר מאַן. אַ בעל הבית׳טע מיט אַ ווייסען, ברייטען שירץ, מיט אַ בונט שליסלען. אין אַ צייט פון עסען זאָל מען פון קיך אריינברייגגען די געשמאַקע מאכלים. פון קעלער דעם גוטען וויין; פון שראַנק די בלאַנקע זילבער, און ווי־פיעל הונגעריגע עס וועלען זיך געפינען אין ווילנאָ זאָלען קומען צו אברהם גינזבורג עסען און טרינקען! און אז איך זאָל געהן איבער׳ן שטאָדט זאָל מען אויף מיר אָנווייזען: אָט געהט אברהם גינזבורג! און דאָ דאַרף איך אַ גאַנצען טאָג זיך ארומרייסען מיט שייקע פייטעלמאַן, אז ער זאָל נישט ארונטערדרייסען נאָך צוויי סענט פון אַ פּאָר ארבעל, נאָך אַ סענט פון אַ נאָט, און ארויסיאָגען פון פרעסער די לעצטע ביסעל כוחות. ווייניג רייך איז ער; וויי־ניג רינגען האָט זי, מרס. פייטעלמאַן אויף איהרע רויטע, גראָבע הענט. פארשטעהסטו מיך שוין, שׂרה׳לע, וויפיעל איך לייד?

שרה האָט געוואָלט וואָס זאָגען. ער האָט איהר אָבער נישט געלאָזען, ווייטער ריידענדיג באַגייסטערט:

— אך, דאָס היימיש לעבען! אין דער היים אין אַ ווינטער נאַכט, בעת די לבנה שיינט, שפּאַנט מען דאָס איין די שעהנע פּאָר פערד אין שליטען און מען קאַטאַיעט אַוועק איבער'ן האַרט געפראָרענעם שנעע! די פערד לויפען אַזש אַ פּאַרע שלאָגט פון זיי. גלעקלאַך קלינגען פון נאָהענט און ווייט, דער פראָסט ברענט, געלעכטער הילכט אין אַ ריינע, ווייטע נאַכט און דאָס ווייבעל טוליעט זיך נעהענטער און נעהענטער...

— וואָס איז שייך צו פּייטעלמאַן'ען קען איך דיר גאָר נישט העלפען, אָבער מיר... איך, אברהם, קען דיך באַפרייען... איך גיב דיר אַ גט... — האָט שרה אַרויסגעפּלאַצט אין אַ שטילען געוויין.

— זאָל גאָט אָפּהיטען! איך וועל דיך גט'ן?! נאָכדעם ווי מיר האָבען אָפּגעלעבט צוואַנציג יאָהר צוזאַמען? ווייסט וואָס דאָס מיינט צוואַנציג יאָהר צוזאַמען — ער האָט זי אַרומגענומען און געקושט — וואָס רעדסטו פאַר אַ נאַרישקייטען?

— פאַר וואס נישט, אברהם? וועסט נעהמען אַ יונגע, אַ שעהנע, וועסט האָבען קינדער מיט איהר...

— דו ביזט פאַר מיר אי שעהן, אי יונג, און איך האָב גענוג קינדער! נאַריש ווייבעל דו, כשר'ע נשמה'לע. ווייסטו וואָס דו ביזט פאַר מיר אין מיין לעבען געוועזן? ווען נישט דו מיט דיינע כשר'ע אויגען וואָלט איך מיך געלאָזט צוריידען צו אַ מיאוס'ען באַנקראָט... פארכאַפּען דעם לוין ביי די אַרבייטער. איך וואָלט געוואָרען אַ שכור, אַן אויסוואורף... אָבער דו און רייזעלע, איהר מיט אייערע עהרליכע אויגען האָבען מיך שטענדיג פון אַל דאָס בייז פאַרהיט. שטענדיג האָט דאָס הייסע בלוט מיך געשלעפּט אַרונטער, אַרונטער... און אייערע אויגען האָבען פאַר מיר גע־לויכטען און דעם הימעל געוויזען... קום שרה'לע, לייג דיך שלאָ־פען. שלאָף געזונטערהייט, און שלאָג זיך אַרויס די נאַרישקיי־טען פון דיין קאָפּ. איך זאָל דיך גט'ן?!

# עלענדע קינדער.

אין אַ זוניגען הערבסט־טאָג.

די לאַנדשאַפט אַרום דעם ליטווישען שטעדטעל וואַרזאַן איז געוועזן שטיל און ווי אַפּגענומען אין דעם הייסען, גאָלדיגען זונ־ליכט. די בוימער האָבען זיך געררויטעלט און דער הינטערגרונד האָט זיך געמאָלען אין בלוי, פיאָלעט און אראנזשען־גאָלד.

אין „אָגינסקים וואַלד", אַרומגעצאַמט מיט גרוי־הילצערנע פּלאַנקען, נעבען אַ פּאָר אַלטע, איינגעהויקערטע עפּעל־בוימער, האָט שיינדעל געקליעבען עפּעל. געוואָרפען שטיינער אויף די בוימער, אָט געטראָפען, דאָ געפעהלט, און פון צייט־צו־צייט צו־געלעגט נאָך אַן עפּעל און נאָך איינעם צו דער קופּקע אָנגעקליבענע. נאָך יעדען עפּעל, האָט זי דאָס קופּקע אָפּגעמאָסטען מיט די אויגען: קאָפּעקענע עפּעל, צוויי פּאַר אַ קאָפּעקע און דריי, פיער פּאַר אַ גראָשען צום קאָכען.

באַלד נאָך שבת וויל זי זיך זעצען אוי'ן מאַרק מיט די עפּעל. צום ערשטען מאָל, און דאָס האַרץ קלאַפּט אין איהר פאַר פריידע און שרעק. זי האָט אַריינגעלעגט די עפּעל אין אַ זעקעל, פאַרשאַרט מיט די גרעסטע, רויטע עפּעל פון אויבען, און געפּרוּווט זיך פיהלען ווי אויפ'ן מאַרק. אין געדאַנק, מאַכט זי נאָך פריידלען דער יונגער אלמנה. ביי איהר זעהען תמיד די עפּעל אויס פריש און געשמאַק, און זי לייזט טאַקי. ווי זי זיצט זיך אַזוי ביי איהרע עפּעל, שמייכעלט מיט יונגע חן־גריבלאַך אין די באַקען און זאָגט אָן: „עפּעל, נאָר ווייַן מיט צוקער! ס'צוגעהט אין מויל, אַזאַ יאָהר אויף אַלע אידען".

אָבער נעהם און זעץ זיך אויפ׳ן מארק! גאָר א קליינינקייט זיך אָפּצורייידען. זי, די פּרעמדע און די קהל׳שע... זיך אָנהויבען מיט א מארק מיט ווייבער. איבערהויפּט מינע די „מאָטלערקע" מיט איהרע דריי טעכטער ווי די שדים, זיי געהערט דער מארק און זיי פיהרען די גרענדע. אָבער זי וועט אויף קיין זאך נישט קוקען; זי וויל אויך ווערען א הענדלערקע...

מיט וואָס פאר א קנאה זי געהט דאָס אָרום יעדען מאָנטאָג אין מארק און קוקט ווי די ווייבער דינגען זיך מיט די פּויערים. קויפען אויף היהנער, אייער, פּוטער און אויבס. וואָס פאר א מבינ׳טע מינע איז דאָס אויף א הוהן, גיט נאָר א טאָפּ דאָס בייכעל, אונטער די פליגעל און ביים גאָרגעל, און זי וויים שוין, צו די הוהן איז א „לייגעדיגע", אָדער צום קוילען.

זי פאַרטראַכט זיך. דערזעהט דעם מארק־פּלאַץ אין א מארק־טאָג, אָרום חנוכה צייט. פון אַלע זייטען קומען אָן פּויערים אין די שליטענס איבער די וויינצע, פאַרשנעעטע גאַסען. גלעקלאך קלינ־גען מיט א פרעהליכען געפּילדער, דער מארק ווערט פול מיט דעם קוויטשען פון גענז, ענטלאך און אינדיקעס, און די ווייבער שטעהען איבער די שוועלען, אויף די בריקלאך, מיט דעם זיסען טעם אין מויל...

און אויף מאָרגען נאָכ׳ן מארק קלייבען זיי זיך אַלע צוזאמען אָרום לייבציג דעם פּוהרמאנ׳ס הויז. דער גרויסער וואָגען שטעהט געשפּאַנט מיט צוויי פערד, אָנגעפּאַקט מיט קערב אייער, קאַסטענס געפּענטעטע, קוויטשעדיגע היהנער און גענז גרייט אָפּצופאָהרען קיין פּרייסען. מינע מיט די טעכטער לויפען אָרום פאַרשמייעט, פאַרהאַוועט; פריידעל די אלמנה שטעהט אויף אַן אָרט ציכטיג און שמייכלענדיג און וואַרפט שעלמישע אויגען אויף איציקלען, דעם פּוהרמאנ׳ס זוהן. ער ווינקט צו איהר, זיך צו זעצען נעבען איהם ביי די פערד. רייזעל, מינע׳ס מיטעלסטע טאָכטער, דער־זעהט דאָס און פאַרכאַפּט דאָס אָרט. די אַלטע נחמה בייזערט זיך און בורטשעט וואָס איציק חכמה׳עט זיך מיט די חצופות. איבער זיי קאָן מען נאָך אמאָל פאַרשפּעטיגען מאָרגען דעם מארק

אין פרייסען. און עס דויערט ביז דער אַלטער לייבציג גיט אַ קאָמאַנדעוועו צום זוהן: פּאָהר!

און פערד, עופות און ווייבער; הירזשענדיג, קוויטשענדיג און באַלבענדיג לאָזען זיך קיין פרייסען אויפ'ן מאַרק.

און שיינדעל איז יעדען דינסטאָג געבליבען אַן אומעטיגע, אַ פאַרבענקטע אינ'ם פוסטען מאַרק־פּלאַץ. איהר האָט זיך אויס־געוויזען, אַז קיין שעהנערס און בעסערס ווי האַנדלען אויפ'ן מאַרק איז גאָר אין דער וועלט נישטאָ. און איהר גרויסער וואונש און שטילער חלום איז געווען, ווערען אַ מאַרק־אידענע און האַנדלען.

און זי האָט זיך נאָך פלייסיגער גענומען וואַרפען שטיינער אויף די עפּעל בוימער. אונטערשפּרינגענדיג האָט זי דערפיהלט דאָס לייוועגט־זעקעלע ביי זיך אין בוזים. אַ פאַרלאַנג האָט זיך אין איהר דערוועקט; אויסצושיטען דאָס קליינגעלט אויפ'ן גראָז און דאָס נאָך אַמאָל איבערצעהלען, קיינער איז דאָך דאָ נישטאָ... און זי קוקט אויף די ווייסע, זילבערנע מטבעות מיט אַ ליעבשאַפט, ווי אַ מאַמע אויף איהרע קינדער. די ווייסע, זילבערנע גריוועניקעס, גילדענס, האַלבע רובעלס! שוין באַלד פינף יאָהר ווי זי קלייבט זיי קאָפּיקע צו קאָפּיקע... צוזאַמען צוויי און אַ האַלב רובעל! אַ שרעק באַפאַלט זי, דאָס געלט קאָן נאָך דורך עפּעס אַ סיבה פאַרפאַלען ווערען!... און אויף גיך האָט זי עס צוריקאַריינגעלעגט אינ'ם זעקעלע און, צודריקענדיג צום האַרצען, באַהאַלטען. אייגענטליך, איז איהר איינגעפאַלען, וואָלט זי גאָר אַזאַ גרויסע געלט באַדאַרפט איינלעגען ביים רב, אַ ריזיקע דאָס האַלטען ביי זיך... זי טרויט דאָס אָבער קיינעם נישט און האַלט דאָס ביי זיך, טאָג ווי נאַכט.

אַ פּרנסה האָט זיך איהר אויסגעאַרבייט פון זיך אַליין. ווען זי איז נאָך געווען אַ קליין מיידעל פון אַ ניין, צעהן יאָהר, פלעגט זי זומער אומלויפען איבער די פעלדער און אויף די בערג קלייבען זעמענעס, מאַלינעס, ווינפּערלאַך און ברענגען די ווייבער צום פאַרקויף. יעדער אידענע האָט איהר וואָס אַנדערש דערפאַר גע־געבען; ווער אַ בגד, ווער אַ פּאָר אַלטע שיך. זי געדענקט נאָך

איצט די ערשטע פינף קאָפּיקעס וואָס זי האָט פאַרדיענט. איינ־מאָל האָט זי אַנגעקליבען אַ קערבעלע שעהנע, רויטע מאַלינעס און געבראַכט צו שרה לאה די גביר׳טע. יענע האָט איהר אויפ׳ן אָרט דערפאַר געגעבען אַ פינף־קאָפּעקען שטיק מזומן און אַן אַלט קליידעל דערצו. פון זינט יענער פּאַסירונג האָט זי נאָר געוואָלט מזומן פאַר איהרע יאַגדעס, האָט עס געמאַגט זיין בלויז איין קאָפּיקע. און ביסלעכווייז האָט זיך ביי איהר אויסגעאַרבייט אַ וואָג און אַ מאָס. אַ טעלער, אַ שיסעל זיינען געווען איהר מאָס, און די שווערקייט האָט זי געוואויגען אויף די הענט. זומער־צייט האָט זי זיך שוין אַליין דערנעהרט און נישט באַדאַרפט אָנקומען צום שטעדטעל... ווינטער האָט זי געקליבען טראַנטעס און ביינער און נאָך געמוזט אָנקומען צו נדבות.

אָבער מעהר וועט זי שוין קיין נדבות נישט נעהמען!... זי וועט האַנדלען! האַנדלען אויפ׳ן מאַרק, מיט אַלע ווייבער צוגלייך... זי וועט זיך נייען אַ ניי קליידעל, קויפען נייע שיך! צייט זי לעבט האָט זיך נאָך נישט אָנגעטאָן קיין נייעם בגד. און זי האָט דערפיהלט אַזאַ פרייד און גליק ביים געדאַנק פון נייע בגדים... צוויי גרויסע גליקען זיינען פאַראַן אויף דער וועלט: האַנדלען אויפ׳ן מאַרק און טראָגען אַ נייעם בגד פאַר זיך אַליין געמאַכט... און אָט די צוויי גליקען מוז זי דערגרייכען...

און מיט אומגעדולד האָט זי אָנגעהויבען צעהלען די טעג אויף די פינגער: פרייטאָג, שבת, זונטאָג און — מאָנטאָג אויפ׳ן מאַרק...

פּלוצים האָט זי דערהערט הינטער זיך אַ פאַרשטיקטען גע־לעכטער. פלינק און בויגליך ווי אַ קאַץ האָט זי זיך אויסגעדרעהט און דערזעהן פאַר זיך שלום׳קען דעם וואַסער־טרעגער. מיט אַ ברייטער האַנט פאַר׳ן מויל, האָט ער זיך געוואָלט איינהאַלטען פון לאַכען. האָט זי אָבער נאָר אַ קוק געטאָן אויף איהם, האָט ער זיך פאַנאַנדערגעלאַכט אַזוי שטאַרק און הילכיג, אַז דער גאַנצער וואַלד איז געוואָרען פול מיט אַ כאַ־כאַ־כאַ, כי־כי־כי, און ווייט און

ברייט איבער'ן פעלד האָט געהילכט דער עכאָ: כאַ־כאַ־כאַ, כי־כי־כי.

שיינדעל איז געוואָרען אין כעס און מיט אַ שטרענגען בליק געפרעגט:

— וואָס'סטו זיך אַזוי צולאַכט? דו מטורף!

— פון דיר — האָט שלום געצוקט מיט די ברייטע פּלייצעס און געקוקט נאַריש און פאַרשעהמט מיט צוויי בלויע קינדער־אויגען, ווי די בלימלאַך פון אַ זאַנגען פעלד אַרוים.

— פון מיר?! וואָס איז דאָ פון מיר צולאַכען? — האָט זי אָנגעשרויפט איהרע שוואַרצע אויגען. דאָס טונקעלע פּנים האָט זיך גערויטעלט פון כעס און פון די פולע, אָפענע ליפּען האָבען אַרויסגעבלאַנקט צוויי רייהען ווייסע, שאַרפע ציין, ווי ביי אַ ציגיינערקע.

— ס'איז דאָ — האָט שלום געפינטעלט מיט די אויגען, זיך שעהמענדיג און טייטלענדיג מיט אַ פינגער אויף איהר קער־פּער, און ווידער האָט זיך פאַנאַנדערגעקייקעלט איבער'ן פעלד שלום'ס קייכענדיג לאַכען, און ווידער האָט געעכאָ'ט אין דער גרינער ווייטקייט אַ כאַ־כאַ־כאַ, כי־כי־כי און כו־כו־כו. איהם האָט זיך אָבער שטאַרק געוואָלט, אַז זי זאָל פאַרשטעהן, אַז ער מיינט דאָס אדרבה זעהר גוט מיט זיין לאַכען, און זי דאַרף נישט זיין ברוגז אויף איהם. האָט ער איהר געפּרואווט ערקלערען פאַרוואָס ער לאַכט:

איך זעה דיך אַלע טאָג, און אַלע טאָג ביזטו געוועזן אַ קליין מיידעל. און היינט האָב איך מיט אַמאָל דערזעהן אַז דו ביזט געוואָרען אַ גרויסע מויד מיט גראָבע הענט און פיס! און... מעהר וועל איך דיר נישט זאָגען. קענסט אַליין זעהן.

שיינדעל האָט גענומען ציהען דאָס צו ענגע קליידעל אַהין און אַהער און זיך שטאַרק געשעהמט.

זי האָט איהם אויך צוגעוואָרפען אַ בליק פון קאָפּ ביז די פיס און געשוויגען. איהר מח האָט זיך פאַרטראַכט און אַ פּלאַן איז ביי איהר געבאָרען געוואָרען...

ער האָט זי געלאַסטשעט מיט די גוטע בלויע אויגען, שעה־מעווודיג.

— ווילסט נאָך עפּעל, שיינדעלע?

— אָט יענע צוויי גרויסע עפּעל.

שלום איז אַרויפגעקלעטערט אויפ׳ן בוים ווי א בער, זיך גע־פלייסט מיט גבורה צו טרייסלען די דיקע צווייגען אָנגעפּיקעט מיט עפּעל. באַלד איז ער אַרונטער און איהר געהאָלפען די עפּעל אויפקלייבען.

זיי האָבען זיך ביידע געזעצט אונטער׳ן עפּעל־בוים.

זי האָט איהם דערלאַנגט אַן עפּעל. די „שלאַנג" האָט זי אָנ־געלערענט אויסקלייבען דעם שעהנסטען... א שעלמיש פייערעל האָט אויפגעשיינט אין איהרע אויגען, א שמייכעל האָט געשפּיעלט אויף די פולע ליפּען. א מאָדנער שמייכעל, עפּעס אַזוי אינסטינקט־טיוו קלוג... ווי זי וואָלט דעם עפּעל פאַרהאַנדעלט...

ער האָט דערפיהלט איהר האַנט, דעם ווייכען ריהר, דעם גלעט פון א מיידעל׳ס האַנט. ער האָט א ציטער געטאָן.

ער האָט זיך אויסגעצויגען אויפ׳ן גראָז אין פולער לענג און מיט הנאה געלאָזען די שטראַהלען פון דער זוהן איהם וואַרעמען. ער האָט געפיהלט, אַז נישט נאָר וואַרעמען איהם די שטראַהלען, נאָר זיי גלעטען איהם און זאָגען איהם: שלום׳על, ביזט אַזאַ וואוילער, אַזאַ טייערער, מיר האָבען דיך ליעב, ליעב...

— האָסט שוין אַלעמען אָנגעטראָגען גענוג וואַסער אויף שבת? — האָט איהם שיינדעל א פרעג געטאָן.

— יאָ. און איצט דאַרף איך געהן רופען אין שוהל אריין. קום אהיים וועל איך דיר אונטערטראָגען דעם זעקעל עפּעל.

ער האָט זיך א הויב געטאָן, צונויפגעלעגט ביידע הענט פלאַך קעגען איין זייט באַק און זיך פונאַנדערגעשריען:

„בעלי־בתים אין שוהל אריין". אין פעלד האָט זיך אויסגע־צויגען און אָפּגעהילכט דער עכאָ: ב ע ל י ־ ב ת י ם א י ן ש ו ה ל א ר י י ן. שלום האָט זיך שטאַרק צולאַכט פונ׳ם מטורף־דיגען עכאָ.

זיי זיינען ארויס פון „אַגינסקים וואַלד״. שלום האָט גע־טראָגען דעם זאַק עפּעל ווי עס וואָלט געווען אַ פעדער־קישעלע און שיינדעל האָט איהם נאָכגעקוקט מיט שפּאָט: אזא גבור! אזא יונג זאָל זיין אַ וואַסערטרעגער און אַ שוהל רופער...

זי איז אריין צו דער בעדערקע אין שטיבעל, באַהאַלטען די עפּעל און גענומען זיך איהר העלפען פאררוקען דעם טשאָלענט, גרייטען צום טיש און שייערען די לייכטער. פרייטאָג צו נאַכט און שבת, עסט זי מיט זיי ביים טיש, דערפאַר העלפט זי אויס אין באָד דאָנערשטאָג, בעת מ׳הייצט פאַר ווייבער.

זלאַטע די בעדערקע איז די איינציגע פון׳ם גאַנצען שטעדטעל, וועמען שיינדעל האָט אביסעל ליעב. זלאַטע האָט תמיד פאַרנומען ביי איהר דעם פּלאַץ פון אַ האַלבער מאַמען... ביי איהר אויפ׳ן שויס פלעגט זי זיך אויסוויינען, אַז ס׳האָט ווער פון׳ם שטעדטעל אויף איהר אָנגעשריען, אָדער זי אַ קלאַפּ געגעבען. די בעדערקע איז תמיד צו איהר גוט געווען, צייט זי געדענקט... און זי גע־דענקט, ווי מ׳האָט זי אַמאָל אהער געבראַכט פון ווייט, ווייט... איבער וועגען און פעלדער, און זיי זיינען אָנגעקומען אהער אין באָד, וואָס איז אויך אַ הקדש אין די טעג וואָס מ׳הייצט נישט. אויף די פּאָלס זיינען אַלע געשלאָפען און דאָרט האָבען זיי גע־געסען. ביי טאָג זיינען אַלע געגאַנגען איבער די הייזער בעטען נדבות, און אַ שלעכטע אידענע, וואָס האָט כסדר אויף איהר גע־שריען פלעגט זי מיט נעהמען און זאָגען, אַז זי איז אַ יתומה, אָהן אַ טאַטען און אָהן אַ מאַמען. און זי געדענקט אויך:

איין פריהמאָרגען, זי כאַפּט זיך אויף, קיינער איז אין באָד נישטאָ, און זי איז איינע אַליין אויף אַ פּאָל. זי האָט זיך שטאַרק צושריען; זלאַטע איז אריין, גענומען זי צו זיך אין שטיבעל און זי איינגעשטילט מיט אַ שטיקעל ברויט און אַ ביסעל מילך. שפּעטער האָבען זיך אָנגעהויבען שיטען מענשען זי אָנקוקען. מ׳האָט זי גענומען פרעגען: ווער איהר טאַטע איז, ווער איהר מאַמע און ווי זי הייסט. נאָר זי האָט אפילו נישט געוואוסט צו מ׳דאַרף האָבען אַ מאַמען, אַ טאַטען, אָדער אַ נאָמען...

און אזוי צייט דעמאָלט וואַלגערט זי זיך אין באָד אונטער זלאַטע׳ס השגחה. קליינערהייט איז זי געווען אַ קהל׳שע דיענסט. און די ווייבער פון שטעדטעל האָבען זיך געקריעגט איבער איהר אַרבייט, וואָס איז באַשטאַנען פון וויעגען קליינע קינדער און געהן אין שליחות. ווען זי איז עלטער געוואָרען האָט זי זיך פון די ווייבער דערוואוסט, אַז אַרומשלעפענדיגע אָרימע לייט, האָבען זי צוגעוואָרפען דער שטעדטעל... מ׳האָט איהר געגעבען אַלערליי אָנ־צוהערענישען וועגען טאַטע־מאַמען... מחמת זי איז נישט געווען קיין שעהן קינד, האָבען זיי זי גערופען אַ צונאָמען „שיין”, „שאַינ־דעל” ביז עס איז געוואָרען שיינדעל.

און זלאַטע האָט זיך מיט׳ן גאַנצען שטעדטעל ווייבער באַ־דאַרפט קריעגען, זיך איינשטעלענדיג פאַר איהר. און וואָס פאַר צרות האָט זי דאָס אויסצושטעהן פון איהר מייער־איציקלען, צייט שיינדעל איז אויסגעוואַקסען אַ גרוים מיידעל!... זי לאָזט איהרע אייגענע טעכטער שלאָפען אויפ׳ן פאָל מיט שיינדלען, כדי ער, דער טאַטע זייערער, זאָל זי נישט טשעפען... וויפיעל מאָל ביי־נאַכט, ווען דער תכשיט איהרער איז דאָס נעלם געוואָרען פון בעט און זי איז געלאָפען איהם זוכען. געבעטען איהם מיט גוטען, געסטראַשעט איהם מיט בייזען, אַז זי וועט מסר׳ן קהל, און נישט אָפּגעטראָטען, ביז ער איז ווידער נישט געלעגען אויף זיין געלעגער. נישט איין מאָל האָט זי דערפאַר געכאַפּט אַ שטורך אין זייט און אַ זעץ אין האַרץ.

. . . . . . . . . .

דורכ׳ן שטעדטעל האָט זיך פּלוצים דורכגעשניטען שלום׳ס געזונטער קול:

„בעלי־בתים אין שוהל אריין! בעלי־בתים אין שוהל אריין!”

— שלום׳קע האָט זיך דאָס היינט צוגעהיילט אין שוהל צו רופען — האָט זיך זלאַטע באַקלאָגט און גענומען זיך יאָגען מיט דער אַרבייט.

שיינדעל האָט אויך גענומען זיך איילען. געשטעלט די לייב־טער אויפ׳ן טיש, געלעגט די חלות, פאַרדעקט מיט׳ן חלה־דעקעל

און אַלץ געמאַכט גרייט פאַר זלאַטע׳ן צו בענשען ליכט. זלאַטע האָט דאָס געזעהן און געטראַכט: זי וועט גיכער פאַרשפאָרען אַן ארבייט ווי אַן אייגען קינד.

מייער־איציק איז אריין, דערזעהן שיינדלען חן׳ענווידיג פאַר־סאַרעוועט, האָט ער זי מכבד געווען מיט אַ קניפּ אין אָרעם פון וואָס זי האָט דערזעהן פונקען פאַר די אויגען, און אויסגעשריען פאַר יסורים.

זלאַטע האָט זיך אויך צושריען:

— אפּיקורס, פּושע ישראל! זאָלסט זי צורוה לאָזען! הערסט, דו טריפ׳ענער ביין!

— אהא, ווילסט אויך איינעם, דו אַלטע כלב׳טע? — האָט מייער־איציק מיט איהר זיך גערייצט.

— נישט וועלען זאָל זיך דיר לעבען, זיסער גאָט!

און מייער איציק איז אוועק אין שוהל.

. . . . . . . . . .

שלום דער וואַסער־טרעגער האָט די גאַנצע נאַכט מיט אַן אויג נישט צוגעטאָן. דאָס האָט איהם געטראָפען כמעט דאָס ערשטע מאָל. פאַר די אויגען האָבען איהם אומגעטאַנצט: גרינע פעלדער, זוניגע לאָנקעס, עפּעל ביימער, און שיינדעל מיט אַ רויט־געבלומטער בלוזקע, די אַרבעל פאַרקאַטשערט הויך איבער די עלענ־בויגענס און אַ פולען בוזים. ס׳האָט אין איהם געקאָכט דאָס בלוט ווי אַ קעסעל פעך, דער מוח האָט איהם געברענט און שיער נישט געשפּאָלטען. די אויגען האָבען זיך איהם געקלעפּט פון שלאָף, נאָר איינשלאָפען האָט ער נישט געקאָנט.

איז ער געלעגען מיט אַ הייסען קאָפּ און געטראַכט: ער וועט זי גאָר נעהמען פאַר אַ כלה. אַ געזונטע מויד... און אפשר אַ שעהנע אויך... זי אַ יתומה, ער אַ יתום... ביי דעם געדאַנק, האָט ער אויפגעציטערט. אַ יתומה?... ווער ווייס... אַן אוועקגע־וואָרפענע, אַן איבערגעלאָזענע אין שטעדטעל פון אָרימע לייט. אָבער אזא... גוטע... טייערע שיינדעל... מיט אזוינע קיילעכדיגע אָרעמס... אפשר איז זי טאַקי נאָר אַ יתומה... דאָס בלוט האָט אין

איהם געברענט און ס'האָט איהם צו איהר געצויגען. נאָר דער מוח האָט איהם געענגבערט: טאָמער א מ—מזרת... פאַרוואָס קומט דאָס איהם חתונה צו האָבען מיט א... ניין, ער וועט אריבערשלעפען די קאָלדרע איבער'ן קאָפּ און איינשלאָפען. זיכער האָבען איהם די שדים געשלעפּט אין „אָגינסקים וואַלד". קיין מאָל האָט ער זיך אויף איהר נישט אומגעקוקט. תמיד אַ קליין נישט־דערוואקסען מיידעל געווען, און מיט אַמאָל אַ שפּראָץ געטאָן ווי אַ בוים... ער האָט איינגעגראָבען דאָס פּנים אין קישען און געוואָלט איינשלאָפען, אָבער פאַר די אויגען איז זי אַלץ געבליבען די גרויסע, פּלוצלינג אויסגעוואַקסענע מויד מיט דעם פאַרשייטען פּנים און לאַכעדיגע שאַרפע ציין, ווי אַ ציגיינערקע. ער לויפט, יאָגט זיך נאָך איהר, און זי שפּרינגט און שפּרינגט אוועק פון איהם ווי א ציג.... ווערט ער אין כעס און יאָגט זיך נאָך איהר מיט'ן גאַנצען כוח. שפּרינגט זי פלינקער און פלינקער איבער פעלדער, טייכלאַך, פעלזען, קלאַטקעס. אָט, אָט האָט ער זי שוין געכאַפּט, און אַלץ זי דרעהט זיך ארויס פון זיינע הענט. אָבער צום סוף — געכאַפּט! זי צאַפּעלט זיך אין זיינע שטאַרקע לאַפּעס. און ניין, ער לאָזט זי נישט... זי וועט זיך שוין פון זיינע הענט נישט אַרויסרייסען... בלייבט זי ליגען רוהיג, שמייכעלט צו איהם און דערלאַנגט איהם אַן עפּעל.

. . . . . . . . . .

שבת אין דער פריה האָבען איהם די שוועסטערלאַך און ברידערלאַך אויפגעוועקט, ווי יעדען שבת. זיי האָבען געוואָלט, ער זאָל פאַר זיי קרעהען ווי אַ האָהן, מיוקען ווי אַ קאַץ, רעווען ווי אַן אָקס און ברומען ווי אַ לייב. ער איז אָבער געווען בייז, נישט אויסגעשלאָפען און מיט אַ הייסען קאָפּ.

נאָכ'ן שבת־עסען האָט שלום קיין אָרט זיך נישט געקאָנט געפינען. קיין מאָל האָט איהם קיין אָרט נישט אויסגעפעהלט. וואו ער איז געווען, דאָרט איז איהם געווען גוט... פון געוועהנהייט, האָט ער זיך געלאָזען געהן מיט דער פרייסישער גאַס צום ברונען; אריינגעקוקט צום גרונט אויף דאָס גלאַטע, שבת'דיגע

וואסער, א שאָקעל געטאָן די קאראַמיסלע מיט'ן היינגענדיגען עמער און ווייטער געשפּאַנט. נישט קלערענדיג וואו אהין ווייטער צו געהן, ער איז צוגעגאַנגען צום ברונען פון דער ריטעוועי גאַס. ארומגעפּאַדעט דעם ברונען פון וועלכער ער שעפּט און שעפּט א גאַנצע וואָך וואַסער. ארויפגעשלעפּט מיט איין האַנט אביסעל וואַסער, א טרונק געטאָן און דאָס איבעריגע אויסגעגאָסען אין גאָרטען אויף א בוים. ארומגעוויגט הין און צוריק די קאַראַמיסלע און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. די זון האָט געברענט, די גאַסען זיינען געווען פּוסט, מענשען זיינען נאָך געזעסען ביי די שבת־טישען און איהם האָט גענאָגט אַן אומעט, א בענקען נאָך עפּעס. ער האָט נישט געוואוסט וואָס דאָס איז און פון וואַנען איהם איז דאָס געקומען אזא אומרוה.

וואוהין זאָל ער איצט געהן? אפשר ביי דער מומע זלאַטע'ן אין באָד? שוין אזוי לאַנג דאָרט נישט געווען. דער טאַטע און די שטיף־מאַמע זיינען צוקריגט מיט דער מומע זלאַטע'ן. אָבער ער, ער האָט גאָר נישט צו איהר... זי איז דאָך אזא גוטע. ווען ער קומט, פרעגט זי איהם צו ער איז נישט הונגעריג, דערצעהלט איהם פון זיין מאַמען. יאָ, ער וועט געהן צו דער מומע זלאַטע'ן, זי איז דאָך אזא גוטע...

— זעה נאָר, ווער ס'קומט צו גאַסט! — האָט אויסגעשריען מייער־איציק, דערזעהענדיג שלום'ען דורכ'ן פענסטער.

— יעמד א בחור, א שררה, א וואַסער־טרעגער ר' שלום בן צבי דוב! — האָט ער אויסגערופען מיט אַן עליה ניגון, בעת שלום האָט זיך באוויזען איבער'ן שוועל.

די מומע זלאַטע האָט זיך דערפרעהט, געזאָגט, אז „בלוט איז נישט קיין וואַסער", און איהם מכבד געווען מיט שבת'דיגע טהעע פון דער קאַכלע.

שלום איז געווען צוטומעלט דערזעהענדיג שיינדלען. געקוקט אויף איהר און מיט דער רעכטער האַנט זיך געקראַצט דעם לינקען אויער.

— איך האָב מורא, אז דער באָכורעץ האָט געוואָרפען אן

אויג׳ל אויף דיין „שאַינדעל״ און דערפאַר געקומען. זעה נאָר, ווי רויט ער ווערט, ממש ווי א בוריק! וואָס שעהמסטו זיך, די טפש! — האָט ער שלום׳ען געשטורכעט אין זייט און אריינגע־סוד׳עט א לשן קודש ווערטעל, פון וועלכען שלום איז נאָך רויטער און צוטומעלטער געוואָרען.

— אידישע קינדער, דער איד איז כל בו! — האָט זיך זלאַטע אָנגענומען פאר שלום׳ען, און מייער־איציקלען צוגעוואָרפען א גוט־מוטיגען, שבת־בייטאָגיגען בליק — נו, וואָס איז? שלום איז א בחור און שיינדעל איז א מיידעל.

— איך זאָג דען, אז עס איז וואָס? אדרבה, אז ס׳וועט זיין א „כאַסלאַרע״ וועט מען זיך אָנטרינקען. פארוואָס טאַקי נישט? דער בוכערעץ איז שוין א קימא לן פון א פינף און צוואַנ־ציגער, נאָך מיט א הכרעה.

שלום, הגם ער האָט זיך געשעהמט, האָט עס איהם פון דעסט־וועגען הנאה געטאָן, מ׳רעדט, מסתמא איז דאָס א גלייכע זאַך.

. . . . . . . . . .

מאָנטאָג, שיינדעל האָט זיך געזעצט אויפ׳ן מארק מיט צוויי זעקעלאך עפעל, גרויסע און קליינע. די ווייבער האָבען זי אָנגע־קוקט. די וואָס האָבען אליין פארקויפט אויבסס, האָבען איהר צוגע־וואָרפען בליקען מיט קללות. און געבורטשעט: זעהט נאָר ווער ס׳איז געקומען אונז ארוים רייסען דאָס ביסען ברויט פון מויל. אָבער די וואָס האָבען פארקויפט אנדערע זאַכען, האָבען זי גע־לערענט ווי צו פארקויפען. יעדע קאָפּיקע וואָס זי האָט געלייזט, האָט זי געהאַלטען אין האַנט. מיט ציטערדיגע הענט, אָבער מיט גאוה, האָט זי ארויסגעגעבען רעסט. און ווען זי האָט נישט גע־לייזט איז זי געוועזן מיט דער האַנט אין קעשענע, וואו די פּאָר פרוטות זיינען געלעגען, און זיך געקוויקט מיט דעם קלאַנג... זי האָט געזעהן, ווי שלום טראָגט אום וואַסער, לעדיגט אויםביידע עמער ערגעץ אין א הויז און לאָזט זיך ווייטער צום ברונען. און זי האָט מיט שפּאָט געטראַכט פון איהם: האָט בעסער נישט געקאָנט האַנדלען מיט חזיר־האָר, מיט פעלכלעך און זיין א מענש...

. . . . . . . . . .

איין מאָל, אין אַ קאַלטער העברסטיגער נאַכט, שלום און שיינ־דעל האָבען ארומגעשפּאַצירט אין אַן אָפּגעלעגען געסעל. זיי האָבען קיין ראַנדאַווי נישט געמאַכט, זיך נישט אָפּגערעדט. נאָר ווייל ס׳איז געווען אַ פינסטערע נאַכט זיינען זיי געגאַנגען איינער דעם אַנדערען באַגעגענען אַזוי אויף טראַף. און זיי האָבען זיך באַ־געגענט. שיינדעל איז געווען אָנגעטאָן אין זלאַטעס אַ וואַרעמע פּאַטשיילקע, מ׳זאָל זי נישט דערקענען. אַז זיי האָבען איבערגע־לאָזט דאָס לעצטע אידיש הייזעל, האָט שלום אָנגעצונדען די לאַנ־טערנע, כדי זיי זאָלען זעהן וואו צו געהן. וואָס צו רעדען איז נישט געווען, האָבען ביידע געשוויגען.

שלום האָט געטראַכט פון איהר. ער האָט איהר געוואָלט זאָגען ווי מאָדנע ער פיהלט, פון זינט ער האָט זי געטראָפען אין „אַגינסקים וואַלד" קלייבענדיג עפּעל. עפּעס צופּט איהם נאָר ביים האַרץ, ער וויים אָבער נישט ווי צו זאָגען, פאַשווייגט ער דאָס אין גאַנצען. שיינדעל האָט שוין עפּעס געפּלאַנט אין איהר העגד־לערישען מוח׳ל און איהם נישט געוואָלט אויסזאָגען. און אַזוי, ווי איהר וואָלט דאָס גאָר אין גאַנצען נישט אָנגעגאַנגען, האָט זי איהם אַ פרעג געטאָן:

— שלום, דיר איז נאָך נישט נמאס געוואָרען צו טראָגען וואַסער?

— נמאס געוואָרען! פאַרוואָס? ווער דען זאָל טראָגען וואַסער, און וואָס זאָל איך טאָן?

— האַנדלען.

— אַז אַלע וועלען האַנדלען, טאָ ווער וועט טראָגען וואַסער?

— וואָס אַרט עס דיך?

— וועמען דען זאָל אַרען? איך בין דאָך דער וואַסער־טרע־גער!

פלוצים האָט זיך באַוויזען אַ לאַנטערנע האַרט נעבען זיי. זיי זיינען אויפ׳ן שטעל אַנטשוויגען געוואָרען און זיך דערפיהלט, ווי מ׳וואָלט זי געכאַפּט ביי אַ גנבה. גאָלדע, די אויבס־העגד־

לערקע, וואָס האָט געוואוינט אין דעם לעצטען שטיבעל, איז פאַר־בײ געגאַנגען. כדי צו זײַן זיכער האָט זי זיי אָנגערופען בײ די נעמען, און זיך געלאָזען ווײַטער. שלום און שײנדעל האָבען געהערט ווי זי האָט געזאָגט צו א שכנה:

— קרוינעלאַך, זעהט נאָר ווער ס'שלעפּט זיך אַרום מיט בחורים בײנאַכט! אַז גאָט וויל, שיסען טאַקי בעזימער!

זײ האָבען זיך אויף גיך פאַרנומען אין אַן אַנדער גאַס, און געוואוסט, אַז מאָרגען וועט דאָס גאַלדע צופּויקען און צוקלינגען א-בער'ן גאַנצען שטעדטעל. שלום האָט געוואָלט שײנדלען פאַר־היטען פון באַריידערײ און געטראַכט בײ זיך: אַט, אַז זײ וועלען זײַן חתן־כלה איז שוין נישטאָ וואָס צו ריידען. נאָר ווי זאָגט מען דאָס אַזוינס אַרויס?... טראַכטען קאָן מען, אָבער אַרויס־ריידען? די ווערטער עפּעס קלעפּען זיך נישט און ווילען נישט אַרונטער פון דער צונג. עפּעס ווי ער וואָלט זיי געטריבען: געהט ליעבע ווערטער, זאָגט דאָס און דאָס שײנדעלען, נאָר זיי, די ווער־טער, פאָלגען נישט. און אַז זײ האָבען שוין געהאָרכט, זײַנען זײ אַראָפּ פון דער צונג אַזוי אומגעלומפּערט:

— ווייסט שײנדעלע, אָט וועגען וואָס מ'וועט מאָרגען אין שטעדטעל ריידען פון אונז, בין איך שטאַרק צופריעדען. אַז זײ וועלען זאָגען, וועט דאָס זײַן אַן אמת...

שײנדעלע האָט זיך צולאַכט. דער געזונטער, נישט איבער־געשפּיצטער שלום, איז איהר געפעלען. זי ווייס אַז ער וועט זײַן אַזוי גוט צו איהר, וואָס קײנער איז נאָך ביז איצט נישט געוועזן. און דאַן האָט זי טאַקי געזעהן אין איהם א הילף צו איהרע פּלענער וועגען האַנדלען.

זי האָט אויך קײן ווערטער נישט געהאַט צו זאָגען וואָס זי וויל. שײנדעל אָבער האָט קײן ווערטער נישט באַדאַרפט. זי האָט זיך נאָהענט צוגערוקט צו איהם, זיך געטוליעט אָן איהם, און צוגעלעגט איהר באַק צו זײַן מויל.

— מ'טאָר נישט, שײנדעלע, פאַר תנאים — האָט ער זי אָפּגעשטופּט.

— דו שוטה איינער, מ'טאָר — און זי האָט איהם אַ קוש געטאָן.

אז ער האָט דערפיהלט שיינדעל'ס קוש אויף זיין באק, איז ער געוואָרען אַ ווילדער פאר גרויס שרעק און אונבאוואוסטער פרייד. ער האָט געלאכט, געוויינט, זיך אַזש געוואָלט צושרייען. סתם שרייען פון די לונגען ארויס. און דאָך האָט ער זי אָפּגע־שטופּט:

— נישט, שיינדעלע, ניטע, מ'טאָר נישט פאר די תנאים; גאָט וויל דאָס נישט ליידען.

שפּעטער האָט ער זי ארויפגעפיהרט אויפ'ן וועג צו דער באָד און אליין אוועק אהיים.

אויף מאָרגען איז געווען אַ כמארנער, קיהלער טאָג. שיינ־דעלע האָט זיך געלאָזען געהן איבער'ן מארק־פּלאַץ פון עפּעס פּארטראכט. אָט פון האנדלען און אָט פון שלום'ס נעכטיגע רייד. פון וויטען האָט זי דערזעהן, אנטקעגען איהר אָנקו־מענדיג שלום'ס שטיף־מאמען. זי האָט דערפיהלט, אז יענע קומט צו איהר און אויך דערפיהלט צוליעב וואָס... אין הארץ האָט זיך איהר אָפּגעריסען פאר שרעק און געוואָלט אנטלויפען. זי איז אָבער געבליבען שטעהן ווארטען; אז יענע איז צו נעהנטער, האָט זי ערשט דערזעהן, ווי צורייצט און צווישעט זי איז געווען.

נאָך אַ פּאָר איילען אוועק פון איהר, האָט שוין יענע גע־שריען:

— הער זיך איין, דו חצופה איינע, זאָלסט נישט מיינען אז דיר וועט דאָס גלאַט ארונטער, אויב דו וועסט נישט מיט גוטען אָפּלאָזען שלום'ען פון זיך — האָט זי געוויינט און איז געווען ווייס פאר כעס.

— שלום וועט נאָך לאנג נישט חתונה האָבען מיט אַ... ער האָט אַן עהרליכען אידען פאר אַ טאטען — האָט זי נאָך צו־געגעבען.

— טאָ פּרואווט נישט דערלאָזען — האָט שיינדעל ארויסגע־

פלאצט אויך מיט א פארשטיקטען כעס און געוואָלט געהן איהר וועג.

— דו שלעפּערקע! האָסט נאָך די העזה צו ענטפערען. ווילסט צונעהמען דעם ביסען ברויט פון מיינע כשר׳ע פייגעלאך!... ער מוז פאר זיי האָרעווען! זייער טאטע איז אלט און קראנק!

שיינדעל האָט אָנגעקוקט מיט שרעק די צורייצטע אידענע מיט דער דארער ברוסט און ווייסען פארהונגערטען פּנים. זי האָט דערפיהלט איהר אייגענעם יונגען, געזונטען קערפּער און גע־וואָלט בעסער אוועקגעהן איהר גאָר נישט ענטפערענדיג.

— שווייגסט, דו עזות׳ניצע! שלעפּסט זיך ארום גאנצענע נעכט מיט איהם. מע ווייס... אזא ממזרת!... — האָט זי א גע־שריי געטאָן, ווי די גאַל וואָלט אין איהר געפּלאצט, און אריין שיינדלען אין די האָר מיט דעם שפּרונג פון א חיה.

ביים וואָרט „ממזרת" האָט זיך שיינדעל אין גאנצען פאר־לוירען. זי האָט דערזעהן א ראָד פון בלוט און פייער פאר די אויגען און פּלוצים דערפיהלט א שליימיגען, ביינערדיגען האלז אין איהרע הענט... זי האָט איהם געדריקט און געפיהלט אַן עקעל און קעלט דערפון, ווי זי וואָלט א קופּע זשאבעס אין איהרע הענט געדריקט. זי האָט דערפיהלט א שטארקען וועהטאָג און ברענען אין קאָפּ, און ווייט, גאנץ ווייט, האָט זיך איהר געדוכט, שרייט מען מיט משונה׳דיגע קולות: ממזרת! ממזרת!...

א רעדעל ווייבער האָבען זיך גיך ארומגעקליבען און אלע האָבען געשריען. שלום, איז ווי פון דער ערד, פּלוצים אויסגע־וואקסען, זיי פונאנדערגעריסען, געכאפּט שיינדלען אויף די הענט און איז מיט איהר נעלם געוואָרען.

שיינדעל איז גיך צו זיך געקומען ליגענדיג אויפ׳ן גראָז. שלום איז געזעסען נעבען איהר, געקוקט אויף די בונטען אויס־געריסענע האָר, און ווי א קינד געכליפּעט.

שיינדעל איז נאָך געווען געל, און מיט בלייכע, צוקענדיגע ליפּען. זי האָט געזאָגט שלום׳ען:

— איך וועל דאָ מעהר נישט בלייבען.

— וואוהין וועסטו געהן, שיינדעלע, וואוהין?

— אין אַן אנדער שטאָדט.

— און וואָס זאָל איך טאָן?

— דו, קום מיט מיר...

— וואָס רעדסטו שיינדעל? די קינדער!... דאָס שטעדטעל, די ברונימער... און דער אַלטער טאַטע?...

— וועסט פאַרדיענען וועסטו איהם שיקען געלט. מיר'ן ביידע האַנדלען.

פון דערווייטענס האָט שיינדעלע דערזעהן ווי צוויי אידען געהען צו זיי. זי האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס געהט מען נאָך שלום'ען. זי האָט זיך איהם געשטעלט פאַר די אויגען... אַ באַשלוס שטאַרק ווי מויער, האָט זיך אין איהר אויפ'ן אָרט דערוועקט, שלום'ען פון זיך נישט אָפּצולאָזען. זי באַדאַרף איהם איצט האָבען... זי האָט איהם אַרומגענומען און איהם געטוליעט צו זיך, האָט דערפיהלט זיין אינערליכען צאַפּעל פון פרייד און מיט נאָך שטאַרקערער ליעבשאַפט איהם געדריקט צו זיך. זי האָט דאָס אַלץ געטאָן טייוויליש קלוג, אָבער נישט אָהן אַ גרויס שרעק... מ'געהט איהם צונעהמען! וואו וועט זי אַליין געהן?... און זי האָט שטיל און וויבליך געפליסטערט מיט איהר מויל נאָהענט צו זיין אויער:

— קום, שלום, קום אַוועק פון דאַנען. קום אין אַ נייער שטאָדט! — איהר קול איז פּלוצים געוואָרען ווייך, ווי אַ מאַמעס, בעת זי דערצעהלט איהר קינד אַ מעשה'לע — אין אַ נייער שטאָדט!... ביזטו קיין מאָל נישט געפאָהרען אויף אַ וואָגען באַגינען צו טאָגען, בעת די זון הויבט אָן אויפצוגעהן? זעהסט פון ווייטען דרעהען זיך ווינט-מיהלען! פון די קוימענס הויבען זיך אָן צו ציהען וואָלקענס רויך. דו קומסט אַלץ נעהנטער און נעהנטער און אַ נייע שטאָדט ליגט דיר צו די פיס. דאָרט, אין דער נייער שטאָדט, וועלען מיר ביידע חתונה האָבען, און איך וועל דיך שטאַרק האָלד האָבען.

און ווייטער האָט זי דערפיהלט זיין אינערליכען צאַפּעל פון פרייד און א געוויין אין האלז.

— אין א נייער שטאָדט, שלום'על! אין א נייער שטאָדט!... — האָט איהם אריינגעקושט אין אויער און אָפּגע־טראָטען אַביסעל אָן א זייט, צו צולאָזען נח דעם קרעמער און דעם שמש צו איהם.

—מיר זיינען דיר געקומען זאָגען, שלום'קע, אז דיר איז די מומע מוחל, און געהייסען דיר קומען עסען וועטשערא — האָט נח דער קרעמער געזאָגט קוקענדיג פון דער זייט אויף שיינדלען.

— יאָ, טאַקי עסען וועטשערא, זאָלען מיר אלע אזוי לעבען — האָט אונטערגעכאַפּט דער שמש.

— איך וויל נישט עסען — האָט שלום געזאָגט א ברוגז'ער.

— וואָס הייסט, דו ווילסט נישט עסען? — האָט זיך נח גע'חכמ'עט — האָסט דאָך נאָך קיין וועטשערא נישט געגעסען. און אז נישט נעגעסען, איז א גוטער סימן אז דו ביזט הונגעריג. בפרט נאָך, אז אין דער היים קאָכט זיך א געפילטע קישקע, א מילץ, א גרייזיק און א קעלבערנער גערגעלע, אָי ווילט זיך דאָס נישט עסען!...

—געה אהיים, זיי נישט קיין שוטה! אלץ וועט זיין ווי געוועז. אין די ברונימער איז נאָך פאַראַן גענוג וואסער. אויף פסח קריגסטו נייע עמערס און א נייע קאראמיסלע — האָט נח דער קרעמער, וועלכער האָט בטבע הנאה געהאַט צו הערען זיך רעדען, ברייטלאך גע'דרשנ'ט.

— אודאי וועסט קריגען נייע עמערס אויף פסח, אודאי, געה אהיים — האָט דער דארער שמש מיט חניפה צום רייכען קרעמער צוגעבאַמט.

שיינדעלע איז געשטאַנען, געלויערט ווי א קאַץ און קיין אויג פון שלום'ען נישט אראָפּגענומען.

— איך וויל מעהר נישט טראָגען קיין וואסער — האָט שלום געענטפערט, ווי ער וואָלט דאָס פון שיינדעל'ס פּנים אראָפּ־געלייענט.

— ווילסט מעהר נישט טראָגען קיין וואסער ? ! א געלעכטער, אויף מיינע נאמנות — האָט זיך נח צולאכט און דער שמש האָט געהאָלפען — א מענש טראָגט אָפּ וואסער פאר א שטעדטעל איבער צעהן יאָהר, און פּלוצים, מיר נישט, דיר נישט, וויל ער מעהר קיין וואסער נישט טראָגען.

— שוין גענוג וואסער געטראָגען, לאָזען אנדערע טראָגען וואסער.

— א משל ! און אז איך דאַווען שוין אריבער פערציג יאָהר, דארף איך זאָגען : שוין גענוג געדאַווענט, לאָז אַן אנדערער דאַוונען ? טאַקי א משל. אז א פערד, להבדיל, זאָל קענען רעדען, וואָלט ער באַדאַרפט זאָגען, איך וויל מעהר נישט שלעפּען דעם וואָגען, שוין גענוג געשלעפּט. אָבער דו, שוטה איינער, זעהסט נישט גאָט'ס השגחה און דעם שכל אין דעם ? דאָס פערד וואָס האָט געשלעפּט דעם וואָגען שלעפּט ווייטער...

— ער איז דאָך ביי אייך נישט קיין געבוירענער און נישט קיין געשוואוירענער וואסער-טרעגער — האָט זיך שיינדעלע אריינגעמישט.

— זעהסטו, טאָכטערקע, מיט דיר האָבען מיר גאָר נישט וואָס צו רעדען — האָט זיך נח אומגעקעהרט צו איהר — מיר קענען נישט דיין מאַמען און ווייסען נישט ווער דיין טאַטע איז געווען... דו קענסט זיך געהן !

— טאַקי אין דער אמת'ן וואָס ווייסען מיר — האָט דער שמש אונטערגעכאַפּט.

אין שלום'ען האָט זיך אָנגעצונדען א פייער, לּמאי זיי האָבען דאָס געזאָגט. שיינדלען ווידער, האָט אצינד גאָר נישט געאַרט וואָס זיי זאָגען. זי האָט געוואוסט אז זי דארף געהן און וויל, אז שלום זאָל געהן מיט איהר... ער איז פאַר איהר איצט געווען מעהר ווי א געליעבטער אינגעל, ועמענס לאָסקעס און ליעבשאַפטען זי האָט געזוכט. ער איז פאַר איהר געווען ווי א בריק וואָס פיהרט פון א שטאָדט וואָס אלע טרייבען זי, שילטען און יאָגען זי נאָך מיט שטיינער — אין א שטאָדט פול מיט לעבען און פרייד און

וואו אַלץ וואַרט אויף איהר !... און דעם בריק וויל נח דער קרעמער מיט'ן דאַרען שמש פון איהר צונעהמען... זי איז געוועזן בלייך, דערצאָרענט, איהרע אויגען האָבען געברענט ווי לאַנטערנעס, און מיט די אויגען האָט זי שלום'ען גע'כישופ'ט און גערופען געהן מיט איהר.

— אַז דו ווילסט נישט, דאַרף מען נישט. אָהן וואַסער וועט דאָס שטעדטעל נישט זיין. איך האָב פיינט זיך ביי אימיצען צו בעטען. — האָט נח זיך אָנגעבלאָזען, אוועק און מיטגעשלעפּט מיט זיך דעם שמש'ל, איהם אריינ'סוד'ענדיג אין אויער:

— מ'וועט שיקען די שטיף־מאַמע מיט די קינדער.

שיינדעל'ס שאַרפער אויער האָט דאָס נישט פאַרפעהלט צו הערען און אָפּגעמאַכט ביי זיך איהם וואָס גיכער פון דאַנען צו־צונעהמען. וואָרים אַז די קינדער וועלען קומען וועט ער געהן מיט זיי...

— שלום, מיר וועלען אַריבער דעם גרענעץ. איך וועל אין פרייסען האַנדלען. זעהסט איך האָב געלד, — האָט זי איהם אָנגע־וויזען אויף דאָס לייוועגט זעקעלע אין בוזעם.

— קום, שיינדעלע, קרוינעלע, קום אין שטעדטעל, אַלץ וועט פאַרגעסען ווערען, קיינער וועט ניט טאָרען אויף דיר אַ קרומען פּיפּס טאָן. מיר וועלען דאָ גופא חתונה האָבען...

— ניין, דאָס נישט — האָט שיינדעלע געזאָגט אַנטשלאָסען

שיינדעל האָט געוואָרפען בליקען איבער'ן גאַנצען פעלד אַלץ פאַרשטעלענדיג שלום'ען די אויגען. באַלד האָט זי דערזעהן פון דער וויטענס זיך שלעפּענדיג אַ נאַבלעסיגע אידענע מיט אַ סך קליינע פּופּקעלעך... זי האָט געוואוסט ווער זיי זיינען. זי האָט אויף שלום'ען אַ קוק געטאָן, איהם אַרומגענומען מיט איהר יונגען געזונטען קערפּער. זי האָט געפיהלט ווי ער בּייט זיך איבער.

ער האָט איהר גענלעט דעם וואַרימען האַלז מיט זיינע קיהלע פינגער און זי האָט איהם אַנטבלויזט דעם וואַרימען בו־זעם. זי האָט געשוויגען. יעדער גליעד אָבער אין איהר האָט גע־

רעדט: זעה, פיהלסט ווי ווארעם מיין קערפער איז... קום, קום מיט מיר... שלום'על.

— שיינדעלע, מאמעלע, קרוינעלע — האט ער זיך געפרואווט וועהרען, קום צוריק אינ'ם שטעדטעל...

נאר שיינדעלע האט ווי א מכשפה געווארפען די לעצטע קארט... טרומף טויז! ס'מוז געווינען:

— קום שלום'על, ס'ווערט דאך שפעט און מיר מוזען זיך באַזארגען מיט נאכט־לעגער. אין א דארף ווענען די פרייסען אונז לאזען איבערנעכטיגען אין א שייער מיט היי.

הגם קיין לעבעדיגער מענש איז דערביי נישט געווען, האט דאס שיינדעל ארויסגעשעפטשעט אזוי שטיל ווי א סוד...

ער האט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען. זי האט צוגעהאלטען זיין קאפ צווישען איהרע ביידע הענט, ער זאל אויף צוריק א קוק ניט טאן... און זיי זיינען ביידע אוועק אראפ בארג אויפ'ן וועג צום גרענעץ אין פרייסען.

# טאָדע ראָדעס טעכטערל.

מיין באָבע דערצעהלט:

בעת זי איז נאָך א מיידעל געווען, האָט אין דעם איי־גענעם ליטווישען שטעדטעל ביי דער גרענעץ פון פרייסען, גע־וואוינט טאָדע ראָדעס דער גביר מיט זיין פלונית'טע, שיינע דאָ־בע און איין־און־איינציג טעכטערל, ראָדע־גאָלדע־אלטינקע, א ליכטיגען גן עדן זאָלען זיי אלע האָבען דאָרט אויף יענער וועלט. ראָדעלע האָט זי געהייסען נאָך איהר באָבען, עליה השלום; גאָל־דעלע האָט מען איהר צוגעלעגט א נאָמען בשעת'ן גרויסען שרעק, ווען וואינקע, דער „היהנער־כאפער", האָט זיך אריינגעריסען צו פייוועז דעם שיינקער, און יענער האָט געהאלטען אין אָנגיסען א גלעזעל בראָנפען פאר דעם ערל סטאנקיס'ן. צוערשט וואָינקע, דער אוראַנדניק טוזש נאָך איהם, און געמאכט אַן „אקט" אויף ארויסווייזען פייוועז אויף פיערציג וואָירסט פונ'ם שטעדטעל. אַן אונטערגעשיקטע זאך געווען. בקיצור עס איז געוואָרען א ליפעריי, א מהומה, ס'האָט אויף אלעמען דערנסמאָלט די הויט געציטערט. איז אין גרויס שרעק, האָט מען זיך ניט ארומגעזעהן ווי גאָלדעלע האָט אין א ווינקעלע אוועקגע'חלש'ט, געווען א שוואכס ווי א שוועלבעלע און אָהנקרעטיג איז, אַז מען האָט זי דערמינ־טערט, האָט מען איהר דאָס צוגעלעגט דעם נאָמען נאָך דער רבי'צין גאָלדע, וואָס איז אין דעם אייגענעם יאָהר געשטאָרבען פון א שלאפקייט. און אלטענקע, האָט מען איהר צוגעלייגט א דריטען נאָמען, פון סגולה וועגען, בעת, עס איז, ניט פאר קיינעם געדאכט, אומגעגאנגען א שלעכטער טיף. גערופען האָבען

זי אַלע פון יעמאָלט אָן, גאָלדע טאָדע ראָדעס. צי ווייל נאָך דער רביצ'ן, עליה השלום, וואס איז געווען אַ צדקניות, ווי ס'פּאַסט פאַר אַ רבי'צן, צי ווייל זי האָט געהאַט אַ גאָלדען הערצעלע. אַ גאָלדען הערצעל, ס'האָט אָבער נישט געקלאַפּט ווי ס'געהער צו זיין... ניט דאָס הערצעל און ניט דער דופק. דאָס איז געווען טאַקי בסוד סודות, נאָר אין יענעם שטעדטעל, האָט מען געוואוסט, אַפילו ווי ביי יענעם קלאַפּט דער דופק, הן פונ'ם גביר און הן פונ'ם אָרימאַן.

געהאָדעוועט האָט זיך גאָלדעלע אויף „מילך און האָניג", אויף פריש געשאָכטענע טייבעלעך און אַפּעלסינעס. אָבער דער־האַלטען זי ביים חיות האָט אהרן לייב, דער גבאי זכרונו לברכה, מיט זיינע עין־הרע'ס אָפּשפּרעכען. און געגעגבען איהר אַן עין־הרע, האָט איעדער ווער ס'האָט נאָר אויף איהר אַ קוק געטאָן. מחמת זי איז געווען אַזאַ פּאַרשוין, געהאַט אַזאַ ליכטיג פּנים'ל וואָס מ'האָט זיך אין איהר ניט געקענט איינקוקען, ווי מ'קאָן זיך אין דער זון ניט איינקוקען. און איהר דאַרפט וויסען, אַז אַבי ווע־מען אָפּצושפּרעכען אַן עין־הרע האָט מען זיך גאָר ניט איינגעשטעלט צו געהן צו אהרן לייב דעם גבאי. פאַר יענע איז געווען, להבדיל, נעבע די „הויבען", וואָס פלעגט אָפּשפּרעכען בייזע אויגען.

און די ברכות וואָס דאָס גאַנצענע שטעדטעל האָט איהר תמיד געוואונשען. און אין אַ שלאָפלקייט האָט זיך בפועל ממש דער גאַנצער בית עולם פאַר איהר געמיהט.

ער, טאָדע ראָדעס, אַליין, האָט אפשר פון אידישקייט אַ האָ־רעלע זיך אוועקגעקרימט אָן דער זייט. געשאָרען די באָרד אַבי־סעל פאַרשייט, געגאַנגען אָנגעטאָן אין סויבעלנע פוטערס און מיט ווייסע פלעט העמדער, ווי אַ פריץ להבדיל: פלעגט פאָהרען האַנדלען אין אויבערוועדטץ האָט ער זיך פערקוקט אויף די דאָר־טיגע גבירים.

אָבער שיינע דאָבע, הערט איהר, אַז מ'זאָל געווען אויספּאָה־רען די גאַנצע וועלט מיט אַלע איהרע שטעדט און בתי מדרשים, וואָלט מען ניט געפונען נאָך איינע צו איהר. אַזעלכע שיינע

דאָבעם זיינען ניט פאַראַן אַ פולע. אַזאַ בעל־צדקה'טע, אַזאַ פרומע, גוטע נשמה, כ'זאָל כאָטש ווערט זיין איהר נאָמען צו דערמאָנען. געגאַנגען אָנגעטאָן איז זי ניט ווי די גביר'טע פון שטעדטעל, נאָר ווי די שוסטערקע און בעדערקע להבדיל: אַ טי־כעל אויפ'ן שייטעל אַ האַלב זיידענס, אפשר שבת און יום־טוב, יאַ אַ זיידענס. דאס גאַנצע שטעדטעל אָרימע לייט האָבען יע־דען דאָנערשטאָג געקראָגען פון איהר וואָך־געלט אויף שבת מאַ־כען. פרייטאָג פלעגט זי טיילען ליכט און ועמען ס'האָט אויס־געפעהלט אַ ריין העמד אויף אין שוהל צו געהן. זיך געזאָרגט פאַר אָרעמע כלות, פאַר אלמנות און יתומים, קראַנקע פלעגט זי שיקען טעפלעך היהנער־יוך געזונטע — פאַרזאָרגט מיט ברויט. און ווער קען דען אויסרעכענען אַלצדינג וואס שיינע דאָבע די גביר'טע האָט פאַר אַלעמען געטאָן!

און ווער ס'האָט נאָר געהאַט צרות אויפ'ן האַרצען — און ווער האָט דאָס ניט צרות אויפ'ן האַרצען? — איז געקומען צו שיינע דאָבען אויסדערצעהלען. אפילו ווען אַ אידענע האָט זיך צוקריגט מיט איהר אַלטען, ווי דער שטייגער איז ביי אידען, איז זי אויך געלאָ־פען צו שיינע דאָבען'. מ'איז געגאַנגען צו איהר מעהר ווי צום דין רבי וועלווועלען. זי איז געווען די דין'טע.

און גאָלדעלען האָט זי דאָך פון דער פּאָלע נישט אָבגעלאָזט. האָט גאָלדעלע זיך אַלץ אָנגעהערט און אָנגעזעהן און דאָס עסען איז איהר אין קרעפטען ניט געגאַנגען. אַלץ האָט זיך איהר גע־לייגט אויפ'ן הערצעל, ווי געזאָגט אַ גאָלדען הערצעל און אַן אָהנ־קרעטיגעם געווען, פלעגט זי גלייך חלש'ן.

איינמאָל האָט זי גע'חלש'ט אויף אַ גביר'ישער חתונה. אין שטוב זיינען געווען אַלע רייכע קינדער, אָנגעטהאָן אין „עסיג און אין האָניג" און געגעסען לעקעך וויפיעל זייערע הערצלעך האָבען געגלוסט. און די אָרימע זיינען געשטאַנען ביי דער טהיר און ביי די פענסטער, און מיט אויגלעך, ווי מ'וואָלט געשטויסען שוואַרצען פעפער פאַר זיי, צוגעקוקט. האָט גאָלדעלע זיי אַוועקגעגעבען איהר חלק און די איבעריגע קינדער האָבען ניט געוואָלט אַוועקגעבען

זייערע חלקים. האָט גאָלדעלע׳ן פערקלעמט דאָס שוואך הערצעל און זי איז געפאַלען אין חלשות. ס׳האָט זיך אָפּגעטאָן, די גאַנ־צע חתונה איז פאַרשטערט געוואָרען.

אויף מאָרגען, פערשטעהט זיך, האָט שיינע דאָבע אָנגעבאַ־קען לעקעכער וויפיעל זי האָט געקאָנט. און שבת פאַרבעטען אַלע ארעמע קינדערלעך צו זיך, און גאָלדעלע האָט אַלעמען גע־טיילט גרויסע חלקים לעקעך. זי האָט געקענט יעדען קינד ביים נאָמען, און אז די קינדער האָבען זיך געפרעהט, האָט זיך גאָל־דעלע אויך געפרעהט.

נאָך אַמאָל האָט גאָלדעלע גע׳חלש׳ט, האָט מען שוין גע־דארפט דעם בית חיים איינרייסען ביז מ׳האָט זי דערמינטערט. ס׳איז געווען א הייסער זומער־טאָג. און מיידעלעך זיינען זיך צונויפגעקומען שפּילען נעבען טאָדע ראָדעס הויז. זיי האָבען זיך מיט די הענטלעך איינגעפלאָכטען אין אַ קאַראַהאָד און ארומ־געדרעהט. האָט זיך אָנגערופען שיינע דאָבע: „ווייסטו וואס מיין קינד, געה און שפּיעל זיך אויך מיט זיי״. איז גאָלדעלע געגאנגען, און זיי האָבען איהר אריינגענומען אין מיטען, און פון גרויס שמחה און פרייד, וואָס גאָלדע טאָדע ראָדעס שפּיעלט זיך מיט זיי אין קאַראַהאָד, האָבען זיי פון העלער־הויט אָנגעהויבען זינגען אַ נגינה׳לע, זייערס אַן אייגענס.

גאָלדע איז געשטאַנען אין מיטען, זיי ארום, באָרוויס און האַלב נאַקעט און געזונגען:

ניטאָ קיין ברויט, ניטאָ קיין ברויט,
עסען מיר ווייסע חלה,
און ווער ס׳דרעהט זיך אין קאַראַהאָד
די וועט ווערען אַ כלה.

ניטאָ קיין שיך, ניטאָ קיין שיך,
געהען מיר אָרום באָרוועס,

און ווער ס׳דרעהט זיך אין קאַראַהאָד
וועט האָבען פולע טאָרבעס.

ניטאָ קיין פלייש, ניטאָ קיין פלייש,
קאָכט די מאַמע אַ יאַיכעל,
און ווער ס׳דרעהט זיך אין קאַראַהאָד
וועט האָבען אַ פולען בייכעל.

האָט איהר ווייטער פארקלעמט ביים הערצעל און פערדרעהט דאָס קעפעל און זי איז אנידערגעפאַלען. נאָכדעם איז זי געווען צום שטאַרבען. נאָר מיט תהילים זאָגען, דעם גבאי׳ס עין־הרע׳ס אָבשפרעכען, אויבס פון בית עלמן איהר געקאָכט און די גרויסע דאָקטוירים פון פרייסען, האָט מען זי, ווי עס איז, דערראַטעוועט. און דער גרעסטער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז זי דאַרף לופט, לופט צום איינאָטעמען.

נישט ווייט פון זייער הויז איז געשטאַנען אַ באַרג און מ׳האָט איהם טאַקע גערופען טאָדע ראָדעס באַרג. אונטען — אַ טאָל און פאַזע באַרג האָט געפלייצט אַ טייך. און פון יענער זייט טייך וואַלד און וואַלד, אָנגעפראָפּט מיט בוימער, הויכע ביז אין הי־מעל אריין. פלעגט קומען פון דאָרטען צו ווייהען ריחות, נאָר צום שמעקען.

האָט שיינע דאָבע, אין אַלע שעהנע טעג אויסגעשפרייט אַ ליילאַך אונטערגעשפּאַרט אַ קישען אָן אַ בוים און גאָלדעלע פלעגט דאָרטען זיצען. און אליין, זייענדיג אין שטוב, האָט זי געקענט האַלטען אַן אויג אויף איהר דורכ׳ן פענסטער. נו האָט זיך דאָס אָנגעהויבען די גאַנצע מעשה. איהר הערט, מיינע גרויהע געשאָ־רענע האָר אונטער׳ן טיכעל שטעלען זיך מיר אויף ווי נאָדלען, ווען איך דערמאָן מיך נאָר.

די מעשה דערפון איז אזוי געווען: גאָלדעלע האָט אָנגע־הויבען זעהן פאַר זיך מלאכים פליהען. אַ מלאך וואָס איז אַ רואה ואינו נראה האָט זיך פאַר איהר יאָ אַנטפּלעקט. און וואָס

זי האָט נאָר געוואָלט, האָט זי ביי איהם גע׳פועל׳ט, ווייל זי איז געווען אזא גאָט׳ס פאָרכטיג קינד. נו, מיינט איהר, אז גאָל־דעלע האָט אויסגעבעטען פאר זיך א געזונט הערצעלע? עסען פאר אַלע אָרימע קינדערלעך האָט זי געבעטען. עסען און קליי־דעלעך מיט שיכעלעך. און גאָלדעלע האָט אזוי אליין דערצעהלט, און וואס גאָלדעלע האָט דערצעהלט האָט מען איהר געמעגט גלויי־בען. און זי האָט אליין דערצעהלט מיט איהר אייגען כשר׳ן מויי־לעכעל אזוי:

„אַלע טאָג ווען איך זיץ אזוי אונטער׳ן בוים, הויבען אָן צוקומען צו מיר: חנה׳קע די בעדערקע׳ס, שרה׳לע הינדע׳ס, אי־ציקעל דער יתום, דער אויבס פערקויפערקעס אַלע פינף קינדער־לעך, דעם קצב׳ס קינדער, גיטקע און יאנקעלע דעם פוהרמאנ׳ס און אַלע, אַלע אָרעמע קינדערלעך פון שטעדטעל און ווי זיי שטע־הען אזוי אָרים און הונגעריג קומט ארונטער דער גוטער מלאך, שפּרייט אויס א טיש. עס לאָזט זיך ארונטער א שטיק ווייסער וואָלקען. איין האַלבער פארשטעלט די אינגלעך, דער אנדער האַלבער די מיידעלעך. און אז דער וואָלקען געהט פארביי זיי־נען אלע אָנגעטהאָן אין יום־טוב׳דיגע קליידער: די מיידעלעך אין ווייסען פּיקיי, די אינגעלעך אין קאזימיר. מ׳צוזעצט זיך ארום א גרויסען טיש און אין שיסעלעך פון זילבער און לעפעלעך פון לויטער גאָלד, ברענגט א ווייס וואָלקענדעל, געבראָטענע טייבעלעך, פארפעל צימעס מיט צומאָלטען קאנייל און צוקער, הינער־יויך מיט אָנגעפילטע העלזלעך, צימעס מיט קניידלעך און קיטקעס מיט פלעכטלעך פון אויבען. א בת־קול גיט א זאָג: „קינדער, מאכט א ברכה!" און די קינדער מאכען המוציא און זייער ברכה לעבערט דעם הימעל. און דער בת קול ענטפערט אמן, צוגיסט זיך אזא וואוילער געזאנג איבער׳ן פעלד און גערטנער. און מיר עסען אויף און טרינקען אויס אלץ וואס קומט פון הימעל אויפ׳ן טיש. נאָכ־דעם גיט ווידער א זאָג דער בת־קול: „קינדערלעך בענשט!" און ס׳צוטראָגט זיך א „ברוך הוא ברוך שמו" פון אלע קינדער און בעת מעשה איז דער הימעל קלאָר און די זון שיינט".

איהר פאַרשטעהט! און גאָלדע האָט דאָס אַלץ געזעהן מיט פאַרמאַכטע אויגען. און יעדען טאָג דאָס אייגענע. אין שטוב האָט זי אינגאַנצען אויפגעהערט עסען. זי וועט עסען מיט אַלע קינדערלעך בייִם טיש, האָט זי נאָר געענטפערט. פלעגט שיינע דאָבע שטעהן פון וויַיטען, און גאָר ניט זעהן. קיינער האָט גאָר ניט געזעהן און גאָר־נישט געהערט, נאָר גאָלדעלע. זי פלעגט זיצען און ריידען, ריידען מיט׳ן בת־קול. דערנאָכדעם פלעגען די אויגעלעך פינקלען, ברענען, אָט זיינען זיי געווען שוואַרץ און אָט בלוי, און גרויסע, אַז די גאַנצע וועלט האָט זי מיט זיי געקענט זעהן!... נאָר דאָס גופ׳ל האָט ביי איהר גענומען אַלץ מעהר און מעהר דאַרען. ניט געגעסען. מ׳האָט געזעהן ווי גאָלדעלע, וואָס מ׳האָט איהר געגאָסען גאָלד אין האַלז, געהט אוים פון הונגער. און ניין, מיט אַלע קינדערלעך בייִם טיש וועט זי עסען... ניין און ניין, און מ׳האָט גאָר נישט געקענט טאָן.

מילא, וואָס איז דאָ דאָ אַ פולע צו ברייען? איין טאָג סוף תמוז. די זון האָט שוין גענומען געהן אין איהר מעריב אריין, אַ געדיכטער וואָלקען האָט זיך איבער׳ן וואַלד גענומען קלייבען. און גאָלדעלע זיצט נאָך אַזוי אָנגעשפּאַרט אָן קישען, וואָס איז געווען אָנגעשפּאַרט אָן בוים. דער וואָלקען ציהט זיך און ציהט זיך אַזוי ווי פון וואַלד ארוים. די זון איז ניטאָ. אַ קעלט האָט גענומען ברעכען אין די ביינער. איהר פאַרשטעהט דאָך, וואָס פאַר אַ מין קעלט!... שיינע דאָבע ציטערט ווי אַ בלאַט און טרויט זיך ניט צוצוגעהן. מ׳וויל זי ניט איבערשרעקען. דערווייל האָט עס, דאָס גאַנצע שטעדטעל, ווי איין מענש, דערפיהלט און מ׳האָט זיך גענומען קלייבען פון אַלע זייַטען גאַסען אין איין שנור צום באַרג. מ׳זעהט ווי שיינע דאָבע זעצט זיך אַוועק נעבען גאָלדע׳לען און הויבט זיך ניט אויף...

מ׳איז צוגעלאָפען, קינד און קייט. מ׳האָט זיי אריינגעבראַכט אין שטוב. שיינע דאָבע׳ן האָט מען דערמינטערט און גאָלדעלע איז געווען טוידט ווי אַלע טוידטע אויפ׳ן בית עולם. שיינע דאָבע האָט געלעבט ביז דער לויה. קוים וואָס די נשמה האָט זיך

איהר אין גוף געהאלטען. און אויפ'ן קבר'ל גאָלדעלע'ס איז זי געפאלען מיט א געפלאצט הארץ... איהר פערשטעהט וואס ס'האָט זיך דעמאָלט אין אונזער שטעדטעל אָפגעטאָן? דערצו איז נאָך טאָדע ראָדעס אליין געווען אין אויבערוועלט. מ'האָט געקלאפט א דעפעשע אהין, ער איז געקומען. געזעסען שבעה, געוויינט, געיאָמערט, און נאָך שלושים, ווייטער אוועק. קען דען עפּעס גוטס ארויסקומען, אז מ'פאָהרט כסדר אין אויבערוועלט?

און היינט:

אז איך בין שוין אַן אַלטע אידענע, שוין א וואָסערע דרייסיג יאָהר אין אמעריקא, און א גרויל, ווי מיר וואָלט זיך וועלען היינט זיין אין יענעם שטעדטעל! די לעבעדיגע קענען מיך ניט און ווייסען מיך ניט. וואָלט איך צו, צו טאָדע ראָדעס הויז, געזעהן ווער ס'וואָהנט דאָרטען היינט... איך וואָלט צו צום צוים פון בית עולם וואו ס'ליגען: שיינע דאָבע מיט גאָלדעלע'ן, די רבי'צין גאָלדע, דער דין ר'ב װעלװעלע, אהרן לייב דער גבאי און נעבע די הויבען. דאָס גאַנצע שטעדטעל פון יעמאָלט איז היינט אויפ'ן בית עולם. נאָכדעם וואָלט איך אויסגעגאַנגען אלע גאסען און יעדען איד און אידענע וואָלט איך געפרעגט: ווייסט איהר ווער ס'איז געווען שיינע דאָבע? ווייסט איהר ווער ס'איז געווען גאָלדעלע? און ווייסט איהר ווער עס איז געווען טאָדע ראָדעס דער נגיד?

# אַ דאַמסקער שניידער.

אָר־האָ, די אַמאָליגע יאָהרען! דאָס זיינען געווען גוטע צייי־טען!... אַט מיט אַ דרייסיג יאָהר צוריק, אין קיעוו...

אַזוי פלעגט דער אַלטער ברוך־לייזער גאַנץ אָפט אַריינזיפצען אין דער גרויער באָרד אַריין, זיין געדריידעלטען זיפץ. און ווי אויף נאָטען, האָט תמיד די אַלטע חיה־גאָלדע באַגלייט מיט איהרען אַ זיפץ, און א י ה ר ע ר האָט גאָר וואָס אַנדערש געטייטשט: דחקות, קאָכען אויף חתונות אַ גאַנץ יאָהר קנעטען פרעמדע דייי־זשעם ברויט, אויף פסח זיך אַנדינגען צו זיין אַ קנעטערין ביי מצות און האָרעווען אַ פולע שטוב מיט הונגעריגע מיילער און זשעדנע אויגען...

דאָס האָט שוין ברוך־לייזער לאַנג פאַרגעסען. איהם געדענקט זיך נאָר דאָס זייניגע:

אַט, אַז ער האָט איבערגעניצט די ריבסענע פעלערינע פאַר דער אַלטער פריצ'טע פּאָטאָצקי, אויסגעסטריגעוועט מיט אַ ווייסען פאָדים אַ גרויסען פויגעל, פון קאַרק ביז'ן רוקען, און נאָכדעם דאָס אויסגענעהט מיט שוואַרצע, בלישטשענדיגע קרעלאָכלעך, זיינען די שכנה'שע ווייבער אַריין ווי אויף'ן וואונדער דאָס אָנצוקוקען. און יעדע האָט געגאַפט מיט סלינע קוקענדיג אויף'ן בלישטשענדיגען פויגעל. און קיין בעסערס האָט זיך גאָר קיין יונג ווייבעל אָדער מיידעל זיך ניט געקאָנט ווינשען, ווי ברוך לייזער זאָל זי אויפ־נעהען אַזאַ פעלערינע ווי דער גראַפינעס, כאָטש פון קאַמלאָט אָדער קאַזימיר.

— וואָס זאָגט איהר נישט צו אייער ברוך־לייזער'ן? אַזאַ

פויגעל! ממש א לעבעדיגער פויגעל! — האָט א שכנה זיך אָב־געזאָגט מיט קנאה צו חיה־גאָלדען.

נאָר חיה־גאָלדע האָט געענטפערט מיט פאַרדרוס:

— וואָס האָט ער דערפון? וואָס טראָגט עס איהם אוים. פינף פינגער מיט א קאָפּ! אפילו וואסער אויף קאַשע נישט...

ברוך־לייזער'ן האָט קיין מאָל חיה־גאָלדע'ס וואָרטשען נישט געאַרט. איז נאָר אזאַ שטיקעל אַרבייט איינגעפאַלען, פלעגט ער מיט גרוים התמדה זיך נעהמען צו שאַרפען און שלייפען דאָס קליין מעסעריל, נאָכדעם פאַנאַנדערטרענען די נעט און אויסשאָבען די בלאָטע פון די נעט. נאָכדעם איז געקומען א סדרה פון גלעטען און פּרעסען דעם גוטען זייד. און נאָך דעם אַלעם, האָט ער פריי פון האַנט אָנגעצייכענט זיין אייגענעם שניט און זיך גענומען צו שערען. דאָס האָט איהם שטענדיג גענומען טעג און טעג. אָבער גאָר נישט; וואָס האָט איהם א שטייגער געאַרט, ווי לאַנג דאָס האָט געדויערט, אַז זיין מוח איז געווען פאַרנומען מיט דעם, ווי אַזוי עס וועט אויסזעהן פאַרטיגערהייד.

און יעדען פריה־מאָרגען, ווי נאָר ברוך־לייזער האָט אָפּגע־דאַווענט און אָפּגע'פטר'ט די אכילה, האָט ער זיך גענומען צו דער אַרבייט, און מיט דער אַרבייט צום געזאַנג. פריהער פלעגט ער אויספּרואווען זיין קול מיט א: בים, באַם, בים באַם, און נאָכ־דעם פלעגט ער אויפ'ן הויכען קול זיך גערגלען:

„אוי דאָס מיידעלע, זי האָט געקענט פיין שטעפּען,
האָט זיך געטאַן מיט'ן קאַפּיטאַן אַוועקשלעפּען.
וועה צו דער מוטער, וועה צו דעם קינד,
און וועה צו דאָס גאַנצע הויז־געזינד!"

זינגענדיג פלעגט ער מיט שרעק וואַרפען אויגען אויף זיין ניין־יעהריגער עסקע'ן, וואָס איז געזעסען אויף א הויכען בענקעל און זיך געלערענט סטריגעוועון. שפּעטער צו, אַז ער פלעגט זיך פאַרטיפען אין דער אַרבייט, האָט ער אָנגעהויבען פאַרפיהרען א שמועס מיט דעם ליעדעל וואָס ער האָט געזונגען, און מיט דעם אייגענעם ניגון טענה'ן אויפ'ן קול.

— מאַכט זי, די אשה:

„איידער צו לעבען מיט אַ פושע ישראל —
די יונגע יאָהרען צו פאַרשניידען."

— בעט ער זיך ביי איהר, און סטראַשעט זי:

„אַ, דיינע רייד,
ס׳ברענגט מיר צו לייד,
דיינע רייד וועט דיר פאַרדריסען,
אַז איך וועל פון דיר דיין גאָלד און זילבער צונעהמען.
אַ, דאַס וועסטו דאָך געניסען."

— איז זי אָבער געווען אַ אשה צנועה, ענטפערט זי:

„מיין גאָלד און מיין זילבער וועל איך דיר אַליין אוועקגעבען,
ביי מיין הויז וועל איך דאָך בלייבען.
איידער צו לעבען מיט אַ פושע ישראל —
די יונגע יאָהרען צו פערשניידען."

— אודאי אַזוי, אודאי אַזוי, גערעכט! אַזוי דאַרף ענט־פערען אַ פרומע אשה — פלעגט זיך ברוך־לייזער צוגיסען מיט דעם אייגענעם ניגון און תיכף אָנהויבען דעם צווייטען פערז.

חיה־גאָלדע, אויב זי איז נאָר נישט געווען פאַרנומען אויף אַ חתונה אָדער אַ ברית, און די קינדער זיינען געווען זאַטע, האָט זיך אויך אַנידערגעזעצט ביים שניידערשען טיש עפּעס אויסהעל־פען, דערלאַנגען צום האַנט, איינפעדעמען די נאָדעל, און דערפאַר האָט זי איהם שטענדיג געבעטען: „אנו, ברוך־לייזער, זינג פון דער אשה וואָס האָט נישט געוואָלט זיין מיט דעם „פאָשע־ישראָעל".

דאָס ליעדעל האָט פאַר איהר געהאַט זיבען חנ׳ען. זי האָט פון גאַנצען האַרצען אויך געגעבען גערעכט דער אידענע, וואָס האָט נישט געוואָלט זיין מיט דעם פושע־ישראל. אַליין זיך אויסלערנען אַ אידיש לידעל האָט זי נישט געקאָנט. זיך אויסגעהאָדעוועט אין אַ רוסיש דערפעל צווישען גוים, איז זי אויסגעוואַקסען אַ האַלבע פויערטע. דערפון האָט ברוך־לייזער געליטען זיין גאַנץ לעבען. ער איז געווען זעהר פרום און נישט קיין פראַסטאַק. און האָט ער נאָר געהערט, ווי זי בענשט אָדער מאַכט אַ ברכה, האָט עס איהם געשניטען איבער׳ן האַרץ און געקלונגען ווי עפּעס אַ גוי׳ישער

שפרוך. נאָר חיה־גאָלדע איז ביי איהם שוין געווען דאָס צווייטע ווייב, און זיינס אַ קראַנק קינד פון דער ערשטער, האָט זי געהאָ־דעוועט ווי אַן איינענס. האָט ער איהר דערפאַר אַ סך מוחל געווען. און געטראַכט: גאָט וועט איהר פאַרגעבען. איהר שכר אין הימעל איז שוין אָנגעדייט, פאַר'ן האָדעווען ווי אַ מאַמע דאָס קראַנקע, שטילע קינד.

דאָ אין אַמעריקאַ איז ברוך־לייזער אין גאַנצען אַרונטער פון זיין גדולה, און חיה־גאָלדע איז אויפגעריכט געוואָרען. יעדען טאָג האָט זיך געקאָכט אויפ'ן אויווען אַ גרויסען טאָפּ מיט פלייש, לאָקשען האָט זי אָנגעבראָקט אויף דער וואָך, צוקער איז געווען בחנם און וואַסער האָט זיך געגאָסען פון קראַן...

איין הארץ־וועהטאָג האָט חיה־גאָלדע געהאַט, למאי ברוך־לייזער עסט דאָ נישט קיין פלייש, אפילו פרייטאָג־צו־נאַכטס נישט. אין דערהיים איז מען אויסגעגאַנגען נאָך אַ ביסען פלייש, פלעגט זי איהם צואוואַרפען איהר ביסען אויך און זאָגען, אַז זי האָט שוין איהרס געגעסען.

אמת טאַקי, איהר שולד, אַז זיי האָבען אויסגעגעבען עסקע'ן פאַר אַ קצב'ס אַ זוהן, האָט זי איינגעלעגט וועלטען מ'זאָל פאַר זיי אויך עפענען אַ „בוטשער־שאָפּ". קען עפּעס אַ דאַמסקער שניידער, וואָס האָט גענעהט אין דערהיים פאַר פּריצ'טעס און גראַפינעס, שטעהן אין אַ „בוטשער־שאָפּ"? זיינע הענט זיינען געווען געוועהנט צו גלעטען און גלעטען זייד און סאַמעט, דאָס האָט חיה־גאָלדע שוין פאַרשטאַנען, אַז זי האָט געזעהן ווי דער „בוטשער־שאָפּ" געהט אונטער צוזאַמען מיט איהר ברוך־לייזער'ן...

און ער, ברוך־לייזער, איז ממש געווען אוים מענש דאָס האַלב יאָהר אין „בוטשער־שאָפּ", זיך אויסגעהאָדעוועט און געעלטערט מיט אַ גרויסער, שאַרפער שער, און פאַר דעם גרויסען „בוטשער"־מעסער האָט ער געציטערט. האָט ער געדאַרפט מיט אַ האַק אַ האַק טאָן אָן אַ ריפּ, פלאַנקען אָדער מאַרך ביין, האָט זיך איהם גע־דוכט, אַז ער האַקט די בהמה און זי צאַפּעלט זיך אין זיינע הענט... אָפּשניידען אַ שטיקעל מילץ, לונג אָדער לעבער, האָט ער

געפּיהלט, ווי ער שניידט די קוה... און אַט שרייט זי אויס מו־או !...
מו־או !... זיינען איהם די פינגער איינגעשמירט געוואָרען אין דעם
קלעפּיגען בלוט, האָט ער פאַר זיינע אייגענע הענט מורא געקראָגען...
און איבערהויפּט האָט איהם געשראָקען דאָס שווארצע, פאַרגלי־
ווערטע בלוט ארום האַלז... צו אַ געקוילעטער הוהן האָט ער זיך
אפילו נישט צוגעריהרט. האָט דאָך שוין חיה־גאָלדע געזעהן, אַז
ער טויג זיך נישט פאַר אַ „בוטשער שאָפּ” און גלייך מיט גרויס
היזק פאַרקויפט.

און איהר איז נאָך איבערגעבליבען די שברות־הלב וואָס ברוך־
לייזער עסט נישט אַ ביסען פלייש פון יענער צייט אָן.

צעהן יאָהר זיינען אוועק זייט ברוך־לייזער און חיה־גאָלדע
זיינען אין אַמעריקאַ. זיי האָבען שוין אַלע קינדער אויסגעגבען
אוןביידע אַלטע זיינען מיט זיי. טאַטע־מאַמע קומען נאָך צוניף.
די מאַמע קאָכט, באַקט און פרעגעלט. דער טאַטע זעהט צו די
בגדים, וואו אַ קנעפּעל, וואו אַ העקעל איז אָפּגעריסען. איין מאָל
שער־און־נאָדעל אין דער האַנט, ווערט ברוך־לייזער ווידער דער
אַמאָליגער דאַמסקער שניידער. זינגט ווידער, אָבער שוין מיט
אַ קרעכץ אין האַלז, די אַלטע לידלאַך, און חיה־גאָלדע דערמאָנט
איהם :

— אַנו, ברוך־לייזער, זינג מיט דער אשה וואָס האָט נישט
געוואָלט זיין מיט'ן „פּאָשע־ישראָעל”.

ברוך־לייזער ווערט שטייפער און גיט זיך אַ פאַרמעסט :

„איידער צו לעבען מיט אַ פושע ישראל —
די יונגע יאָהרען צו פערשניידען.”

נאָר דאָס קול קומט ארויס ווי פון אַ ניט־דערשאָכטענעם
האָהן און ברוך־לייזער פאַרהוסט זיך מיט אַ קייכען.

וויל איהם חיה־גאָלדע ווייזען, אַז איהר קול איז נאָך היינט
גוט, הויבט זי אָן איהרע לידלאַך. זי ווייס, אַז ער האָט תמיד
פיינט געהאַט איהרע גוי'שע לידלאַך, נאָר אַט ווערט זי פאַרשייט

און וויל זיך אויף דער עלטער רייצען מיט איהם... און זי הויבט אָן:

„כאדיט הארבוז פאהאראדו,
פיטאעצא סוואהא ראדו,
אי טשי זשיווא, טשי סדראוווא
פסי ראדיצי הארבוזאוואי.”

ווערט דערפון ברוך־לייזער גערייצט און בייזערט זיך:

— נו, האָט עס עפּעס א טעם? א קירבים געהט אום אין גאָרטען און פרעגט זיך וואָס אַלע מאַכען, די אוגערקעס, די רעטעך און די בוריקעס! קען א קירבים אומגעהן? דו אַלטע... און אביסעל פארדריסט איהם טאַקי וואָס איהר קול איז נאָך גאָר יונג...

זינגט זי זיך ווייטער:

„אי וואזמו־זשע יא, או קארמאנע פיאטאטשאק,
אי פאידו־זשע יא איז דאסאדע או קאבאטשאק,
אי וויפיו־זשע יא הארקא וואדעטשקא קרוטשאק.”

פון דעם דאָזיגען לידעל, ווערט שוין ברוך־לייזער אָן אַנגע־צונדענער און דאָס האַרץ פּייניגט איהם. ווי א פּויערטע!... אַן עלטערע אידענע פון זיבעציג יאָהר קיין עין הרע, זאָל זינגען ווי זי געהט מיט א ניקעל אין קעשענע אין א „שענק” און פארטרינקען מיט ביטערען בראַנפען די צרות.

— אַלטע! — שרייט ער אוים — אַלטע, ביזט דאָך חסר דעה!

חיה־גאָלדע איז פארשעהמט אַנטשוויגען געוואָרען.

און ברוך־לייזער'ן פלאָגט ווידער אַן אַלטער געדאַנק... טאָמער איז גאָר חיה־גאָלדע א גוי'ע... איהר געהן, רעדען, אַלץ איז ווי פון א פּויערטע... גאָט אין הימעל! טאָמער האָט ער טאַקי די אַלע יאָהרען אָפּגעלעבט און קינדער געהאַט מיט א גוי'ע!... איבער־הויפּט, בעת זי זינגט א גוי'איש לידעל דאַכט זיך איהם, אַז זי מוז זיין א פּאַרביטענע... דערמאָנט זיך אָבער ברוך־לייזער אָן דעם שווער עליו השלום, א פּראָסטאַק געוועזן, זאָל ער איהם מוחל

זיין, אָבער אַן עהרליכער איד... געהט איהם דער כעס אַוועק און ער בעט זי איבער:

— אַט ווייסטו וואָס, חיה־גאָלדע, לאָמירביידע זינגען מיט דער אשה און דעם פושע־ישראל.

„איידער צו לעבען מיט אַ פושע ישראל —
די יונגע יאהרען צו פערשניידען."

# די יונגע מומע.

שוין דערפאר אליין האט דוד'קע האלד געהאט און גרויס דרך־ארץ ארויסגעוויזען דער מוהמע אסתר'ן, וואס זי האט איהם ניט גערופען דוד'קע אדער דוד'ל נאר דוד. ער איז שוין א גרויס אינגעל, נאך איין יאהר איינגאנצען צו בר־מצוה, דארף מען איהם ניט פערציהען און רופען דוד'ל, ווי די מאמע נאכ'ן אנשילטען, אדער דוד'קע, ווי מען רופט איהם אין געוועהנליכע צייטען. דער נאמען דוד איז פאר איהם געווען א בילעט אריינצוגעהן אין דער חברה „גרויסע אינגלעך."

די מוהמע אסתר איז אלט געווען 19 יאהר. ער האט זי אויך קיינמאל ניט גערופען אסתר'קע, ווי אלע, נאר מוהמע אסתר. אבער אז ער פלעגט אמאל קאנען בייקומען דאס שעהמען זיך און זי א רוף טהאן אסתר, ווי זיינס א גלייכען, האט ער זיך געפיהלט וואוילעריש, מעשה דערוואקסענער יונג. נאר איידער ער האט א זאג געטהאן אסתר, אהן דעם צוגאב מוהמע, האט איהם שטענ־דיג דאס הארץ געקלאפט און נאכדעם ווי ער האט עס ארויסגע־זאגט פלעגט ער דערפיהלען, ווי די אויערען האבען זיך איהם אנגעצונדען. האט ער זיך דערפון געהיט.

ער וואלט, דאכט זיך איהם, קיין מאל ניט געקוקט אויף קיין „מוידען", ווען ער וואלט ניט געוואלט זעהן אויב אין גאנצען שטעדטעל איז דא כאטש נאך איין מיידעל אזוי שעהן ווי זיין מוהמע אסתר... אזוי גלייך אפגעוואקסען און מיט אזא דינער טאליע. דאס פנים אזוי איידעל און בלאס־חנ'עוודיג. און ניין, נימא! ער האט אלע מיידלעך פון שטעדטעל אפשר צו הונדערט מאל בא־

קוקט: אָדער איינע איז העכער און דינער, אדער די אַנדערע נידריגער און גרעבער. און די איבעריגע — ענטוועדער הויך און דאַר ווי די סלופּעס, אָדער קורץ און גראָב ווי די סטופּעס.

זיין מוהמע אסתר איז איינע... אָט אַזאַ ווי פון תנ"ך. דהיינו, אסתר המלכה, די מוטער רחל און רות.

אַמאָל האָט ער געהערט ווי די שכנים האָבען באַרעדט זיין מאַמע'ן און געזאָגט: אז אסתר'קע איז נאָר אזוי אויסגעמאָגערט דערפאַר, וואס זי איז א יתומה און דאַרף זיין ביי דער שוועס־טער, האָט זיך אין איהם אָנגעצונדען א מאָדנער כעס קעגען דער מאַמען. און וויפיעל זי האָט ניט צושריען אויף איהם, האָט איהם גאָר ניט געאַרט. האָט זי אָבער אויף אסתר'ן אָנגעשריען אָדער מיט אַ קללה ארויסגעפּלאצט, פּלעגט איהם דאָס הערצעל צונויפדריקען און די ליפּען האָבען זיך אויסגעקרימט אין א גע־וויין. און כדי די מוהמע אסתר זאָל עס ניט זעהן, איז ער תמיד גלייך אין אַן אַנדער חדר אריין.

און ס'איז אַזוי גוט, אז די מוהמע אסתר איז אין הויז... ס'איז קיין מאָל ניט אומעטיג. און דער טאַטע באַנעהמט זיך גאָר אַנדערש... און ס'איז תמיד ווי א יום טוב אין הויז.

נאָר פון איין זאַך האָט ער געליטען. די אינגלעך אין שטעד־טעל האָבען אסתר'ן גערופען מיט א צונאָמען. „די פּרייסקע", דערפאַר וואס זי איז געווען אין מעמעל און געהאַט א „דייטשען" גאַנג. ער וואלט יעדען פון זיי געקענט צוברעכען דיביינער און זיי גוט אָנלערנען וואָלטען זיי שוין געוואוסט ווי צו רופען זיין מוהמע אסתר'ן „די פּרייסקע", האָט ער אָבער זיך געשעהמט. סאַי־ווי־סאַי האָט מען איהם שוין אויפגעוואָרפען, אז ער האָט העלטער די מוהמע אסתר'ן פון דער מאַמען... האָט ער זיך גע־מאכט אז איהם אַרט דאָס ווי דריי מאָל גאָרנישט. רופט איהר „די פּרייסקע" כאָטש הונדערט מאָל א טאָג... אָבער א כעס האָט אין איהם געברענט.

אין שטעדטעל האָבען איהם די ווייבער געהאַלטען פאַר אַ וואוילען אינגעל און א סך מאַמעס האָבען זיך געוואונשען, הלואי

וואָלטען זייערע קינדער געווען אזוי גוט ווי דוד'קע רב הער־צעל'ס. ער האָט דערפון געוואוסט, און נאָר ע ר האָט געוואוסט, אז ער איז דערפאר אזוי וואויל צוליעב דער מוהמע אסתר... ער וואָלט אפשר געווען גאָר דער ערגסטער, אַלע דעכער דורכגעבראָ־כען, אויף אַלע לייטערס די שטאָפּעלס צובראָכען און געגאנגען פערשמירט ווי א קוימען־קעהרער. אָבער איצט, איז א חוץ די נעגעל־וואסער אין דער פריה, וואשט ער זיך יעדען טאָג דאָס פנים און די הענט מיט זייף, און די האָר קאמט ער צו מיט א שרונט אין דער זייט, ווי אין פּרייסען.

כמעט יעדען אבענד, ווען די מוהמע אסתר איז געגאנגען צו איהר חבר'טע, שרה'ביילקען, האָט זי איהם מיטגענומען. ווייל זי האָט מורא געהאט צו געהן אליין דורך די פינסטערע, בלאָטיגע געסלעך, און אפילו זומער, ווען ס'איז ליכטיג געווען, מחמת אין מיטען שטעדטעל איז געשטאַנען אַן אַלטער מאָהלניק. און מ'האָט געזאָגט, אז שדים טוען דאָרט אָפּ גוואַלדיגע שטיק בייגאכט. און דוד'ל בעת ער איז געגאנגען מיט זיין מוהמע אסתר'ן איז געווען קאָפּאַבעל זיך געהן ראַנגלען מיט שדים און רוחות, ווען זיי וואָלטען זי פּאַרטשעפּען... געהן פלעגען זיי תמיד אַרומגע־נומען, דאָס הייסט, זי האָט געהאַלטען איהר אָרעם איבער דער גאַנצער לענג פון זיין פּלייצע אויף אַרונטער, און די האַנד איז געלעגען אויף זיין לינקען אָדער רעכטען שולטער און אזוי פלעגען זיי געהן. ער פלעגט אפילו שטאַרק וועלען ארומנעהמען איהר טאַליע, האָט ער זיך געשעהמט און דאָס ניט געטאָן, נאָר אזוי איז אויך גוט געווען. מאָדנע איז עפּעס געווען... ער פלעגט פיה־לען ווי אַלץ וואָלט געלעבט. אָט דער ברוק, די סלופּעס און די בוימער — יעדע זאַך האָב פּלוצלינג אַ נשמה באַקומען, און ניט אַבי וואָס פאַר א נשמה... נאָר א שעהנע, אַ זינגענדיגע...

און פּלוצלים האָט אַזוינס געטראָפען, וואָס האָט אַלץ איי־בערגעפיהרט. אזוי ווי מ'וואָלט אַ שעהנעם בית־המקדש, אויפ־געבויט פון קלאָרען שנעע, מיט ווארעמער בלאָטע בעגאָסען. פון אַ דערבייאיג שטעדטעל איז געקומען אַ בחור מיט אַ געלען שטאַרק־

געקרײַזעלטען קאָפּ און ליפּען ווי פון א פער׳גל׳טען לעבער אויס־געשניטען. נאָר מ׳האָט געזאָגט אויף איהם, אז ער האָט ממון קורח און טאטע־מאמע האָבען זיך גוואַלטיג געפרעהט: אויף אזא שידוך פאַר אסתר׳קען האָבען זיי זיך גאָר ניט גערעכט: אַן אָרעם מיידעל און קיין פאַרשוין אויך ניט...

אז די מוהמע אסתר וועט אויסנעהמען אָט ביי דעם דאָזיגען געלען וואַלד־סוחר איז גאָר ביי איהם קיין ספק ניט געווען. אָבער ער זאָל איהר אויך געפעלען האָט ער זיך גאָר ניט געקאָנט פאַר־שטעלען.

דאָס גאַנצע שטעדטעל האָט געקלונגען מיט׳ן גוטען שידוך וואָס אסתר׳קע האָט געטאָן — גאָט האָט זיך אריינגעמישט, ווייל זי איז א יתומה און טאטע מאמע אויף יענער וועלט האָבען זיך פאַר איהר געמיהט.

נאָר דוד׳ל האָט געהאַט גרויס הארצוועהטאָג. ער האָט איהם גלייך פיינט געקראָגען ווי א שפּין. וואָלט כאָטש געקומען איינער עפּעס א... אזא ווי דוד המלך, אָדער א בר־כוכבא, א שעהנער און א לערנער... אָבער דער געלער!...

און אַז עס איז געוואָרען א שידוך, נאָך די תנאים, האָט די מוהמע אסתר א סך פערלוירען אין זיינע אויגען. זי וועט חתונה האָבען, ווערען ווי אַלע ווייבער, אָט ווי די שכנ׳טע צירע־לאה, מיט א גרויסען בויך און אויסגעבויגענע פּלייצע, און רק זי שעלט מיט׳ן מויל אָהן צייהן... זיין מוהמע אסתר וועט ווערען אזא ווי די שכנ׳טע צירע־לאה! ער האָט געקאָנט זיך צוואוויינען פאַר רחמנות....

ער האָט אָבער גאָר ניט געקאָנט טאָן. וואָלט ער געווען א גרויסער, כאָטש אין איין הויף מיט איהר, וואָלט ער זיך שוין אריינגעמישט... און יעדע נאכט, איידער ער איז איינגעשלאָפען, האָט ער תמיד געטראכט, ווי קען דאָס די מוהמע אסתר ליידען, אַז דער חתן זיצט אָדער שטעהט נעבען איהר? דער געלער קען דאָך אפילו ניט אויף א לייטער אַרויפקלעטערען, אָדער מאכען אַן אייגענעם פייל־און־בויגען און א וואָרף טאָן א שטיינדעל באַלד

ביז די שטערען, און אויף א בוים ארויף פלינק אזוי ווי א וועווערקע וואָלט ער קענען?... ער איז א געלער, בלייענער פויגעל!... ער וועט דאָס א זאָג טהאָן דער מוהמע אסתר׳ן און מעג איהם דערפאַר דער טאַטע אויף שטיקלעך צורייסען...

די חתונה האָט מען ביי די תנאים אָפּגעלעגט אויף זעקס חדשים. נאָר דער „געלער" האָט ניט געוואָלט וואַרטען און ס׳איז געוואָרען אויף דריי חדשים, גלייך נאָך סוכות.

זיי האָבען גענומען פאַר זיך א דירה.

דוד האָט צו איהר אין הויז ניט געוואָלט געהן. און וויפיעל די מאַמע האָט איהם ניט צו בעטען, מיט גוטען און מיט בייזען, ער זאָל געהן אוועקטראָגען אביסעל געפּרעגעלטע קאַרשען, אָדער א פּריש געבאַקטען ברויט, אמאָל א שיסעל זויערען שטשאַוו, און ער איז ניט געגאַנגען. דאָס ערגסטע איז געווען ווען די מאַמע פלעגט זיך איינ׳נגע׳ן ער זאָל געהן אהין נעכטיגען, ווייל דער פעטער האָט געמוזט אוועקפאָהרען איבער נאַכט. דאָ פלעגט זיך שוין דער טאַטע אויך אריינמישען. אָבער ס׳האָט קיין זאַך ניט געהאָלפען!

אז ער האָט זי דערזעהן „מיט׳ן בויך", האָט ער זי שטאַרק פיינט געקראַגען. געהאַט אזא פיינע טאַליע!... דער געלער... און אפילו דאָס וואָס דאָס פּנים איז ביי איהר געווען אזוי איידעל און אזוי דין, פונקט ווי ביי א קראַנקער וואס דאַרף שטאַרבען, האָט איהם אויך ניט געאַרט פאַר איהר... ער האָט זי פיינט געהאַט, ניט געקאָנט זי אָנקוקען מיט׳ן גרויסען בויך... ער האָט געציטערט זיך צו שטעלען נאָהענט צו איהר, טאָמער וועט ער אומגערען זיך אָנריהרען אָן איהר בויך...

ס׳איז געקומען נאָהענט צו זיין בר־מצוה. ער האָט גוט געקענט זיין דרשה. נאָר דער געדאַנק, וואָס זי וועט זיצען מיט׳ן גרויסען בויך אין לויזען יאַק און ער, דער פעטער — ווי א געלער באַראַן, האָט איהם גאָר צומישט געמאַכט. ער האָט זיך געשעהמט פאַר די חברים.

און נאָך דער דרשה, ווען די מוהמע אסתר איז צוגעגאַנגען און איהם אַרומגענומען, און ער האָט זיך דערפיהלט צוגעדריקט

צום בויך, איז איהם אריבער א שרעק און א מאָדנער עקעל, פון וועלכען ער האָט זיך עטליכע טעג נאָכאַנאַנד ניט געקענט באַפרייען.

אין א חודש ארום נאָך דער בר־מצוה האָט די מוהמע אסתר געהאַט א מיידעל. ער האָט געוווינט פון יענעם הויז. נאָר אין דריי וואָכען ארום, האָט איהם די מאַמע געשיקט מיט א האַלבע הוהן און ער איז געגאַנגען: ער האָט זי שוין פון בר־מצוה אָן ניט געזעהן.

זי איז ווידער געווען דין און גלייך און אזוי איידעל, קוים וואָס די נשמה האָט זיך אין איהר געהאַלטען. אין א וויגעלע איז עפּעס געלעגען גוט איינגעדעקט, נאָר א קליין פּיצעל הענטעל האָט זיך ארויסגעזעהן. ער האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען, איז לאַנגזאַם, אויף די שפּיץ פינגער, צוגעגאַנגען און דערזעהן דאָס קליין פּנים׳על. ס׳האָט פון שלאָף א שמייכעל געטהאָן. באַלד איז איהם דאָס גאַנצע „בייז הארץ" אַוועק. ער האָט דער מוהמע אסתר אַלץ מוחל געווען. ער האָט א קוש געטהאָן דאָס קליין קינ־דערש הענטעלע, ציטערענדיג דאָס צו שטאַרק מיט די ליפּען צו באַריהרען. די מוהמע אסתר האָט זיך דערפרעהט און דוד׳ל האָט זיך צוכליפּעט פאַר חרטה.

— האָסט א שוועסטער־קינד, דוד, וועסט דאָס ליעב האָבען?

דוד׳ל האָט געוויינט, למאי ער האָט געהאַט אזא שנאה צו דער מוהמע אסתר די גאַנצע צייט.

# דער שמעטערלינג.

ביידע זיינען זיי געשטאַנען אָנגעלעהנט אָן דער פּאַרענטש פון'ם „באַרדוואַק" און געקוקט אויפ'ן שטראַנד און ים. דער ים איז געווען אַ רוהיגער, פאַרגליווערט און מוטנע גרין. עס איז געווען צופלוס־צייט. די ברעג־כוואַליעס האָבען זיך צושוימט און צו־שפּריצט, זיך געגליטשט באַרג אַרויף דעם פייכטען זאַמד און פאַר־זוכט אַראָפּצושווייגקען די ים־שיסעלעך און מעער־קעפּעלעך וואָס דער ים־פלוס האָט איבערגעלאָזט.

אָן אָקטאָבער זון האָט געוואַרימט און אָקטאָבער ווינטלעך האָבען אומגעווייהט.

ער איז געווען הויך און דין, מיט אַ ברייטער אויסגעבויגענער פּלייצע, מיט אַ רויטלעך געקרויזטען קאָפּ און תמיד געקוקט מיט אַ פאַרשעהמטען בליק. זי — אַ שמאָל, אַ העל־בלאָנדע מיט קליינע הענט און פיס. עפּיס, צווישען אַן איבערגעוואַקסענעם קינד און אַ ניט־דערוואַקסענער פרוי...

חיה'לע, זעהסט דאָרט ווייט, די שפּיץ־מאַסטען פון שיפען? אָה, ווי מיך ציהט אַהין! — האָט ער געזאָגט אַ פערבענקטער.

— אָה, צמח, זעה נאָר דאָ אָ, דאָס ווייסינקע ים־שיסעלע נעבען סלופּ! איך וואָלט עס אַזוי געוואָלט האָבען! — האָט די בלאָנדע חיה'לע איהם געצופּט ביים אַרבעל מיט אַ קינדיש פינ־גערעל צילעוועדיג אויף אַ קופּקע ים־שיסעלעך — איך וואָלט אין דעם געהאַלטען מיין זייף.

און פּלוצלונג האָט צמח דערזעהן ווי אַ שמעטערלינג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ מאַטער אויף דעם פייכטען זאַמד און מעהר

זיך ניט געקענט אויפהויבען. ער האָט געאַרבייט, פערמאַכט און פאַנאַנדערגעשפּרייט די רויט־ברוינע פליגעלעך מיט אָנשטרענגונג, אָבער זיך ניט געקענט ריהרען פון׳ם אָרט. קענטיג די פליגעלעך זיינען איהם געוואָרען פייכט. און אָט, אָט קייקעלט זיך נאָך איהם אַ צווישעטער פאַרפעלדיגער כוואַל...

— אָה!... — האָט חיה׳לע אַ געשריי געטהאָן.

און איידער זי האָט נאָך געענדיגט איהר אויסגעשריי, איז צמח געהאַנגען, ווי אַ ראַנג־אוטאַנג, איבער דער פאַרענטש און אַ שפּרונג געטאָן אויפ׳ן זאַמד, אַ כאַפּ געטאָן דעם שמעטערלינג און מיט פאַרנעצטע שיך זיך געלאָזט צום טרעפּעל אַרויף דעם „באָרדוואָק.״

חיה׳לע האָט אַ גליקליכע געטראַכט: דער שמעטערלינג איז מיינער... דער שמעטערלינג איז מיינער...

זי איז איהם אַנטקעגען געלאָפען און אָנגענומען פאָרזיכטיג דעם שמעטערלינג ביי די צונויפגעלעגטע פליגעלעך צווישען איהרע פינגער. מיט האַסטיגע טריט איז זי געגאַנגען אַהיים טראָגענדיג דעם געפאַנגענעם שמעטערלינג אין דער האַנט. צומאָל האָבען זיך זיינע לאַנגע, זיידענע פיסלעך אָנגעקלאַמערט אָן איהרע פינגער און פאַרזוכט די פליגעלעך אַרויסצורייסען און אַוועקפליהען... חיה׳לע איז אָבער גְעווען זעהר פאָרזיכטיג. כאָטש זי האָט דערפיהלט אַ שרעק יעדעס מאָל וואָס די פיסלעך, ווי האָר, האָבען אַרומגענומען איהרע פינגער.

נאָר חיה׳לע, כאָטש זי איז אַ שרעקענדיגע, ווייסט ניט פון קיין מורא בעת צמח געהט נעבען איהר ביים זייט, אָדער אַהינטער..

און צמח איז געגאַנגען הינטער איהר מיט זיין פוילען פאַרטראַכטען גאַנג. איהם איז עפּעס איינגעפאַלען אַ מאָדנער געדאַנק: ער וואָלט געקענט חיה׳לען צונויפנעהמען ביידע הענט אַהינטער און זי אַזוי טראָגען, ווי זי, חיה׳לע טראָגט דעם שמעטערלינג... ווי מאָדנע דאָס וואָלט אויסגעזעהן... מענשען וואָלטען זיך אודאי אָבגעשטעלט קוקען... און דאָ גאָר ניט, אַזוי געוועהנליך... און צמח טראַכט זיך אַריין, אז דער שמעטערלינג מוז זיך

אודאי שעהמען. מחמת דאָס קערפּעריל איז דאָך ביי איהם אַ מיאוס׳ער, ווי ביי אַ וואָרעם... נאָר זיין גאַנצע שעהנקייט און שטאָלץ זיינען זיינע פליגעל, נעהמט חיה׳לע און פּענטעט איהם די פליגעל און דעקט אָב זיין קערפּער׳ל, און ווי, אז ער איז נאָך דער זכר און עס קען נאָך פּערביי פליהען אַ „זי" און איהם דער־זעהן מיט די געפּענטעטע פליגעל ביי אַ מאָדנער חיה אין די הענט!...

— חיה׳לע, לאָז אָב דאָס זומער־פויגעלע, די פליגעלעך קערען שוין זיין טרוקען און ס׳וועט אוועקפליהען...

— נאָר! דאָס דאַרף דאָך סיי־ווי שטאַרבען, וועל איך דאָס בעהאַלטען אין אַ בוך.

זיי זיינען צו ביז׳ן הויז. חיה׳לע איז אריין אין שטוב, דעם שמעטערלינג אוועקגעשטעלט אויפ׳ן טיש. ער איז געבליבען שטעהן ווי טויט מיט צונויפגעלעגטע פליגעל. חיה׳לע האָט ניט געוואָלט ער זאָל שטאַרבען מיט פערמאַכטע פליגעל... זי האָט גע־לאָזט אויף איהם אַ וואַרעמען הויך פון מויל און ער האָט לאַנג־זאַם גענומען פּאַטשען מיט די ברעגען פליגעל, ווי ער וואָלט אַ ווינטעל דערשפּירט... ער איז דערקראָכען ביז אַ פלעק זון־שיין אויפ׳ן ווייסען טישטוך. דאָ האָט ער ברייטער געעפענט די פלי־געל. אַ ווייכער, רויט־ברוין מיט צוויי שווארצע סאַמעטענע פּאַ־סען ביים ברעג. און די גאַנצע פליגעל איז געווען בעציערט מיט שווארצע פּאַסיקלעך און קייקעלעך אָהן אַ סדר און אָהן אַ מאָס. די פּאָדערשטע ברעגען האָבען געהאַט אויגען פון אַ זוניגען טאָפּאַז. די ווייכקייט פון סאַמעט, דער שימער פון זייד און גלאַנץ פון גאָלד האָט ארויסגעשטראַהלט פון די פליגעלעך.

— אָה, ווי שעהן! — חיה׳לע איז געווען ענטציקט. — צמח, קום נאָר אריין, זעה, עס לעבט נאָך!...

צמח האָט אַ בורטשע געטהאָן, וואָס האָט געמיינט, אז ער וועט ניט אריינגעהן זעהן. געבליבען אויפ׳ן גאַניג פּאַרזונקען אין אַ שאָקעל־שטוהל, די פיס איבער׳ן געלענדער פון גאַניק.

—שטעק אריין אַ שפּילקע אין קאָפּ, אָדער לעג איהם אריין

אין א בוך און לעג פון אויבען ארויף א סך ביכער, וועט ער גלייך שטאַרבען — האָט געגעבען אַן עצה איהר אינגערע שוועסטער.

— ער וועט שוין אַזוי שטאַרבען, וועלען אפשר די פליגעל בלייבען שעהנער...

— פאַרקעהרט, אפשר וועט ער ווערען אָפּגעשוואַכט און פאַר־לירען דעם קאָליר?... פאָלג מיר, שטעך אריין א שפּילקע אין קע־פּעל — איז די שוועסטער צוגעשטאַנען — אַניט פרעג צמח׳ן.

— צמח איז אָנגעבלאָזען למאַי איך לאָז איהם ניט אַרויס אין גאָרטען אוועקצופליהען. אליין האָט ער איהם געכאַפּט פאַר מיר... — האָט חיה׳לע געזאָגט.

דאָס גאַנצע הויז אין אָנגעלאָפען ווי אויפ׳ן בייזען וואונדער זעהן דעם שמעטערלינג, ווי זיי וואָלטען דאָס צום ערשטען מאָל אין לעבען געזעהן. און, אַז זיי איז נמאס געוואָרען, זיינען זיי אוועק.

חיה׳לע איז אַרויס און זיך באַקלאָגט פאַר צמח׳ן:

— ער קען ניט שטאַרבען...

— טו לאָז איהם לעבען! — האָט ער בייז געענטפערט.

— ניין, ער וועט דאָך סיי־ווי שטאַרבען, און איך וויל דאָס האָבען אַן אָנדענקען, ווי דו ביזט אראָפּגעשפּרונגען איבער דער פּאַרענטש, אפשר פינף־און־צוואַנציג פוס די הויך! און איהם גע־ראטעוועט איידער די כוואַליע איז אָנגעקומען. קיין מאָל וועל איך דאָס ניט פערגעסען!...

צמח האָט איהר צוגעוואָרפען א מאָדנעם פאַרשעהמטען בליק פון דער זייט.

— ניט כדי דו זאָלסט איהם האָבען, בין איך אראבגעשפּרונ־גען און אויך ניט כדי ער זאָל נאָך די פּאַר זומער־טעג דערציהען. סתם, מ׳גיט זיך ניט אָב קיין חשבון... איך האָב ניט געוואָלט די כוואַליע זאָל איהם א שלעפּ טהאָן...

— דאָס זאָגסטו נאָר איצטער אַזוי — האָט זיך חיה׳לע מיט איהם געריי צט — פאַר מיר! פאַר מיר, ביזטו געשפּרונגען!

ער האָט איהר ניט געענטפערט און זי איז אוועקגעשפּרונגען

אליין ווי א שמעטערלינג. א העל־בלאָנדער, ליכטיק, זוניג, א גע־ענדיגער מענש־שמעטערלינג... אָהן פליגעל, און דערפאר ניט אזוי שעהן...

צמח האָט זיך פארטראכט: וואס עס האָט פליגעל טאָר זיך ניט אראָבנידערען גאָר אונטען אויף דער ערד... מ'פאקט פאר די פליגלען און אוים!...ביידע, ער אזוי ווי דער שמעטער־לינג, זיינען חיה'לעס. פארוואס? אָט ווייל מ'רופט זי חיה'לע... און חיה'לע רופען זי אלע, ווייל אלע זיינען איהרע... דער טאטע, די מאמע, די שוועסטער און ער. און איצט דער שמעטערלינג...

אויסגעוועז א וועלט, געזעהן: די שעהנע טיראל'ער שיקסעס, די דייטשע גרעטכענס, פאריזער טענצערקעס, ברוין־הויטיגע און שווארץ־אויגיגע אראבקעס, ירושלים־מיידלעך, הויך־ברעמענדיגע מאטע שפאניערקעס, אלע געזעהן, ליעב געהאט פונ'ם גאנצען הארצען און ווייטער געפאָהרען... און דאָ, ביי חיה'לען געבליבען...

ער, צמח, דער ריעז, מיט א רויטען קאָפּ, דער ווילדער, זיך אָבגע־שטעלט און געבליבען ביי חיה'לען... און ווייל ער קען זי אוועק־בלאָזען ווי מען בלאָזט אראָב א פליעג פונ'ם ארבעל, קען ער זי ניט איבערלאָזען און ווייטער שפאנען...

און פארוואס זיך אָבגעשטעלט א קוק טהאָן אויף איהר?... דאס האָט שטענדיג אזוי שעהן פארשנירט די שיך... גלייך און שטייף, קיין קנייטשט אויפ'ן גאנצען פיסעל. און זי האָט באפוי־לען און געצוואונגען קוקען ווי שעהן זי שנירט אוים די שיך־שנירלעך... און אזוי, מיט דעם זעלבען באפעהל, האָט מען גע־מוזט אויסהערען אלע איהרע נארישקייטען, האָט מען שוין אין איין גאנג דערזעהן א פאָר בלויע, ריינע אויגעלעך, א פיין, דין נע־זעל, און מען האָט זיך דערוואוסט, אז דאס איז זי, חיה'לע...

— צמח, קום עסען מיטאָג — האָט חיה'לע ארויסגעשריען פון הויז ארוים. ער איז ניט געגאנגען.

זי איז ארוים און זיך געזעצט אויף זיין שוים. צמח איז גע־בליבען גלייכגילטיג, ווי, ווען א פליעג וואלט זיך איהם געשטעלט אויף דער קניע... און חיה'לע האָט פארשטאנען פאר וואס...

— אַלץ איינס וועט ער דאָך שטאַרבען... — האָט זי זיך גע־בעטען.

צמח האָט ניט געגעסען. אָן אומעט און בענקען האָט איהם געפּלאָגט. ער ווייסט, אַז ער קאָן אויפּעפענען דאָס פענסטער און אַרויסלאָזען דעם שמעטערלינג. אָבער, אַז חיה׳לע צוואַווייִנט זיך, קריגט זי אַזעלכע בלויע רעדער אונטער די אויגען... וויינט ווי אַ געשלאָגען הינטעל. און די גאַנצע פאַמיליע קריגען מיט אַ מאָל נאָד־לען אין די אויגען...

אַ גאַנצען נאָכמיטאַג האָט זיך חיה׳לע געמוטשעט מיט׳ן שמע־טערלינג, געוואָלט ער זאָל וואָס גיכער שטאַרבען און צמח זאָל זיך שוין פערגעסען... אָבער איבער נאַכט וועט ער שוין געוויס שטאַרבען... האָט זי געטראַכט און געוואַרט...

אין דער פריה. ער לעבט נאָך. אמת, קוים וואָס ער זשוי־פּעט. אָבער ער פּאַטשט נאָך מיט די פליגעלעך, און לעבט!... און צמח איז אַרומגעגאַנגען איבער׳ן הויז פּונקט ווי אַ גוסס׳ער וואָלט זיך אין שטוב געפּונען...

נאָך מיטאַג האָט די זון זעהר ליכטיג אויפגעשטראַהלט און חיה׳לע איז געווען אַ בעלן צו זעהן ווי אַזוי דעם שמעטערלינג וועט געפעלען דער וואַרימער, ליכטיגער דרויסען. זי האָט עס אַרויסגעטראַגען און אַוועקגעלעגט אין זון אויפ׳ן גראָז. ער האָט זיך גענומען צאַפּלען און אַרומטאַנצען און צמח איז געשטאַנען דערביי און ביידען אָנגעקוקט.

דער שמעטערלינג איז געפלויגען און חיה׳לע איז איהם נאָכ־געלאָפען.

— חיה׳לע, וועסט איהם אָפּלאָזען?

— יאָ, זעהסט דאָך.

— אַזוי האָב איך דיך האָלט.

און פאַר שמחה איז צמח געגאַנגען טאָן אַן אַרבייט, שריי־בען...

שפּעטער אַביסעל זיינען זיי ביידע געזעסען אויפ׳ן גאַניק איבערגעבעטענע.

א רויט־ברוינער שמעטערלינג איז פארביי געפלויגען.

— אפשר איז ער יענער... אונזער שמעטערלינג — האט צמח געזאגט.

— אפשר, — האט חיה'לע נעענטפערט און זיך געטוליעט אן איהם.

— האסטו ניט הנאה צו זעהן ווי ער פליהט אום אין דער זון?

— יא — האט חיה'לע געענטפערט און צמח האט געקושט איהר קליין הענטעל.

ביינאכט איז ער געזעסען ביים שרייבטישעל. חיה'לע איז געשלאפען. איהר קליין, בלייך פנים'ל האט אויסגעזעהן אזוי רוהיג ווי ביי א טויט קינד. און צמח האט געמוזט זעהן צי די קאלדרע באוועגט זיך פון איהר אטעם צו וויסען אויב זי לעבט...

איהם איז איינגעפאלען א בלעטער טהאן זיין תנ"ך'ל. אט, אויף וועלכען ארט דאס אויג וועט נאר פאלען... ער האט עס ארומגעזוכט מיט די אויגען ניט וועלענדיג אויפוועקען חיה'לען פונ'ם שלאף. פלוצים האט ער עס דערזעהן אונטער א בארג שווערע ביכער. עפעס האט זיך איהם אין הארצען אבגעריסען...

און אין תנ"ך'ל איז געלעגען א שטייף־געפרעסטער, דער רויט־ברוינער שמעטערלינג מיט די שווארצע סאמעטענע פאסיקלעך און קייקעלעך ארום ברעג.

ער האט א קוק געטהאן אויף חיה'לען און איהר פנים'ל האט אויסגעזעהן ווי ביי א טויט קינד...

# אסתר.

ס'איז געווען דער צוועלפטער מאַי, מיט עטליכע יאָהר צוריק. א ווארעמער, זוניגער טאָג, ביז אין געזעסען אין „וואשינגטאָן סקווער פּארק," ארויסקוקענדיג אויף דער פינפטער עוועניו און צוועקלאָז געבלעטערט א צייטונג. איך האָב געוואָלט פאר זיך אליין יוצא זיין און זוכען עפּעס אַן ארבייט אין די אונענדליכע „וואָנטס". איהר ווייסט דאָך ווי אונזער איינער וויל זיך איישפּארען אין א שאַפּ, אָדער אין אַן אָפיס אָבזיצען א טאָג ביי לאַנגע, נאַרישע שורות ציפער! מיט א בלייפעדער, האָב איך פארשריבען אין מיין ביכעל אַדרעסען, הגם איך האָב געהאָפּט דאָרט קיין ארבייט ניט צו קריגען. האָט א פוגעלע א סווישטש געטאָן האָב איך די צייטונג געלאָזט פאלען. איך קוק ווי פויגעלעך פליהען, ווי ווייסע וואָלקען טרייבען זיך מחנות-ווייז אויפ'ן הימעל, ווי די בוימער האָבען זיך פאַנאַנדערגעבליהט. מיט אמאָל דערזעה איך ווי דער שאופער פון אַן אויטאָמאָביל, לאָזט זיך געהן דירעקט צו מיר. איך האָב איהם אָנגעקוקט פארוואונדערט און ער האָט מיר זעהר העפליך און מיט שטייפע מאנירען געזאָגט, אַז די ליידי אין אויטאָמאָביל וויל מיט מיר רעדען. איך בין היפּש צוטומעלט געוואָרען, געוואָרפען א בליק אין דער ריכטונג פון מאשין און דורך דעם אָפענעם פענסטער דערזעהן א שמייכלענדיגען יונג־ליעבליכען פּנים. איך בין צו. א פּאָר קלוגע, גרויע אויגען האָבען מיך אָפענהערציג באַטראַכט. דער שאופער איז געשטאַנען דערנעבען. איך בין נאָך מעהר צוטומעלט געוואָרען. מיין אַנצוג איז געווען אָפּגעטראָגען, מיט אויסגעזעסענע קניען, דאָס

היטעל אָפּגעבלאַקירט, אָבער דער קראַגען ווייס, אַ שעהנער קראַ־וואַט און נייע שיך, דאָס האָט מיך אויף די פיס געהאַלטען. איך האָב אַראָפּגענומען דעם הוט און מיט טיעפער אַכטונג מיך פאַר איהר פאַרנייגט.

— ווילט איהר מיט מיר אַביסעל פאָהרען אין מיין אויטאָ־מאָביל? — האָט זי מיך געפרעגט מיט אַ רוהיגער מינע. איך האָב אָבער באַמערקט אַז זי איז בלאַסער ווי זי דאַרף געוועהנליך זיין און אַז דאָס מויל האָט איהר געצוקט ביים רעדען.

איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו טאָן.

— קומט, דאָס וועטער איז שעהן! — זאָגט זי ווידער כמעט מיט אַ באַפעהל.

דער שאופער האָט מיר געעפענט דאָס טירעל און איך בין אריין. אַ צאַרטער אָבער שאַרפער ריח פון פאַרפיום האָט מיך אין גאַנצען דורכגענומען. דורך דעם גלאַנציג־בלויען זיידען קלייד האָט זיך געזעהן בולט איהרע ווייכע, קיילעכדיגע קניע. דער אויטאָמאָביל איז שוין געפאהרען עטליכע מינוטען, מיר האָבען נאָך אַ וואָרט ניט אויסגערעדט. דאָס שווייגען איז געווען גוט, אַזוי האָט געדאַרפט זיין.

אין אַ ווייל'ע ארום, האָב איך אָנגענומען איהר האַנד. זי איז געווען אַזוי קאַלט ווי די האַנד פון אַ טויטער. מיינע האָבען גע־ברענט ווי אין אַ פיעבער. איך האָב איהרע ביידע דינע, קליי־נע הענד גענומען אין מיינע, געהויכט מיין אָטעם אויף זיי, זיי צו דערוואַרעמען. איך האָב געקוקט אויף איהר בלייכען ליעבען פנים, געקושט איהרע הענד. זי האָט אויף מיר געקוקט אַ שטיל'ע און שווייגענדיגע, ביידע האָבען מיר געשוויגען. פּלוצלונג האָבען מיר אונז מויל צו מויל אָנגעקלאַמערט און זיך צוקושט. דערנאָכ־דעם האָבען מיר איינע די אַנדערע געקוקט אין די אויגען ווי צוויי אַלטע גוטע פריינד. מיר האָבען אונז ניט געשעהמט.

— ווער ביזטו, אַ מענש פון דער ערד? — האָב איך זי געפרעגט.

— פרעג מיך קיין זאַך ניט. איך בין פון דער האַרטער, קאַל־

טער ערד פער׳משפּט אויף א לעבענסלאנגען אומעט... דער פריה־
לינג און דער גאנצער זומער איז מיינער. איך טייל עס מיט דיר.
אבער פרעג מיר גאָר ניט, דאָס איז דער אָבמאַך.

— און ווי הייסטו? — האָב איך געפרעגט ניט אכטענדיג
דעם אָבמאַך.

— וואס איז דיין ליעבסטער נאָמען?

— אסתר! — זאָג איך פלוצלינג, דערמאָנענדיג זיך אויף
אסתר המלכה.

— הייס איך אסתר....

— וואָס ביזטו, מאלער, דיכטער? — האָט זי ׳מיך געפרעגט.

— וואָס פאלט דיר איין, אז איך דארף אזעלכער זיין?

— נו, זאָג מיר, דו ביזט א שניידער?

— ניין, איך בין א דיכטער.

— א דיכטער... און ווי לאנג האָסטו שוין נישט געגעסען?

— אין גאנצען צוויי טעג, אָבער איך בין נישט הונגעריג,
איך האָב א סך טהע און קאפע געטרונקען און אונגעהויער פיעל
געראויכערט. אָה, איך פערמאָג א וואונדערבארע פּיפּקע, אז
מ׳רויכערט זי, ווילט זיך גאָר ניט עסען.

— אָבער מאלער און דיכטער זיינען שטענדיג די אָרימסטע
פון די קינסטלער. זיי קענען אמווינציגסטען איינגעהן אויף קאָמ־
פּראָמיסען....

פיין געפיהלט, שעהן פארשטאנען, און איך האָב איהר גע־
וואָלט זאגען, זי האָט אָבער פריהער, געזאָגט:

— איך בין אויך הונגעריג, לאָמיר אריין, ערגעץ אין דער
געגענד אין א רעסטאוראן.

זי האָט אוועקגעשיקט דעם שאופער מיט א פריינדליכען „גוד־
באי".

אויפ׳ן וועג האָב איך זי געפרעגט:

— ווי אזוי איז דאָס אלץ געשעהען?....

— אזוי, איך האָב דיך געזוכט דעם גאנצען פריהלינג... און
היינט פערבייפאָהרענדיג דעם פארק, האָב איך דיך פּלוצלונג דער־

זעהען. אזא געזיכט ווי דיינעם, זעהט מען ניט אין דער אומגע־בונג אין וועלכער איך געפין מיך. די יונגע, האָבען אַלע זאַטע, צופריעדענע פּנים'ער מיט פרעהליכע גרויע אויגען; די מיטעל־יעהריגע זיינען מיט פּליכעס, אויסגעלאָשענע אויגען, קיין זאך אין דער וועלט בעגייסטערט זיי ניט, אויסער די יונגסטע פון די באַר־מיידלעך אויף בראָדוויי.

אין רעסטאוראנט, זאגט זי צו מיר:

— עפּעס וועל איך דיר יאָ זאָגען, וועסטו קיין זאך נישט מיספערשטעהען. — מיין פאָטער איז א זעכציגיעהריגער דילע־טאַנט. מאָלט נאָבעלע דאמען פונ'ם בירגער קריעג אין טיעפען דעקאָלטע, שרייבט סענטימענטאַלע פערזען אין געפליגעלטער פּאָ־עזיע. איז אַן אַלטער אמעריקאנער אַריסטאָקראַט. מיין אכציג־יעהריגע באָבע, דעם טאַטענס מוטער, איז אַן אַלט קינד. לייענט מאָדערנע ראָמאַנען, זינגט אַלטע שאַטישע לידלעך, פאַרמאכט זיך ביי זיך אין צימער און לייענט איבער, גאָט ווייס צום וויעפעלטען מאָל, אַ פּעקעל בריעף, וואָס זי האָט פון איינעם, וועלכער איז שפּעטער געוועזן אַ פּרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאַאטען און איז שוין היינט לאַנג טויט. זי לייענט זיי פאר מיר און איהרע אַלטע אויגען בליצען אויף. אַלע בריעף אָטעמען מיט א גרויסער ליעבע. איהר שעהנקייט, איהר בעגאַבטע נאַטור ווערט דאָרט גע־לויבט און באַזינגען. מיט איהרע צוקנייטשטע פינגער פאַרדעקט זי דעם נאָמען, אָבער איך ווייס ווער עס איז געוועזן. און די פער־ליעבטע אלטע ווייס, אז איך ווייס. און זי שמייכעלט גנבות'דיג. און מיין מאַמע איז שוין גאָר פון אַן אַנדער וועלט: שטאַמט אָפּ פון אַ ניו ענגלענדער פּוריטאַנער פאַמיליע, איז ווי אַן אַלטע פער־וועלקטע ליליע. טאָג־טעגליך ווערט זי שאָקירט פונ'ם טאַטענס רייד און וויצען, פון וועלכע איך און די באָבע האָבען שטאַרק הנאה. פינף קינדער האָט זי דעם טאַטען געבאָרען און ווערט יע־דעם מאָל שטאַרק אויפגעבראַכט אויפ'ן טאַטען, וואס ער ערלויבט זיך איהר צו געבען א קוש אין מיין, אָדער דער באָבעס אנווע־זענהייט. מיר האָבען זי אַלע אַזוי שטאַרק ליעב! אָבער זי פיהלט

זיך אַ פרעמדע אין הויז. אין די פינף און דרייסיג יאָהר וואָס זי איז מיט מיין טאַטען פאַרהייראַט, האָט זי ניט געקענט זיך איינ־געוועהנען צום טאַטענ׳ס שעהנע, פּריוואַלע נאַטור. די מאַמע זאָגט, אַז איך בין אין גאַנצען אין טאַטען געראָטען. און ס׳איז וואָהר.

— און איך ווייס, — זאָגט זי ווייטער — אַז אין ניו יאָרק איז געווים דאָ איינער, שוין מיט אַ פּליך, אַ בייכעל, גענעצט אונגעהייער פּיעל, פערמאָגט מיליאָנען און וואַרט אויף מיר... דערווייל פאַרברענגט ער מיט שוישפּיעלערינס, מיט כאָר־מיידלעך, און קומט יעדען זונאָג אויף מיטאָג צו אונז. איך האָב זיך אָפּ־געבעטען דעם זומער, און מיין ליעבער טאַטע האָט עס פאַר מיר גע׳פּועלט.

— גענוג, מעהר וועל איך דיר אַ וואָרט ניט זאָגען, מאָרגען זעהען מיר זיך ווייטער.

זי האָט גענומען מיין אַדרעס, מיר אַריינגעקוקט טיעף אין די אויגען און מיר געוויעזען אַ פּאָר קלוגע, גרוי־בלויע אויגען פול מיט פייער און תאוה און אַ לאַבענדיגע אוועק.

טאָג טעגליך האָבען מיר זיך געזעהען, גאַנץ אָפט פלעגט זי קומען צו מיר גלייך אין דער פריה און מיר פלעגען זיך ערשט צושיידען אין אָבענד. אין יעדען ווינקעל פון דער גרויסער שטאָדט, אויסער דאָס אַריסטאָקראַטישע האָבען מיר צוזאַמען געזעהן. איהר גרעסטער פאַרגעניגען איז געווען, אַז מיר פלעגען צוזאַמען אוועק־פאָהרען אין אַ ווילד פרעמדען שטעדטעל, אַרומבלאָנקען דעם טאָג, אומפאָהרען אויף קאַרס, געהן אין מוזעאומס.

ביסלעכווייז, איך ווייס אליין ניט ווי אַזוי, בין איך געווען אָנגעטהאָן אין די בעסטע אַנצוגען, זיידענע העמדער, און מיין צימער איז געווען פול מיט בילדער און אַנטיקען. זי איז מיט יעדען טאָג גליקליכער און שעהנער געוואָרען.

איין מאָל בין איך באַשטאַנען אויף אַ מאָדנעם קאַפּריז: זי מוז מיר זאָגען ווי שטאַרק זי האָט מיך ליעב.

— איך האָב דיך אַזוי שטאַרק ליעב, אַז יעדע אידישע בעט־לערקע, וואָס איך באַגעגען אויפ׳ן וועג צו דיר, איז מיר ליעב.

איך האָב אזוי ליעב געקראגען די אלע אָרעמע, שמוציגע קינדער־לעך מיט די שווארצע בלישצענדע אויגעלעך! דו האָסט אויך אזעלכע אויגען, אזעלכע אויגען האָבען נאָר אידישע קינדער. און ווען איך האָב געלייענט אין א צייטונג אז מ'שלאָגט אידען אין רוסלאנד, האָב איך א גאנצע נאכט געוויינט. דיינע שוועסטער און ברידער שלאָגט מען, האָב איך געוויינט.

איך האָב בעהאלטען מיין קאָפּ אין איהר שויס און זיך צו־וויינט.

— אָט וועל איך דיר דערצעהלען א שפּאס פון מיין מאמען — האָט זי געזאָגט אויפהויבענדיג מיין קאָפּ און קושענדיג מיינע פערוויינטע אויגען — אמאָל פערפיהר איך א געשפּרעך מיט מיין מאמען וועגען אידען. זי האָט אויסגעשטעלט אויף מיר איהרע עהרליכע פּוריטאנער אויגען און געזאָגט: „עפּעס די לעצטע צייטען רעדסטו אזוי פיעל וועגען אידען.” איך האָב מיך פאר־שעהמט. דאָס האָב איך נישט געוואוסט, אז איך האָב א סך מאָל פריהער גערעדט וועגען אידען. דאָך האָט זי מיר געזאָגט: עס זיינען דאָ גוטע אידען און שלעכטע אידען. צום ביישפּיעל: שיילאָק, איז געווען א שלעכטער איד, און ראָטשילד און באראָן הירש זיי־נען געווען גוטע אידען. און ווידער האָט זי פארלעגט פרום א האנד אויף א האנד און געשוויעגען.

ס'איז געקומען א צייט וואָס זי האָט נישט געקענט מיך זעהען אלע טאָג. איך האָב געפיהלט, אז דאָס איז ניט, ווייל זי האָט מיך וועניגער ליעב, נאָר עפּעס אנדערש, און איך האָב ניט פארשטאנען וואָס. טעג זיינען געקומען וואָס מיר האָבען קוים געקענט א שעה זיין צוזאמען. איך האָב זיך געבייזערט, איך האָב געשריען. זי האָט נאָר געזאָגט:

— שטארבען קען איך פאר דיר יעדע מינוט, אָבער מיין לע־בען געהערט מיין מאמען. זי האָט מיר דאָס לעבען, אין וועלכען איך האָב דיך בעגעגענט, געגעבען.

און איין טאָג, עס איז געווען דער זיבטער אָקטאָבער. בין איך געזעסען אין צימער און געווארט אויף מיין אסתר'ן. געקו־

מען איז אַ שלוח און מיר געבראַכט אַ בריעף פון איהר. אין מיין צוטומלונג האָב איך איהם געלאָזען אוועקגעהן אָהן אַן ענטפער. אין בריוועל איז געשטאַנען:

„היינט קען איך דיך ניט זעהן. מאָרגען איז מיין חתונה. איך האָב געמיינט, אַז עס וועט זיין אין צוויי וואָכען אַרום. צו־ליעב וואָס עס איז פּלוצלונג געקומען אַן ענדערונג וויים איך ניט. מאָרגען פאָהרען מיר אַוועק, דאַכט זיך אין בערמודא, און אפשר אַנדערשוואו. איך וויים ניט. ער איז אַ נידעריגער, מיט אַ פּליך, אַ בייכעל, און דאַכט זיך אַז ער האָט רומאַטעס אין די פיס. יאָ, און ער גענעצט אונגעהייער פיעל. דיין אסתר.״

מיין ערשטער געדאַנק איז געווען לויפען, שרייען, ניט דער־לאָזען! און דאַמאַלסט ערשט האָב איך מיך געכאַפּט אַז איך וויים ניט איהר נאָמען, האָב קיין אַדרעס, מיט איין וואָרט, איך וויים גאָר ניט וועגען דעם מיידעל. געקומען צופליהען ווי אַ זומער פויגעל און אוועק מיט'ן זומער.

# עס פרעסטעלט...

דרויסען פרעסטעלט. ווינטער־וואָלקען שלייען זיך אום, ני־דעריג, נאָר זיי פאַלען אויפ'ן קאָפּ... דער גרויער פראָסט קומט. ער איז דאָ...

און אין די ביינער פרעסטעלט אויך... איאָ ראַכיל, ס'פרעסטעלט אין די ביינער? ... אין דעם אייגענעם צימער'ל איז מען אַלט און ס'איז קאַלט. אָבער דרויסען, דרויסען טראָגט מען זיך ארום מיט דער זון אין הארצען!... די זון איינגעפרעסט פון פארגאנגענע פריה־לינגען...

אין טונקעל־גרינעם סאַמעט אָנגעטאָן, א גרויסען הוט מיט ווייסע הענטשקעס געהט מען געבען פּיאַנאָ־לעקציעס. און נאָך אויף די טרעפּ שרייט מען אָנטקעגען: „די פּיאַנאָ „טיטשערין" געהט! די פּיאַנאָ־לעהרערין געהט!" ווייבער אין די קאָרידאָרען גלעטען אויס דעם פארטוך אויפ'ן בויך. אַן אַנדערע מיט אַ קינד אויף די הענט, האַלט עס איהר אַנטקעגען און זאָגט מיט די אויגען: „זעה. וואָס פאר א שעהן קינד איך האָב". א גוט־הארציגע, זאָגט הינטער איהר פּלייצע: „אַ רחמנות, זיך שלעפּען אויף פרעמדע טרעפּ"... ראַכיל שמייכעלט זיס צו די ווייבער אין די קאָרידאָרען, זי טראָגט דאָך פאַר'ן דרויסען אום די זון אין הארצען...

געטראָפען אַמאָל, אַז ביי דער טיר פון דעם פּאַסקודנעם מאַקסעל, האָט איהר שאַרפער אויער געכאַפּט, ווי עמיצער פון יענער זייט טיר פרעגט: „עפּעס אַ שעהנע, דיין פּיאַנאָ־טיטשערין, מאַקסעל? „נויסער, אַ לאַנגער נאָז". פלינק און באשטימט, ער האָט גאָר נישט געדאַרפט אַ טראַכט טאָן. זי האָט אַ לאַנגע נאָז און

פּאַרטיג. זי אַוועקגעשאַרט פון דער האַנט. סטייטש, מאַקסעל, זי האָט דאָך אַזעלכע שעהנע אויגען? ראַכיל האָט דאָך רחל׳ס אויגען... נאָר מאַקסעל איז נאָך אַ קינד, זעהט די נאָז פריהער פאַר די אויגען.

שפּעטער אַ פּאָר מינוט האָט מאַקסעל געקלאַפּט מיט די דינע, בלאַטיגע פינגערלעך: דאָ רע מי פאַ סאָל לאַ סי דאָ. ראַכיל הערט, און ערגעץ אין אַ ווינקעל מוח קלינגט מיט: אַ לאַאַאַאַנגע נאָאָז... איין בליק איהר צוגעוואָרפען און גלייך אַרויס... געזעהן אַז זי האָט אַ לאַאַאַנגע נאָאָז... זי וואָלט מאַקסלען אַראָפּגעלאָזט אַ זעץ מיט׳ן האַנט אויף זיינע דינע, בלאָטיגע הענטלעך, אַזוי, אַז די פינ־גערלעך זאָלען זיך איבערברעכען און די פּיאַנאָ זאָל צושפּרונגען ווע־רען מיט איין קראַך! דאָ־רע־מי־פאַ־סאָ־לאַ־סי־דאָ, דאָ־סי־לאַ־סאָל־פאַ־מי־רע־דאָ... און מאַקסעל דערלאַנגט איהר אַ דאָלאַר און אַ האַלב, דעם האַלבען דאָלאַר איינגעוויקעלט אינ׳ם פּאַפּיערעל, און זאָגט אַרויס פאַרשעהמט: „פּאָר דהי וויק". ראַכיל שמייכעלט זיס; זי ווייס, אַז די מאַמע וועט פרעגען: „נו, מאַקסעל, וואָס האָט דיר געזאָגט די „טיטשערין"? וועט ער ענטפערען: „שי סמייעלד"...

נאָר, אַז זי קומט ביי זיך אין צימער׳ל שמייכעלט נישט ראַכיל. די זון אין הארצען איז שוין פאַרגאַנגען... און ס׳פרעסטעלט אין די ביינער... זי קריכט אַרויס פון גרינעם סאַמעט, וואַרפט אַראָפּ דאָס זיידען אונטער׳קליידעל און דערפיהלט זיך אַזוי דאַר... און פאַר־שעהמט זיך פאַר איהר אייגענער דאַרקייט. אַזוינע שפּיציגע עלענ־בויגענס... און שאַרפע קניה־קנעכלעך... אויף גיך די זיידענע קי־מאָנאָ! זיך וויקלען אין זייד און סאַמעט... ס׳קוקען די גליעדער אַרויס ווייכער, זיסער... אין סאַמעט בויגען זיך די קניה און ציהען זיך די הענט ווי צו אַ געבעט. אין פריהלינג האָבען די גליעדער געשמאַכט און דאָס האַרץ געלעכצט, נאָר דער מוח האָט באַוואַכט און געהיט די אוצרות ווי אַ קמצן זיין געלט. און אַז די ערשטע גרויע פרעסטלעך קומען אָן, פרעסטעלט עס אין די ביינער צו פריה...

נעכטען האָבען זיך וואָלקען אומגעשלייעט, גרויע, אומעטיגע.

איז געווען אומעטיג אויפ׳ן הארצען. געמיינט, אז די וועלט לעשט זיך אויס... אָבער היינט... היינט האָט זיך אַ זון צופלאַמט, גאָר ווי זומער. דער דרויסען איז אַ גאָלדענער! אַנו, ראַכיל, שפּרינג נאָר אַריין אין גרינעם סאַמעט און געה שפּאַצירען. מאַקסלען דאַרף מען היינט נישט לערנען. געה און לאָז דיין האַרץ אין דיר גלוסטען... און טו וואָס דיין האַרץ גלוסט דיר. ביזט שעהן, ראַכיל... זעהסט דאָך אין שפּיגעל. קוק אַוועק פון די פּאָר קנייטשלעך, קוק ווי די אויגען האָבען זיך דיר אָנגעצונדען און דער מויל שמייכעלט דיר אַנטקעגען. געה, נעהם די זון אין האַרצען און געה אום... געה אין די אידישע גאַסען; דאָרטען דאַרפסטו גאָר קיין מורא נישט האָבען... טו אָן דעם גרויסען הוט און די ווייסע הענטשקעלעך און שפּילע אָן די געלע כריזאַנטעמע. ס׳רייסט אויף די אויגען די געלע כריזאַנטעמע אויפ׳ן גרינעם סאַמעט...

און, אַז דו וועסט אומגעהן איבער די אידישע גאַסען וועסטו איהם באַלד אָנטרעפען... איהם, דעם אידישען אינטעליגענט. און איינזאַם אַזוי ווי דו, ראַכיל... געה און לאָז זיך איהם דערקענען... ער זוכט אויך; זוכט און בענקט ווי דו, ראַכיל... איז אינטעליגענט ער וועט דיך שוין דערקענען אָן דעם פייער׳ל אין אויג און אָן דער געלער כריזאַנטעמע. ער איז אַ קלוגער יונג. ער ווייס, אַז סתם אַזוי אין דער וועלט אַריין שפּילעט מען נישט אָן אַ גאָלדענע כריזאַנטעמע אָן גרינעם סאַמעט, בעת דרויסען כאַפּט שוין פרעסטלען...

און אפשר, ראַכיל, איז ער הונגעריג אויך... זיין מאַנטעל איז אַ דינער און אַ זומערדיגער. און אפשר איז דאָס פייער׳ל אין אויג אַ טאָפּעלער, אי הונגער, אי ליעבע צו דיר... נעהם איהם אַרויף צו זיך. סאַי־ווי־סאַי, אין דיין פאַנטאַזיע האָסטו דאָך שוין דאָס אַ סך מאָל געטאָן... זיי אַ פרוי, קאָך אויס אַן אבענד־עסען און נאָכדעם זעץ זיך ביי דער פּיאַנאָ און לאָז איהם זעהן ווי דיינע פינגער שפּרינגען אום בוויגיג אויף די ווייסע ביינדלעך, בעת דו שפּילסט „דער רבי האָט געהייסען פרעהליך זיין״. און איבער די גליעדער וועט זיך גיסען אַ וואַרימקייט. צוגעהן וועט דער אומצייטיגער פראָסט פון די ביינער. און אפשר וועט ער דיך דער־

קענען... זעהן, אז דו ביסט גאָר זיין רחל, זיין רחל׳ע... נישט סתם א פרעמדע ראַכיל אין גרינעם סאמעט מיט א כריזאַנטעמע אָנגע־טשעפּעט... און ער וועט ביי דיר בלייבען... אויף אַלע אבענדען בלייבען ביי דיר...

די זון האָט געגעבען זומערדיגען גאָלד, געשיינט, געוואַרעמט, ווי זי וואָלט זיך פארגעסען, אז ס׳דאַרף שוין א פּרעסטעל כאַפּען; און אפשר האָט זי יאָ געוואוסט, נאָר געוואָלט זיין גוט היינט... אָט היינט, פון אַלע גרוי־פּראָסטיגע טעג... און ראַכיל שפּאַצירט אום, טראַכט און קוקט אין די שאָר־פענסטער. אָך, אין יענער ראָזער בלוזע... אָדער אין דער גרינער מיט דעם מאַטען גאָלד, און זי שפּילט די עלעגיע... אָדער שאָפּען. און די רויטע בעט־טופּעלקעס אויף אין דער פריה מיט יענער קימאָנאָ... אָך ווען זי האָט זיי... און די שעהנע קינדערלעך אין די וויגעלעך מיט די מאַמעס... און איהר אויג קוקט זיך איין אויף יעדען פאַרביינעהער...

איין בלאָק ווייט קומט ער איהר אנטקעגען דער בחור, דער שעהנער, דער איידעלער. און וואָס נעהענטער אַלץ שעהנער און איידעלער. אזוי פארטראַכט, אזוי פאַרקלעהרט, בחור מיינער!... זעהסט מיך גאָר נישט, ראַכיל׳ען, די וואָסשפּיעלט אזוי וואונדער־ליך אויף דער פּיאַנאָ... אָך, ווי דאָס הארץ קלאַפּט! אַרויסשפּרינ־גען וויל דאָס. ראַכיל, ראַכילעלע, פאַרליר זיך נישט... הויב אָן ריידען... לאָז דאָס הארץ קלאַפּען... חלש׳ט אוועק פאַר שרעק?... נא דיר א קניפּ אין דער האַנט, זעהסט, קומסט צו זיך... נעהם נאָך א קניפּ. ס׳איז גוט... ס׳טוט וועה... ראַכיל רייד צו איהם, אָט איין רגע׳לע און ער געהט פאַרביי... שטעל איהם אָפּ און רייד צו איהם... זעהסט דאָך, א גוטער, אַן איידעלער... די צונג איז געלעהמט?... טו רייד מיט די אויגען... ראַכיל, ראַכיל׳עלע... איך וועל דיך מעהר נישט קנייפּען אין דער האַנט... די אויגען לאָזען זיך אויך אַראָפּ?... פאַרביינעגאַנגען. ער איז אַזוי נאָהענט פאַרביינעגאַנגען... דרעה אוים דעם קאָפּ, ראַכיל, ראַכיל׳עלע! איך בעט דיך, איך האָב דיך ליעב... אפשר וועט ער אויסדרעהען דעם קאָפּ... קענסט דעם קאָפּ

נישט א ריהר טאָן?... טו גנעה, קעהר זיך אום אהיים און לאָז דיר פראָסטלען אין דיביינער...

די זון פון פארגאַנגענע פריהלינגען אין הארצען איינגעפרעסט, האָט זיך אויסגעלאָשען... דער גרויער אבענד איז געקומען, און דער אומצייטיגער פראָסט האָט איהר אין די ביינער געפרעסטעלט...



# דער באַרג-גייסט.

א פּאָר טעג נאָך דער רייה האָט די זון געברענט, איין טאָג האָט געגאָסען אַ גערדיכטער רעגען, דערנאָכדעם זיינען געקומען צו וועהען גרינגע ווינטעלעך, און אַלץ האָט מיט אַמאָל געשפּראָצט און געבליהט אויף די בערג. דער פריהלינג איז היי־יאָהר געקומען פריה.

נפתּלי, דעם פאַרמער׳ס פּלימעניק, האָט זיך זעהר געפרעהט וואָס דער פריהלינג איז געקומען פריה דאָס יאָהר. זומער, בעת עס קומען אָן געסט, הייסט ער נייטהען, און ווינטער רופט מען איהם ווידער נפתּלי. נייטהען איז ביי איהם דער סימבאָל פון גאָלדיגע, בליהענדע טעג, פון קלאָהרע הימלען, פון פרעהליכע לידער וואָס מ׳זינגט אין אויסגעשטערנטע נעכט. און דער נאָמען קלינגט איהם ליעב. און נפתּלי, איז פאַר איהם אַ סימבאָל פון פאַרשנעעטע, אומעטיגע וועגען; קורצע, גרויע טעג און אונענדליך לאַנגע נעכט; הוילע בערג; דער וואַלד שיטער און לעבערדיג, און פון אַלץ ברומט און קלינגט טרויעריג אַרום דער נאָמען נפתּלי.

דאָך איז אין זיין פרייד געלעגען נאָך אַ סבּה. אין די ערשטע וואַרימע טעג, האָט די מומע געדאַרפט אָפּפאָהרען קיין ניו יאָרק, בלייבען אויף עטליכע וואָכען ביי איהר שוועסטער, און זיך דאָקטירען אויף קינדער; דער פעטער האָט אויך געזאָלט פאָהרען, און אויף זייער אָרט וועט דאָ קומען דער מומע׳ס פּלימעניצע גיטעל. זי קומט צוליעב איהר געזונד, זיך אָפּרוהען אביסעל, און אויך מחמת ביי זיי איז זעהר ענג און עס וועט נישט זיין פּלאַץ פאַר דער מומען.

נפתּלי איז געווען פאַרנומען אין שטאַהל אַרום די פערד. ער

איז געווען זעהר פריינדליך מיט זיי, געגלעט זיי איבער די לאנגע קעפּ, איבער די ווייכע זייטען און געגעבען זיי א גוטע מאָס היי און האָבער. שטומערהייט האָט ער זיינע געדאנקען איבערגעגעבען די פערד. די מומע מיט'ן פעטער וועלען אוועקפאָהרען. ער וועט מיט זיי פאָהרען צו דער סטאנציע אָפּנעהמען גיטלען. און פאָהרענדיג צוריק, בארג ארויף, וועט ער פיהרען דעם וואָגען גאנץ לאנגזאם, כדי זיי זאָל נישט פאלען צו שווער בארג ארויף; ער וועט געהן צופוס, און נאָר גיטעל וועט זיצען אויפ'ן וואָגען. און אלע טאָג וועלען זיי אלע פיער אומפאָהרען שפּאצירען. ער וועט איינגאנצען אָפּלאָזען די לייצעס, און ער וועט שמועסען מיט גיטלען. ער וועט זיך שוין פארלאָזען אויף זיי, זיי ווייסען דאָך שוין אזוי גוט אלע וועגען אין די בערג.

און איין שעהנעם, ליכטיגען פריהמאָרגען זאָגט צו איהם די מומע, בעת זי האָט איהם דערלאנגט פריהשטיק, אז ער זאָל נישט פארגעסען צו פאָהרען אויף דער סטאנציע, צו דעם זעקס אזייגער צוג, גיטעל וועט נאָך היינט קומען.

נפתלי האָט אליין נישט געוואוסט וואָס עס שטיקט איהם אין האלז, צי א געלעכטער פון איהרע נארישע רייד, צי סתם א פרייד. א געלעכטער זיך אָפּצוריידען! ער זאָל נישט פארגעסען צו פאָהרען צו דער סטאנציע, גיטעל דארף אָנקומען. ער וועט פארגעסען! נו, און וואו זיינען די פערד? זיי וועלען איהם שוין דערמאָנען, אז ער זאָל אפילו יאָ פארגעסען. די מומע מיט'ן פעטער ווייסען גאָר נישט, זיי האָט ער נישט געזאָגט, אָבער די פערד ווייסען דאָך יאָ פון עפּעס...

און אין דעם זעלבען טאָג, וואָס זיי זיינען אוועקגעפאָהרען, איז גיטעל געקומען. ער האָט זי שוין געקענט פון פריהער; ער זעהט זי יעדעס מאָל וואָס דער פעטער שיקט איהם וואָס איינקויפען אין ניו יאָרק. נאָר אין דעם פריהלינג פארנאכט האָט זי אויסגעזעהן גאָר אנדערש ווי אלע מאָל. א בלאָס מיידעל מיט רויטע, קיילעכדיגע אוירינגלאך, א שנירעל פערעל האָט זי געטראָגען ארום האלז און ווייסע זיידענע הענטשקעס. ער האָט זיך אזוי פאר־

שעהמט בעת זי האָט איהם געגעבען דאָס קליינע הענטעל אין די ווייסע זיידענע הענטשקעס, און ער זיינע, אַ גראָבע, ברייטע האַנט. די בלוט איז איהם אַזש אין פּנים פאַרלאָפען, און ער האָט שנעל צוגעכאַפּט די האַנט.

און פאָהרענדיג פון דער סטאַנציע אַהיים, איז טאַקע געווען אַזוי ווי ער האָט די פערד אַנפּאַרטרויט: ער איז געגאַנגען צופוס, גיטעל איז געזעסען אויפ'ן וואָגען. ער האָט די גאַנצע צייט גע־שוויגען. אין כעס איז ער געווען, אַליין נישט וויסענדיג אויף וואָס און וועמען, זיכער נישט אויף די פערד; גיכער אויף גיטלען. וואָס זיצט זי אין ניו יאָרק? וואָס איז אַזוי די מציאה מיט דאָס דאָזיגע ניו יאָרק! זי איז בלאַס, זי איז מאָגער; זי מוז נעבעך אודאי זיין נישט געזונט. און ס'האָט איהם אַזוי פאַרדראָסען אויף איהר. ניין, ער וועט גאָר קיין רחמנות נישט האָבען אויף איהר. וואָס איז? זי קען נישט קומען אַהער און ווערען פריש און געזונט? און אַזוי טראַכטענדיג פאַרגעסט ער זיך און גיט אַ שמיץ די פערד מיט'ן בייטש, און ער גיט זיך אַ כאַפּ, וואָס שמייסט ער עפּעס די פערד? ער האָט דאָך זיי צוגעזאָגט אַז באַרג־אַרויף וועלען זיי ביי איהם געהן טריט ביי טריט...

אויף דער פאַרם איז מיט זיי געווען אַ פאַרם־יונג, אַ געהילף, וועלכער וואָלט פאַר נפתלי'ן געגאַנגען אין פייער און אין וואַסער. ער האָט צוויי מאָל אַזוי פיעל אַרבייט געטאָן, כדי איהם צו לאָזען פאַרין אַרום גיטלען. און נפתלי האָט געהאַלטען אין איין אַוועק־טרייבען גיטלען פון אַרום דעם אויוועזן. ער וועט אַליין קאָכען, זי באַדאַרף נישט טאָן קיין שווערע, גראָבע אַרבייט. גלייך נאָכמיטאָג פלעגט ער שפּאַנען די פערד, דער יונג פלעגט אַרומוואַשען די אַלטע קאַרעט און זיי פלעגען פאָהרען שפּאַצירען.

די וועגען זיינען! אַלע באַרג אַרויף אָדער באַרג אַראָפּ, מיט שטיינער און גריבער און, ווען דער וואָגען פלעגט אַ טרייסעל טאָן, פלעגט זי אומגערען אויף איהם אַרויספאַלען. ער האָט איהר דער־צעלט אַלערליי מעשׂיות פון די בערג, ער האָט געוואָלט אַז זי זאָל עפּעס מורא קריגען און זיך צו איהם צוטוליען אויס שרעק. און

ער האָט אויסגעטראַכט אַ מעשה׳לע מיט אַ באַרג־גייסט וואָס איז האַלב מענש און האַלב־טייוועל, און פליהט אום אויף די שפּיץ בערג און בוימער אַנגעטאָן אין ווייסען. ער טוט קיינעם קיין שלעכטס נישט נאָר אַמאָל, פאַרוועלט זיך איהם, אימיצען אָפּטאָן אַ שפּיצעל, באַווייזט ער זיך אויפ׳ן וועג, נאַטירליך, אין מיטען נאַכט, קומט צו צו אַ פענסטער, קלאַפּט אָן, באַווייזט זיך און אַנט־לויפט. און אַז גיטעל האָט געפרעגט פון וואַנען דער דאָזיגער באַרג־גייסט האָט זיך גענומען, האָט ער שוין גאָר נישט באַדאַרפט אַ טראַכט טאָן, די פאַנטאַזיע האָט שוין געאַרבייט אין איהם, און ער האָט גלייך געענטפערט:

— פון וואַנען ער האָט זיך גענומען? ס׳איז אַמאָל געווען אַ שעהנער גרויס־שטאָדטישער יונגערמאַן, ער פלעגט זיך חנפ׳ענען מיט זיסע ווערטלעך צו אַלע שעהנע מיידלעך. ער האָט אַ סך שעהנע מיידלעך שלעכטס געטאָן און דערנאָכדעם אויסגעזאָגט, אַז זיי זיינען נישט קיין עהרליכע... און איין בת־יחידה׳לע, שעהן ווי אַ בת־מלכה און אַ כשר־קינד, ווי אַ מיידעל פון ירושלים, האָט ער פאַראומגליקט. זי האָט אַ קינד געהאַט. ער איז אַוועק און זי נאָך פאַרלוימדעט. האָט זי איהם פאַרשאָלטען, אַז ער זאָל זיך קיין מאָל קיין אָרט נישט געפינען, און עס זאָל איהם אומטרייבען און אומיאָגען, עס זאָל איהם וואַרפען און שליידערען פון איין אָרט אויפ׳ן אַנדערען און זיין נשמה זאָל מגולגל ווערען אין אַ טייוועל. און מחמת ער האָט דערנאָך שטאַרק חרטה געהאַט איז ער געבליבען האַלב מענש און האַלב טייוועל.

און גיטעל האָט מיט שרעק אַלץ אויסגעהערט. נפתלי האָט זיך געוואונשען, אַז דאָס זאָל טאַקי אמת זיין, און דער גייסט זאָל קומען ביינאַכט, אַ קלאַפּ טאָן אין גיטעל׳ס פענסטער און זי זאָל זיך שטאַרק דערשרעקען און זי זאָל אָנהויבען שרייען: געוואַלד, נפתלי! און בעת מעשה האָט איהם גראָד דער נאָמען נפתלי שעהן געקלונגען. און ער וועט אַריינלויפען, זי אַרומכאַפּען, זי צו באַשיצען. ער וועט איהר קיין בייז, חלילה, נישט טאָן. ער איז נישט יענער גרויס־שטאָדטישער יונגערמאַן. ער וועט זי נאָר גלע־

טען, און בעת ער וועט עס טאָן, וועט ער זי גלעטען אזוי ווייך און ציטערדיג, מחמת זיין האנט איז דאָך אזא שווערע... און זי וועט מורא האָבען זיין אליין אין צימער, וועט ער זיך צולעגען ביי איהר אויפ'ן בעטעל, אויף דער קאָלדרע, און זי וועט ליגען אונטער'ן קאָלדרע. ער וועט בלויז זי א קוש טאָן דאָס קעפעל, דעם פיינעם אויערעל מיט'ן רויטען אוירינגעל. און ער וועט אויסטראכטען א סך, א סך שעהנע מעשה'לעך, נישט פאר וועלכע זי זאָל שטארק מורא האָבען, נאָר זי זאָל זיך אביסעל שרעקען און זיך צוטוליען צו איהם. און ער וועט זי שוין באשיצען פון אלע בייזע גייסטער פון די פעלדער און וועלדער.

און נפתלי האָט אליין אָנגעהויבען גלויבען אין בארג־גייסט, וואָס ער האָט אויסגעטראכט, און זיך געבעטען ביי איהם ער זאָל קו־מען צופליהען פון יענע הויכע שפיץ־בערג אין ווייסען, א קלאפּ טאָן אין גיטעלע'ס פענסטער און פארשווינדען...

אין איין שעהנע פריהלינג נאכט, ווען ער האָט נישט געקענט איינגעשלאָפען, נאָכדעם ווי ער האָט שוין א פּאָר נעכט נישט דערשלאָפען, דער מוח איז איהם געוועז צורודערט, די פאנטאזיע האָט זיך צושפּיעלט, איז איהם איינגעפאלען, ער קען דאָך אויף איין רגע'לע אליין ווערען דער פארשאָלטענער בארג־גייסט. ער וועט זיין ביידע, אי נפתלי, דער וואָס וועט זי באשיצען, אי יענער בייזער יונגערמאַן... ער וועט נעהמען א ווייסען ליילאך, אויסשניידען לעכער פאר די אויגען, די נאָז און מויל, זיך איינוויקלען, און א קלאפּ טאָן אין גיטעל'ס פענסטער, און גלייך שטהן גרייט ארויפצו־לויפען די טרעפּ צו איהר אין קאמערל.

ער איז אויפגעשטאנען ווי אין א חלום, אלץ אזוי געטאָן ווי אונטער א היפּנאָז. שטיל האָט איהם א געפיהל פון אָבערגלויבען געפּייניגט, אז ער וועט אליין ווערען א פארשאָלטענער בארג־גייסט, ער האָט אָבער שוין געמוזט אזוי טאָן... ער איז ארויפגעקלעטערט אויפ'ן גאניק־דעכעל און אָנגעקלאפּט אין גיטעל'ס פענסטער, און אזוי ווי אבליץ זיך באוויזען פול קעגען פענסטער. באלד האָט ער דערהערט איהרע קולות:

— נפתלי! נפתלי, דער בארג־גייסט! געוואַלד, געוואַלד, דער בארג־גייסט!

מיט אַן איבערנאַטירליכען אימפּעט איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פון דעם דעבעל, באַהאַלטען די לײַלאַך און אַרײַן אין איהר צימער, האַלב אַן אָנגעטאָנענער. ער האָט זי געטראָפען אין ווייסען נאַכט־העמד, שטעהענדיג אײַנגעקלעפּט אין אַ ווינקעל צימער, מיט די הענט פאַרשטעלט דעם פּנים, זי זאָל דעם דרויסען נישט אָנקוקען. זי איז איהם פאַר שרעק אויף׳ן האַלז געפאַלען. איהר גאַנצער קערפּער האָט זיך געוואָרפען פון שרעק. ער איז אַליין אויך געווען שטאַרק דערשראָקען. ער האָט געגלויבט, אַז ער איז טאַקי געווען דער בארג־גייסט אין יענער רגע.

— נו, שרעק זיך נישט, גיטעל, ער וועט שוין מעהר נישט קומען... איך וויים עס זיכער...

— געהט נישט אוועק, נפתלי, איך האָב מורא — האָט גיטעל מיט טרעהרען געזאָגט — ס׳איז רעכט אויף איהם, אַ שעהנע כּפּרה אויף איהם, האָט ער אַזוי פיעל שלעכטס קיין מיידלעך נישט געזאָלט אָנטאָן! אָבער איך האָב זיך אַזוי דערשראָקען. געהט נישט אוועק!

ער האָט זי צוגעפיהרט צום בעט, זי גוט אײַנגעדעקט מיט דער קאָלדרע און אַליין זיך געזעצט. זי האָט איהם צוגעשלעפּט נעהענטער צו זיך, אײַנגענורעט איהר קאַלטען געזיכט אין זײַן וואַרימען האַלז און זיך וואָס אַ מינוט נעהענטער געטוליעט. ער איז געזעסען ווי באַנומען, קאַלט, זי אפילו אַ גלעט נישט געטאָן. איהם איז עפּעס ליכטיג און קלאָהר געוואָרען אין מוח, אַז דאָס גליק און פרייד האָט ער זיך אײַנגעקויפט דורך אַן אויסגעטראַכטע מעשה, נישט געשטויגען און נישט געפלויגען, דורך אַ ליגען. ווען זי וואָלט עס געוואָהר ווערען!... און אין דער רגע איז ער געווען גרייט איהר אַליץ צו דערצעהלען, אַז אַזאַ יונגערמאַן האָט גאָר קיין מאָל נישט געלעבט און אַז אַ בארג־גייסט איז גאָר דאָ נישטאָ, נאָר מחמת איהם האָט אַליץ געצויגען צו איהר, האָט ער דאָס אַליץ פון קאָפּ אויסגעטראַכט. נאָר ניין, ניט היינט נאַכט. אַן אַנדערש מאָל וועט ער

איהר דערצעהלען, ניט היינט נאכט !... זאָל זיך דאָס מיידעל טוליען און ווארימען אָן איהם.

און גיטעל האָט זיך אָנגערופען :

— אצינד האָב איך שוין פאר איהם קיין מורא נישט. ער מאָג אפילו ווידער זיך באַווייזען. א שעהנע ריינע כפרה אויף איהם... האָט ער נישט געזאָלט טאָן מיידלאך קיין שלעכטס...



# הערינג.

דער פיין קלינגענדער נאָמען אפרים ראפאפארט, וואָלט גיכער געפּאסט אַן ערפאָלגרייכען הערינג הענדלער, וואָס האָט טויזענטער און טויזענטער טונען הערינג איבערגעליפערט אין פארשיעדענע וועלט־טיילען, זיך ערוואָרבען אַ גרויס פּארמעגען און אַן אנגעזעהענע „אָסאָבע", איידער איהם. על פּי צופאַל אָדער על פּי מזל האָט הערינג תמיד געשפּיעלט אַ ראָלע אין זיין לעבען, כאָטש ער האָט באמת גאָר פיינט געהאט הערינג. אַ חוץ וואָס ער האָט פיינט געהאט הערינג מיט זיין ריח און טעם, איז ער דעם גאַנצען מין געווען אַ דם־שונא. נאטירליך האָט ער גאָר נישט געהאט קעגען די פישעלאַך בעת זיי שווימען זיך געמיטליך ארום די סקאַנדינאַווישע ברעגען און לייגען איקרע פאר נייע דורות. אין אמת'ן זיינען דאָך די הערינג פישלאַך שעהן, מיט די פיין געוועבטע עקעלאַך, שלאַנקע קעפּעלאַך און די הויט מיט שעהנע זילבערנע שופּען באַפּוצט. גיכער איז זיין האַס געקומען צו די אומשולדיגע הערינג דערפאַר, וואָס נאָך זייענדיג אַ אינגעל האָט זיין טאַטע איהם אוועקגעריסען פון דאָרף, פון די זוניגע, זידליכע לאַנדשאַפטען, און איהם געשיקט אין דער ליטא אין די ישיבות, וואו ער האָט געגעסען טעג, און די ליטווישע ווייבער האָבען איהם געשפּייזט מיט הערינג.

אין פּריזיוור־עלטער איז ער געקומען קיין אַמעריקאַ. און דאָ אין ניו יאָרק, אַלס גרינער, ווען ער פלעגט אריין אין אַ רעסטאָראַן אָפּעסען, איז נישט פּאַרשטעהענדיג די נעמען פון די מאכלים, פלעגט ער פאַרשעהמטערהייט אַ זאָג טאָן צום „וועיטער": הערינג. און ס'איז טאַקי אַ וואָלוועלער מאכל, סיידען מ'קאָכט זיי אין עסיג און האָניג אָדער מען פּרעגעלט זיי אין פּוטער.

מיט יאָהרען פון מיה און מאַטערנים האָט ער זיך אויסגע־נרינט. אליין געגעבען לעקציעס אין ענגליש, און אַ דאַנק דעם צו־וואוקס פון די אידישע צייטונגען און זשורנאַלען, האָט ער פון צייט צו צייט פאַרדיענט פאַר אַן אַרטיקעל אָנשרייבען, אַמאָל אַ רעדע געהאַלטען אין אַ פאַראיין, און זיין לעבען זיך דורכגעשלאָגען.

און ווי פיינט ער האָט געהאַט הערינג אַזוי האָט ער ליעב געהאַט ביכער... און אפרים ראַפּאַפּאָרט איז נישט געווען קיין גרויסער, רייכער הערינג הענדלער, נור אַן אָרעמער ביכער ליעב־האָבער.

זיין אויסזעהן האָט איהם שוין בעסער געפּאַסט: אַ שמאָלער, דאַרער יונגערמאַנטשיק, אין אָנהויב פון די דרייסיגער; דער ברוסט־קאַסטען הויל און איינגעפאַלען און קוים דערגרייכט מיטעלען וואוקס. די האָר האָבען גאָר קיין איינזעהן מיט איהם נישט גע־האַט: אַ טייל האָבען זיך געגרויט, און אַ טייל זיינען אַרויסגע־פאַלען. דערפאַר אָבער האָט ער געהאַט אַ פּאָר ליכטיגע, פינקעל־דיגע אויגען ווי פון אַ שוואַרצען בורשטין און ווייסע, גלייכע צייהן ווי צוויי רייהען פּערעל.

און אפרים ראַפּאַפּאָרט האָט זיך איינגעשאַפט אַ ביבליאָטעק פון אַ וואָסערע פופצעהן הונדערט ביז צוויי טויזענד ביכער, אין אי־דיש, העברעאיש, רוסיש, דייטש און ענגליש. און יעדעם ביכעל האָט ער געקענט און ליעב געהאַט. אין זיין ביבליאָטעק איז ער געווען ווי אַ סולטאַן אין זיין האַרעם. יעדעס אַלט ביכעל האָט איהם זיסע זכרונות געבראַכט, און יעדעס נייע ביכעל האָט איהם פרייד פאַרשפּראָכען.

זיין ליעבשאַפט צו ביכער איז דערגאַנגען כמעט ביז שגעון. ער פלעגט קענען אָפּזיצען טעג אין זיין צימער און באַטראַכטען די פאַרשיעדענע ביכער, זיי בלעטערען. ער האָט אויסגעמיעדען אפילו די אומשולדיגסטע באַקאַנטשאַפט מיט מיידלעך, נאָר אוים מורא טאָמער וועט מען ביי איהם קומען לייהען ביכער.

אז ער האָט באַגעגענט דזשעני׳ן, אַ הויכע, געזונטע מיידעל מיט געדיכטע נעגער־האָר און זומער שפּרינקלאַך אויפ׳ן נאָז און

ארום די אויגען, אָבער מיט גרויסע, בלויע אויגען און אַ פּיינעם מויל, האָט ער זיך מיט איהר באַקאַנט נאָר דערפאַר ווייל זי האָט נישט געלייענט קיין ביכער.

באַגעגענט דזשעני'ן האָט ער אויף די בערג, צווישען אַנדערע מיידלאַך וואָס האָבען יאָ געלייענט ביכלאַך.

דזשעני איז געבאָרען געוואָרען אין עסעקס סטריט. דאָרט זיך אויסגעהאָדעוועט און געגאַנגען אין סקול. לעצטענס געוואוינט מיט איהרע עלטערען אין די בראָנקס; גערעדט גאַנץ גוט אידיש, און דעם ערשטען מאָל געווען אין די בערג... אַזוי פיעל אומגעפעהר איז דאָ צו דערצעהלען וועגען דזשעני'ן. איהר טרוים איז געווען אַ פּרייוז-פייטער, אָבער אפרים איז איהר אויך געפעלען געוואָרען.

און אפרים ראַפּאַפּאָרט האָט וועגען דזשעני'ן פאָעטעזירט:

„אַזוי פּרימיטיוו!... אַזוי געזונד פּראָסט. נישט קיין צו־בראָכענע נשמה ווי די דאָ, וואָס ליגען אין העמאק און לייענען ביכלאַך... אַ גאַנצע נאַטור. אַ זעלטענהייט אין היינטיגע דורות. ער וועט זי שוין אויסבילדען אויף זיין שטייגער. ער וועט זי פאַרפיינערען, זי וועט ווערען ראַפינירט און דאָך אין דער נשמה בלייבען פּרימיטיוו"... אַזוי האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט.

דזשעני האָט פון קיין אַנדערע אַרטען באַקאַנטשאַפטען מיט אַ בחור ווי צוליעב אַ שידוך נישט פאַרשטאַנען. דעריבער, ווען זיי זיינען צוריקגעקומען קיין ניו יאָרק, האָט זי איהם איינגעלאַדען צו טאַטע־מאַמען אין שטוב. זיי האָבען איהם שטאַרק אָפּגעשטוי־סען מיט זייער פּראָסטקייט און אַ סך הערינג עסען... איהם האָט זיך געדאַכט, אַז אַלץ אין הויז איז דורכגענומען פונ'ם ליאַק פון הערינג... און ער האָט געקלעהרט פון אָפּטראָגען זיך... אין שטוב איז ער שוין אָבער געווען דזשעני'ס חתן. ער האָט גאָר נישט באַ־גריפען ווי אַזוי דאָס איז געוואָרען... און ס'איז שוין געווען שווער צו כאַפּען צוריק. און ווען די יום־טובים זיינען אָנגעקומען, האָט ער אָנשטאָט זיך קויפען נייע בגדים געמוזט קויפען דזשעני'ן אַ פינגערל. אמת, ער האָט אפילו צוריקגעקראָגען פון צוקונפטיגען שווער אַ זייגער מיט אַ קייטעל אין צוויי מאָל דעם ווערט פונ'ם

פינגער׳ל... קורץ נאָך דעם איז געווען די חתונה און זיי האָבן זיך אריינגעקליבען צו טאַטע־מאַמען. די שוויגער האָט געהאַקט הערינג, געפּרעגעלט הערינג, מאַראַנירט הערינג, און אַז ער איז אַרויס אין גאַס אויסגעקליידט ווי אַ טעקעלע, האָט ער געלבט אין שרעק, טאָמער שפּירט זיך פון איהם אַ ריח פון הערינג און שווער און שווינגער...

קיין פאַך האָט אפרים ראַפּאַפּאָרט נישט געקענט, און טאַטע־מאַמע איז גיך מיאוס געוואָרען צו געבען אפילו ברויט מיט הערינג... דערצו האָט די שוויגער מורא געקראָגען צו זיין אין איין שטוב מיט אַזוי פיעל ביכער וואָס זיינען נישט קיין ספרים... אָבער דזשעני האָט געהאַלטען מיט איהם: „ער איז אַן איידעלער, אַ געבילדעטער, ער קען קיין „פּראָסטער ארבייטער" נישט זיין". און זי האָט גענומען פּלאַנען צו טאָן וואָס אַליין.

אין אַ פּאָר חדשים נאָכדעם ווי דזשעני האָט געהאַט דאָס קינד, האָט זי אויסגעלערענט אפרים׳ען ווי אַרומצוגעהן מיט די „באָטעל־פידינג" און אַליין אָנגעהויבען פאָהרען יעדען טאָג דאַון־טאַון, איהם גאָר נישט זאָגענדיג. דזשעני האָט געהאַט אַ חבר׳טע, וועלכע האָט חתונה געהאַט פאַר אַ רייכען הערינג־הענדלער, און צו איהר האָט זי זיך געווענדעט נאָך הילף. זי האָט געדונגען אַ קליי־טעל אויף עסעקס סטריט, וואו מ׳האָט זי געקענט, דער חברה׳טעס מאַן האָט געגעבען אויף באָרג עטליכע טונען הערינג און דזשעני האָט געעפענט אַ הערינג „סטאָרקע". די פּאָר צימערען הינטער׳ן סטאָר זיינען געווען פינסטערע, די פענסטער מיט אייזערנע שטאַכעטען און דער פּאָל אַ צובראָכענער. איהם האָט זי גאָרנישט געזאָגט ביז אַלץ איז אַריבער, און זיי האָבען זיך אריינגעקליבען הינטער דער הערינג „סטאָרקע".

אפרים איז שיער נישט געפאַלען פון אַפּאָפּלעקציע, אָבער פאַר־פאַלען, קיין אויסוועג. אַ קינד אין וויעגעל...

— און וואו וועל איך אַהינטאָן די ביכער!... — האָט ער מיט האַס און האַרצווערטאָג געקריצט מיט די ציינער.

— די ביכער? איך וויים?... פּאַרפּאַק זיי אין קאַסטענס,

וועסטו זיי קענען האַלטען אין קעלער. אַן עסק האָב איך איצטער מיט ביכער!...

אפרים ראַפּאַפּאָרט האָט זיך געפּיהלט ווי צונעהמען דעם קאָפּ און צוזעצען אַן דער וואַנט....

— אַ פאַרהייראַטער מאַן און אַ טאַטע פון אַ קינד, זאָל זיך אַזוי נאַריש מאַכען. ביכער! האָסט שוין געמעגט האָבען מעהר שכל, אויף מיין וואָרט — האָט דזשעני געזאָגט גאַנץ ערנסט און אָהן כעס.

אפרים ראַפּאַפּאָרט האָט געשוויגען מיט אַ שווייגען וואָס האָט געמיינט: מיט וועמען זאָל איך דאָ ריידען...

דזשעני האָט אָבער נישט געוואָלט זיין ברוגז, דערפאַר האָט זי ווידער געזאָגט:

— ביי לייטען, אַז מ'ארבייט זיך ארויף, ס'איז דאָ פון וואַנען צו לעבען, לייענט מען ביכער.

דאָך האָט ער אויסגעפיהרט. פון די צוויי צימערען האָט ער איינעם פאַרנומען מיט ביכער און זיין שרייב־טישעל, און דאָס אַנדערע צימער, האָט געדיענט אַלס שלאָף־צימער, עס־צימער און קיך.

צום פאַרקויפען די הערינג האָט דזשעני איהם גאָר נישט צו־געלאָזען. זי האָט זיך אויף איהם נישט געקאָנט פאַרלאָזען, אָבער אַזוי ווי ער איז אַ „געבילדעטער" וועט ער פיהרען די הערינג־בוכהאַלטעריע.

און זיין אומגליק איז געווען פאַר פול. קיין צייט אויף קאָכען האָט דזשעני נישט געהאַט, איז מען כסדר אָפּגעקומען מיט הערינג...

אַ קאָמפּלימענט איז געקומען דזשעני'ן, זי איז געווען שטאַר־קער פון אפרים ראַפּאַפּאָרט. ער האָט זי נישט געקאָנט פאַר־פיינערען. זי, האָט איהם אָבער געקאָנט פאַרגרעבערען. ער האָט זי צו זיך נישט אויפגעהויבען, האָט זי איהם דערפאַר אַראָפּ־געשלעפּט צו זיך.

נאָך אַ קינד איז געקומען אין הערינג קלייטעל. דאָס הערינג־

געשעפטעל איז געגאַנגען גוט, אָבער דאָס לעבען איז געווען דאָס אייגענע. פאַר דזשעני׳ן איז דאָס געווען גוט... אָט וועט מען נעהמען די דירה „אָפּסטעירס״, זאָל שוין נאָר יענע זיך אַרויס־קלייבען... דערווייל האָט זי אָנגעהויבען זיך איינשאַפען איין שטיק „געשליפען גלאָז״ נאָך דעם אַנדערען, געקויפט טול אויף מאַכען גאַרדינען און געטרוימט פון אַ שעהנעם פאַרלאָר...

ביסלעכווייז און ביסלעכווייז, אונטער דעם שטענדיגען ריח פון הערינג און פאַרשיעדענע געטריקענטע און געזאַלצענע פישען, איז ער אַראָפּגעזונקען צו דזשעני׳ן. ער האָט זיך מעהר נישט נאַריש געמאַכט מיט שרייבען. ער האָט פאַרלאָרען מוט און האָפנונג אויף אַלץ מיט אַן אַנדער, אַז ער וועט ווען עס איז קענען זיך אַרויסרייסען פון זיין הערינג־גיהנום.

אויפגעכאַפּט האָט ער זיך פון זיין פאַרטומלונג, בעת איהם האָט זיך געגומען אויסדרוכטען אַז עס פעהלען איהם ביכער... זי־כער, אָבער, איז ער נישט געווען; דער קאַטאַלאָג איז שוין לאַנג פאַרפאַלען געוואָרען.

און איינמאָל אַריינקומענדיג אין קלייטעל, האָט ער דערזעהן זיינס אַ גרויס בוך מיט געגילדעטע ברעגען אויף פיינעם האַרטען פאַפּיער. געטיטעלט: „די שעהנע ליטעראַטור אין דער עליזאַבעטישער עפּאָכע אין ענגלאַנד״. עס איז געלעגען מיט אויס־געריסענע בלעטער און באַקלעפּט מיט הערינג שופּען. אַן אויס־דרוק פון משוגעת האָט זיך איהם באַוויזען אין די אויגען. ער איז אַריין אין צימער, געכאַפּט אַ שטיק אייזען און גענומען קלאַ־פּען איבער אַ געשליפען גלאָז וואָס האָט געפינקעלט ווי דימענטען, ביז עס איז צובראָכען געוואָרען אויף פּיצ־פּיצלאַך.

די קינדער האָבען זיך דערשראָקען, אָנגעהויבען שרייען, און דזשעני האָט זיי אַרומגעכאַפּט ווי פון אַ געפאַהר צו פאַרהיטען. דזשעני האָט זיך דאָס ערשטע מאָל צואווינט אויף איהר ביטערען מזל. זי אַרבייט אַזוי שווער! „טרייעט״ אַזוי פיעל פאַר איהם, פאַרוואָס קומט דאָס איהר?

— דאָס איז פאַר רייסען מיינע ביכער און וויקלען אין זיי

דיינע פּאַסקודנע הערינג!„ — האָט ער קוים געקראָגען אָטעם אַרויסצורײַדען, זיך וועהרענדיג קעגען אַן אָנפאַל פון האַרצקלאַ־פּונג.

— וואָס איז אַזוינס? — האָט דזשעני געוויינט — ס'האָט מיר אויסגעפעהלט צייטונגען. יעדע אידענע אַז זי קויפט אַ הערינג, ווייל איך זאָל איהר דאָס איינוויקלען אין אַ וועלט מיט פּאַפּיער, קיינער זאָל חלילה נישט זעהן אַז זי טראָגט מיט זיך אַ הערינג. וואו זאָל איך נעהמען אַזוי פיעל פּאַפּיער? דו ביזט נישט געווען, די קינדער האָב איך נישט געקאָנט לאָזען אַליין, איז מיר איינגעפאַלען נעהמען דיינס אַ בוך: ס'איז אַ גוטער פּאַפּיער, ס'טריפט נישט דורך דער ליאַק, און איין בלאַט איז גע־נוג פּאַר אַ גאַנצען הערינג. וואָס איז אַזוינס? קנאַפּ ביכער האָסטו! אַזאַ טייערער פּרוכט־טעלער! מיט בלוט און שוויים האָב איך דערפאַר געאַרבייט, צו קאָנען "אויפּפּיקסען" אַ הויז מיט לייטען גלייך!

אָבער דזשעני, זעהענדיג ווי בלאַס און אומגליקליך אפרים האָט אויסגעזעהן, מיט וועלכע אויגען ער האָט געקוקט אויף דאָס „ערמאָרדעטע" בוך, האָט זיך געפיהלט זעהר שולדיג געגען איהר מאַן.

און אפרים ראַפּאַפּאָרט האָט מיט אַ מאָל דערפיהלט, שאַרף ווי מיט אַ שניט פון אַ חלף, זיין עלענדקייט. די פרוי וואָס פּאַר־קויפט הערינג איז נישט זיינע... די קינדערלאַך וואָס וואַלגערען זיך אַרום צווישען די טונען הערינג זיינען פרעמדע. ער אָבער איז זייערער... אַ געפאַנגענער אין אַ הערינג־קלייטעל. ער, דער ליעבהאָבער פון ביכער...

# אַ קאָוונער איד.

ר׳ אבא איז געווען אַ איד נאָהענט צו די זיעבעציגער. הויך און שמאָל, מיט אַ ווייסען זיידענעם קאָפּ און אַ ווייסע לענגליכע באָרד. תמיד אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצער לאַנגער טוך־קאַפּאָטע האָט איהם דאָס געשאַפען אַן אויסזעהן פון אַ פאַרצייטיגען ווענעציאַ־נער קויפמאַן, וואָס האָט געהאַנדעלט מיט רייכע בראָקאַדען, איי־דעלשטיינער און זיידענס, מיט די אַדעליגע. זיין ווייב חיענע — אַ נידריגע פולע אידענע באַהאַנגען מיט אַלטמאָדישע צירונג. די צירונג האָט חיענע געטראָגען צו ווייזען לייטען אַז זי איז אַ בעל־הבית׳טע פון דער היים און ניט אַבי וואָס פאַר אַ אויפגעקומענע גביר׳נטע.

דאָס הויז זייערס איז אויך פאַרבליבען אויף דעם אַלטמאָדישען ליטווישען שטייגער. אין זאַל די זילבערוואַרג: בעכערס, אַ הדס׳ל, די זילבערנע צוגערפּושקע; אין קיך אויף דער פּאָליצע: בלאַנקע מעשענע לייכטער, די שטויסעל, דער טאַץ און קופּערנע פאַנען; אויף׳ן קאַמאָד אויבענ־אָן איז געשטאַנען אַ קליין בית־המקדש׳ל פאַלירט און מיט פּערלמוטערנע פענסטערלאַך, אויף די ווענט — בילדער־ראַהמען מיט אויסגעקריצטע מנורות.

אויף די דאָזיגע זאכען, איז די אַלטע חיענע תמיד שטאָלץ געווען און אָפּגעהיט אַז קיין שטויבעלע זאָל אויף זיי ניט פאַלען. און איז נאָר ווער אריין און דאָס אָנגעקוקט, האָט חיענע גלייך געזאָגט:

— דאָס האָט דער אַלטער, זאָל לעבען, אַליין געמאַכט. גאָל־

דענע הענט האָט ער, זאָלען זיי איהם דיענען ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר.

ביידע האָבען זיי געלעבט שטיל און רוהיג, אָהן דאגות, ביי די קינדער אויף קעסט. די קינדער, אַלע אויסגעגעבענע, האָבען געהאַט גרויסע געשעפטען אויף בראָדוויי און געוואוינט אין פאַר־שיידענע רייכע טיילען פון שטאָט. זיי האָבען געוואָלט טאַטע־מאַמען אויך אַהין נעהמען, האָט אָבער דער אַלטער אבא גע־טענה'ט: וואָס טויג איהם די ברייטע, ליידיגע בולווארען? וואָס דאַרף ער די בוימער מיט די פאָנארען? זיין שוהל, די אידען דאַרף ער, און טאַקע אויף העגרי סטריט, וואו ער האָט גע־וואוינט די לעצטע צוואַנציג יאָהר.

צייט עטליכע יאָהר האָט ר'אבא גאָר ניט געטאָן, האָט ער מיט לייב און לעבען זיך אריינגעטאָן אין שוהל און שוהל ענינים. מ'האָט איהם אָפּגעגעבען כבוד און געמאַכט פאַר „פּרעזידענט". און הגם ר' אבא איז געווען אַ שטיקעל למדן איז ער דאָך געווען ביי זיך פשוט, געוואוסט, אַז אַ שוהל דאַרף זיין אַ מקום קדוש, וואו אידען דאַרפען קומען דאַוונען. האָט ער אָבער דערזעהן, אַז אין שוהל נעהמט אָן „פּאָליטיקע", צו האַרב פאַר איהם איינצו־בייסען; געזעהן, אַז די שוהל איז אַן אָרט פאַר „ביזנעס" און כבוד־זוכענים, האָט ער געוואָרפען אַן אומ'חן אויף דער שוהל מיט די בעלי־בתים און בלויז געקומען אָפּדאַוונען.

ר' אבא'ן איז מיט אַמאָל קלאָהר געוואָרען, אַז ער געהערט ניט מעהר דאָ... און ער האָט צו זיך אַליין גע'טענה'ט: פאַרטיג געוואָרען מיט געשעפט, ר' איד לעבען, פאָהרט קיין ארץ־ישראל!... אָבער טאַקי נאָר מיט זיך גע'טענה'ט, וואָרים פון זיין אַלטער חיענען האָט ער דאָס געהאַלטען בסוד. און ניט זייענדיג געוועהנט צו האָבען סודות פון איהר, האָט ער זיך דערמיט גע־שטיקט און געוואָרגען.

ר' אבא האָט אָנגעהויבען ארומגעהן ווי אויף אַ פרעמדער וועלט, פאַרטראַכט, פאַרקלעהרט און אַ שווייגענדיגער.

חיענע האָט דאָס גלייך דערזעהן, געזעהן דעם אומעט פון

אונטער זיינע ווייסע ברעמען און דעם פאַרביסענעם שווייגען פון דער באָרד אַרויס...

אין אַ פרייטאָג צו נאַכט, ווען ר' אבא איז אַריינגעקומען פון שוהל מיט'ן „גוט שבת", האָט חיענע שוין נאָך דעם ניגון פונ'ם „גוט שבת" דערקענט, אַז ער איז עפּעס צוטראָגען. ער האָט געמאַכט קידוש, נאָר עסען האָט ער ניט געקאָנט. געזעסען ביים שבת־טיש נאָר יוצא־שבת צו זיין.

— עפּעס ניט מיט אַלעמען, אבא? — האָט חיענע איהם אָנגעקוקט.

— עט, ס'דוכט זיך דיר — האָט ר' אבא אָנגעהויבען עסען די שבת'דיגע פיש.

— מאָל דיר, אַז ס'דוכט זיך מיר ניט. וואָס, איך האָב חלילה ניט קיין אויגען אין קאָפּ? איך זעה, איך זעה, אַז דו עסט ניט, טרינקסט ניט און שלאָפסט ניט גאַנצענע נעכט. ס'האַרץ, דאָס האַרץ טוט דיר וועה... אַלץ, אַלץ קומט פונ'ם האַרצען...

— שוין צו לאַנג אין אַמעריקאַ, חיענע, און ס'בענקט זיך גריילִיך... ס'האַרץ בענקט זיך מיר אויס.

— יאָ — האָט חיענע זיך אָפּגעזיפצט, רעכענענדיג אַז איהם בענקט זיך נאָך קאָוונע.

— אָבער פאַרשטעהסט, חיענע'לע, אַ אידענע זאָל לעבען, איז גאָר אַן אַנדער מענש. אַ אידענע לעבט דריי מאָל אויף דער וועלט: אין די יונגע יאָהרען — איהר אייגען לעבען, דערנאָך — מיט די קינדער, און אויף דער עלטער פון דאָס ניי מיט די אייניקלאַך.

די אַלטע חיענע האָט איהם אָנגעקוקט מיט אויגען, וואָס האָבען אין שרעק געפרעגט: אָבער וואָס איז מיט דיר געוואָרען?

— אַז אַ מענש זעהט זיך אַרום צו זיעבעציג יאָהר, אַז ער האָט אָפּגעלעבט אַ לעבען ניט נאָכ'ן שכל און ניט נאָך זיין גוסט, און פאַרריכטען קאָן מען שוין דאָס ניט, איז שלעכט! און אויב דו מיינסט, אַז די אַלע יאָהרען בין איך געווען צופריעדען, האָסטו אַ טעות. ס'איז געווען די קינדער... דעם שטעלען אויף די פיס,

יענעם אויסגעבען, און אזוי האָט מען אָפּגעשטופּט דאָס ביסעל יאָהרען, ווי אַ בעל־עגלה זיין פערדעל....

חיענע האָט אָבער דערפיהלט, אַז ניט דאָס איז ער אויסען צו זאָגען. זי האָט איהם געוואָלט העלפען און ניט געוואוסט ווי אזוי, האָט זי געשוויגען, געהערט און געזיפצט..

— איבערהויפּט האָב איך האַרצוועהטאָג פון שוהל — האָט ער ווייטער גערעדט — אידען זאָלען זיך ארומרייסען אין אַ שוהל ווי להבדיל, גוים אין אַ שענק. פּאָליטיקע און פּאָליטיקע! דער בורא, די תורה איז געוואָרען אַ סחורה. מ'טוט מצות, מ'גיט נדבות אויף פראָצענט! גאָט וועט דערפאַר אָפּגעבען כפל־כפלים.

— גאָט האָט באַשאַפען אַזאַ וועלט... אַזאַ וועלט! געגעבען אַ תורה! טראַכסט זיך ווען אַריין, חיענע'לע? באַשאַפען אַ וועלט און געגעבען אַ תורה!

— יאָ, גאָט'ס וואונדער איז אַזוי גרויס — האָט חיענע ווידער זיך אָפּגעזיפצט.

— באַשאַפען אַזאַ וועלט!... — איז ר' אבא זיך פארגאַנגען אין התפעלות — אָט נעהם די ערשטע ווערטער פון חומש:

— בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ והארץ היתה תהו ובהו — פאַר'ן עולם מיינט עס: גאָט האָט באַשאַפען הימעל און ערד. אָבער איך חיענע'לע, איך זעה עס ממש פאַר די אויגען:

ס'איז געווען אַ תהו ובהו, אַ פינסטערניש, דאָס הייסט: הימעל, ערד און וואַסער זיינען געווען אויסגעמישט, נעהמט גאָט און לאָזט אַריין דאָס וואַסער אין ימים און טייכען, שפּרייט אויס איבער'ן קאָפּ אַ בלויען הימעל און טוט אַריין מיליאָנען שטערען מיט אַ לבנה; באַשאַפט הויכע בערג, שפּרייט אויס פעלדער און וועלדער מיט אַלערליי געוויקסען און קרייטיכער. און דערנאָך גיט ער אַ זאָג: יהי אור! און ס'צינדט זיך אָן'עט אַ פלאַמענדיגע זון, וואָס באַלייכט און וואַרימט די גאַנצע וועלט!

— דו הערסט, חיענע? אבי איך האָב געמיינט אַז דו ביזט אנטשלאָפען געוואָרען. דו הערסט, מ'זאָגט, אַז אין ארץ־ישראל

ליכט נאָך דער הימעל אזוי קלאָהר, אזוי ליכטיג, ווי בעת גאָט האָט איהם באשאפען.. נאָר גאָר ניט, ניט א יעדער איז זוכה צו קומען אהין — האָט ר׳ אבא געענדיגט, אָנקוקענדיג זיין אלטע חיענען מיט א געבעט אויפ׳ן פּנים, ווי א קינד וואָס דאַרף עפּעס פּועל׳ן ביי דער מאַמען.

חיענע האָט גענומען פּלוצים זיך אָנשטויסען וואָס דער אַל־טער איז דאָ אויסען.

— אי, חיענע׳לע, וואָלט איך געוואָלט אהין קומען!... וואָלט איך... ס׳הייסט, אויב דו וואָלסט נאָר וועלען...

— וואָ׳דען, איך וואָלט דיך געלאָזען אליין פאָהרען אויף דער עלטער?

— און די קינדער?

— זיי דאַרפען מיך ניט מעהר...

ר׳ אבא איז פאַר גרויס שמחה אויפגעשפּרונגען פון טיש, געכאַפּט חיענען זיך דרעהען א האָפּקע מיט איהר און אויסגע־שריען זי קושענדיג:

— אידען! האָב איך א אידענע, א אשה צנועה! זאָל זי מיר לעבען, און מיר זאָלען ביידע לעבען אין ארץ־ישראל!

חיענע האָט זיך פאַרשעהמט פאַר׳ן קוש און קייכענדיג אין זיך געשטאַמעלט:

— געה, ניט שעהן זיך נאַריש מאַכען אויף דער עלטער!

—וואָס מיר אַלט, ווער מיר אַלט? איך בין א יונגער־מאַנטשיק פון זיעבעציג!...

— חיענע׳לע — האָט ער זי געשטורכעט ליעבלידאַין זייט — רעד איבער מיט די קינדער, דו ווייסט שוין ווי אזוי מיט זיי צו רעדען. און זעה צו פּועל׳ן...

— מ׳ט זעהן תיכף נאָך שבת, א׳מ׳ט לעבען, וועל איך מאַכען א רעד מיט די קינדער..

און ר׳ אבאָ האָט א צופריעדענער זיך געזעצט פאַר די שבת־ליכט לייענען דעם בלאַט מיט די נייעס פאַר דער אלטער חיענען.

# די ברוגז׳ע.

אז מען האָט יאָסלען, פּסח דעם בעל־עגלה׳ס זוהן, גערעדט מיט דער ריטעוועהר מיידעל, האָט ער גאָרניט געפונען וואָס אויס־צוזעצען קעגען שדוך. די משפּחה א פיינע, נדן איז דאָ און די כּלה א געראָטענע. איהר געראָטענקייט האָט ער ארויסגעזעהן שוין ביים ערשטען מאָל זי אָנקוקען. אוואו זיין אויג איז נאָר גע־פאַלען, איז געווען מיידעלשע האנד־ארביים: גענעהט, געהע־קעלט און געהעפט. אויסגענעהטע ווינשעוואַנעם מיט גאָלדענע שטערען און א גאָלדען שליסעל צום הימעל, א כותל־מערבי אין א ציגעל־פאַרב בלוצק און א פּאָר לייבען, בימערע יונגען! זיינען געהאָנגען איינגעראַהמטע אויף די ווענט.

דער מאַמע׳ס אויגען האָבען אומעטום מיטגעקוקט און מיט דעם זיסען שמייכעל פון אַן אַלטער אידענע געזאָגט:

— דאָס האָט אַלץ, מיין שרה ניטעל זאָל לעבען, מיט איהרע אייגענע הענט געמאַכט!

און פון דעסטוועגען, אַז יאָסעל איז געקומען אַהיים, פון אָנקוקען דער כּלה, האָט ער זיך געקווינקעלט: ער וויל ניט דעם שדוך.

— פאַרוואָס?! — האָבען דער טאַטע און יאָקעל שדכן איהם אָנגעקוקט מיט וועלפישע אויגען.

— ביי דער כּלה בליהען נישט די באַקען — האָט יאָסעל זיך נע׳ברוגז׳ט — ביי א מיידעל דאַרפען בליהען די בעקעלאַך, אַניט טויג ניט... נעהמט דער שוועגערען חנה — האָט שוין געהאַט

צוויי קינדער, דער מאַן איז פאַררייזט קיין אַמעריקאַ, פון דעסט־וועגן בליהען נאָך ביי איהר די באַקען, ווי צוויי קעפּלאַך מאָהן.

האָבען זיי אויף איהם אָנגעשריען, למאַי ער קוקט גאָר אויף דער שוועגערען. ווייס ער דען ניט, אַז מ'טאָר דאָס ניט?...

האָט זיך יאָסעל פאַרשעהמט. טאַקי צו וואָס האָט ער גאָר געדאַרפט דערמאָנען חנה'ן...

אָבער, אַז יאָקעל שדכן האָט איהם מיט זיין פייערדיגען פּיסק פאַרזיכערט, אַז ביי דער כלה בליהען די באַקען ווי עס דאַרף צו זיין, און אַז נאָך דער חתונה וועלען זיך ערשט ביי איהר די באַקען צובליהען, מחמת פאַר דער חתונה האָט אַ מיידעל צער, האָט יאָסעל צוגעשטימט צום שדוך.

— וואָס זאָגט איהר ניט צו היינטיגע יונגאַטשעס, ר' פּסח? מיר אין זייערע יאָהרען האָבען אפשר אויך געהאַט די העזה צי קוקען, צי ביי די מיידלאַך בליהען די באַקען, צי ניט? ! מיר האָבען גענומען וואָס מ'האָט אונז געגעבען און הלואי אויף וויי־טער — האָט יאָקעל שדכן זיך געווענדט צום אַלטען בעל־עגלה. פאַר זיך, האָט ער זיך אָבער געריבען די הענט צופריעדען: אויס־געפיהרט דעם שדוך! דער שדוך איז ווי ביי מיר אין קעשענע...

יאָסעל האָט זיך אפילו געקאָנט פאַרגינען, אַז ביי זיין כלה זאָלען די באַקען יאָ בליהען... אליין אַ כוואַטסקער יונג, איבער הונדערט מיט צוואַנציג יאָהר אַרום, אַז דער טאַטע וועט שטאַר־בען, בלייבט ער ביי צוויי אייגענע פערד און אַ האַלבע שטוב. נאָר גאָר ניט, נדן איז דאָ, שרה גיטעל איז אַ געראָטענע, טאָ זאָל זיין שרה גיטעל...

די חתונה איז געווען אַ שעהנע, אַ לייטישע. נאָכ'ן רומ־פּעל זיינען זיך צופאָהרען די מחותנים פון חתן'ס צד און דער יונגער באַלעבעסיל איז פאַרבליבען ביז נאָך די שבע־ברכות.

אריינפיהרענדיג דאָס ווייבעל אין שטעדטעל אריין, מיט דער גאַנצער גאַרדאַראָבע אויף זיין וואָגען מיט זיינע צוויי פערד, איז יאָסעל געווען אַ גליקליכער. ער האָט זיך ממש געפּרעגעלט אין

נחת.. ער איז נאָר געווען אין כעס אויף זיך: למאַי איהם האָט זיך גאָר געקאָנט אויסדרוכטען, אַז ביי שרה גיטלען בליהען ניט די באַקען. דאַכט זיך, באַקען, ווי צוויי רויטע עפּעל! נאָך אפשר שעהנערע ווי ביי זיין שווענערען חנה'ן... מעהר ניט, זי חנה, האָט אַ טבע זיך צו חן'דלען, מיט די אויגען, מיט'ן שמייכעל, און ציהט ביי יעדען איינעם ארויס די עצמות... אָט ווערט זי רויט, אָט בלאַס, און בעת זי זאָגט וואָס, קאָן מען פון איהר די אויגען ניט ארונטערנעהמען.. און נאָכדעם קאָן מען ניט פארגעסען וואָס זי האָט געזאָגט... זי האָט אַ צוציהענעס צו זיך... נאָך איינע צו חנה'ן האָט ער נאָך ניט געזעהן...

פון דעסטוועגען קאָן זי זיך ניט דערבעטען ביים מאַן, ער זאָל איהר ארויסשיקען שיפס־קאַרטען פאר איהר מיט די קינדער. אמת, דער ברודער וויל, אז ער, יאָסעל, זאָל זיי געבען געלט אויף פאָהרען קיין אמעריקאַ. דער ברודער איז אפשר גערעכט, וואָרים טאַקע, ער, דאָ, וועט דאָך בלייבען ביי די צוויי פערד און די האַלבע שטוב. נאָר ביז איצטער האָט ער זיך ניט געאיילט, מחמת ס'איז געווען אַזוי גוט, אזוי וואויל אז חנה מיט די קינדער זיינען געווען אין הויז. אין די ווינטער אבענדען פלעגט זי שפּיעלען מיט איהם אַ זעקס־און־זעכציג. אַ שבת אָדער אַ יום־טוב, האָט געלויכטען אין שטוב, גאָלדענע הענט האָט זי... אָבער, איצט וועט ער זעהן חנה'ן מיט די קינדער אָפּצושיקען קיין אמעריקאַ, אַצינד איז ער שוין אַ בעל־הבית פאר זיך...

דאָ האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן פאר די לייצעס — וואָס האָט ער זיך גאָר פּלוצים גענומען טראַכטען וועגען חנה'ן... ס'וועט נאָך זיין גענוג צייט וועגען איהר צו טראַכטען. ער פיהרט דאָך עפּעס זיין יונג ווייבעל, זיין שרה גיטלען צו זיך אין דער היים. ער האָט זי גענומען באַטראַכטען, ווי ער וואָלט זי איצט צום ערשטען מאָל געזעהן. שרה גיטעל איז געזעסען ביי זיין זייט, נעבען די פערד, אָנגעטאָן אין אַן אַטלעסענע רעטאָנדראַ, אין אַ היטעלע מיט אַ רויטער בלום אויפ'ן שייטעל און די באַקען האָבען געבליהט.. און שרה גיטעל האָט אין יאָסעל'ס אויגען אויסגעזעהן

ווי אַן אמת׳ע פּריצ׳טע. דאָס האַרץ האָט אין איהם געקוואָלען פאַר פרייד. ס׳איז איהם נאָר עפּעס אויסגעקומען מאָדנע: אָט אי זי, שרה גיטעל, געווען אַ פּרעמדע, ריטעוועך מיידעל, און אָט אי זי זיין ווייב... ער האָט זי גוט, גוט אָנגעקוקט, איידער זיי האָבען זיך דערנעהנטערט צום שטעדטעל.

איהם איז זי שטאַרק געווען געפעלען. טאַטע־מאַמע, ווייס ער, זיינען זעהר צופריעדען פון׳ם שדוך. נאָר ער האָט זיך עפּעס געשראָקען: וואָס וועט חנה אויף איהר זאָגען!... דאָס האַרץ האָט איהם געזאָגט, אַז חנה׳ן וועט זי ניט געפעלען... און זאָל חנה נאָר איין לאַך געבען, וועט ער, אפשר, מיט שרה גיטלען מעהר ניט קאָנען צוזאַמען לעבען..

— יאָסעל, פאַרוואָס איז דיין שוועגערען חנה ניט געקומען צו אונזער חתונה? — האָט שרה גיטעל איהם פּלוצים אַ פרעג געטאָן.

— אַ קינד איז געווען ניט געזונט — האָט ער אונטער׳ן נאָז אָפּגעמורמעלט. ער האָט זיך אָבער געפיהלט היים און אומ־באַקוועם פון׳ם ליגען וואָס ער האָט זיין יונג ווייבעל געזאָגט. ער האָט דאָך געוואוסט, אַז חנה איז געוואָרען ברוגז, למאי ער האָט איהר ניט געקויפט זיידענס אויף אַ קלייד צו געהן אויף זיין חתונה. אַלעמען פאַרשטערט די שמחה, האָט ער מיט פאַרדרוס זיך דערמאָנט..

— מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז דיין שוועגערען חנה, איז גאָר ניט פון די ווייבלאַך וואָס מ׳קויפט דריי פאַר אַ גראָשען — האָט זי איהם געשטורכעט אין זייט.

יאָסעל האָט אָבער אצינד פון חנה׳ן ניט געוואָלט רעדען, האָט ער ווידער שרה גיטלען אָנגעקוקט.

— איך קאָן נאָך אמאָל דיין שוועגערען חנה׳ן ניט געפעל־לען — האָט זי ניט אָפּגעלאָזען. כלומרשט געלאַכט, אָבער זי האָט זיך געפיהלט שטאַרק אונזיכער..

— אָבער שרה גיטעל, מיר ביזטו געפעלען, דעם טאַטען מיט

דער מאַמען אויך, היינט וואָס דאַרפסטו זיך קימערען וועגען חנה'ן ? — האָט יאָסעל פאַרלאָרען די געדולד.

אין שטעדטעל האָט מען זיי אויפגענומען מיט מזל־טוב גע־שרייען, ווייבער און מיידלאַך זיינען ארויסגעלאָפען פאַר די טירען אָנקוקען יאָסלען מיט זיין ווייב, דער גלאָק צווישען ביידע פערד האָט געקלונגען און ס'האָט אָנגעמאַכט א גאַנצען טאַראַראַם זייער אָנקומען.

די שוויגער האָט זיך א וואָרף געטאָן אָנקושען די שנור, א שוועסטער אויך. נאָר חנה האָט קוים צוגעריהרט איהרע ליפּען שרה גיטלען א קוש צו טאָן.

חנה איז געווען אן אויסגעפּוצטע אין דער שבת'דיגער קלייד מיט איהר ביסעל צירונג, דער שייטעל איז געזעסען אויפ'ן קאָפּ ווי אייגענע האָר און זי האָט אויסגעזעהן שעהן ווי א כלה־מיידעל.

שרה גיטעל האָט דאָס מיט איין קוק דערזעהן. ס'האָט איהר א שטאָך אין הארצען געטאָן. די עלטערע שנור איז געווען א שעה־נערע... זי האָט גלייך פאַרלאָרען דעם מוטה, זי קען עפּעס צו דער עלטערער שנור זיך ניט פאַרגלייכען...

דערפאַר האָט שרה גיטעל חנה'ן גלייך פיינט געקראָגען.

אין דער ערשטער וואָך שוין האָט מען געזעהן, אז ביידע שניר וועלען זיך ניט קענען פאַרטראָגען... יאָסעל האָט געהאַט האַרץ־וועהטאָג דערפון, האָט ער אָפּגעדונגען א קאַמער ערגעץ דערביי, געקויפט נייע מעבעל און מיט שרה גיטלען זיך ארויסגעקליבען.

די מאַמע און די שוועסטער פלעגען קומען צו געהן אפשר, צעהן מאָל א טאָג. חנה אָבער, פלעגט קומען פרייטאַג צו נאַכטס אָדער שבת בייטאָג, און יעדעס מאָל אין דער שבת'דיגער קלייד, מיט די צירונג, וואָס איהר אזוי שעהן געפּאַסט. און זאָל שרה גיטלען שטעכען אין די אויגען... שרה גיטעל פלעגט טאַקע ווערען געל און גרין פון ערגער און דערפאַר זיך רייצען מיט חנה'ן מיט איהר טייערען אויסשטייער...

האָט איהר יאָסעל אמאָל געזאָגט, אז זי דאַרף דאָס ניט טאָן, וואָרים חנה האָט ניט מעהר ווי איין קליידעל. שרה גיטלען

האָט דאָס פאַרברענט, למאי יאָסעל שטעלט זיך איין פאַר חנה׳ן...
איז זי געוואָרען ברוגז מיט איהם..

אז זיי האָבען זיך איבערגעבעטען, האָט ער שוין שרה גיטלען אַלץ נאָכגעגעבען: חנה איז א נארישע גרויסהאַלטערקע, גאָר ניט קיין שעהנע, און אז ס׳איז ניט שעהן פון איהר וואס זי חנ׳דעלט זיך אזוי, בעת איהר מאַן איז געבעך פאררייזט אזש קיין אמע־ריקא.

אַלץ האָט איהר יאָסעל נאָכגעגעבען און מ׳האָט זיך געהאַל־טען אין איין קושען.

שרה גיטעל האָט ביינאַכט קיין מאָל דעם לאָדען ניט פאַר־מאַכט. ווייבער און מיידלאך האָבען כמעט יעדע נאַכט זיך פאַר־גנב׳עט אונטער׳ן פענסטער און צוגעקוקט ווי דאָס פּאָרעל קושט זיך. געזאָגט האָט מען אז זי טוט דאָס בכוון, כדי חנה זאָל צופּו־קעט ווערען.. און טאָמער קומט זי ניט קוקען, דערצעהלען איהר שוין די ווייבער. טאָ זאָל זי וויסען, ווי זיי האָבען זיך ליעב און זאָל זי פּלאַצען...

באַלד האָבען די שווערינס אויפגעהערט רעדען און חנה איז מעהר אַהין ניט געגאַנגען. געוואָלט האָט שרה גיטעל, אז יאָסעל זאָל אויך אויפהערען צו רעדען מיט חנה׳ן, נאָר דאָס האָט זי ניט געקענט אויספיהרען, פאַר וואָס, זיין ברוגז אויף חנה׳ן? זי איז דאָך עלענד, וואַלגערט זיך ביי דער שוויגער און אזא טייערע נשמה... לאַכט און זינגט און שפּרינגט אום ווי א זומער פויגעלע... ניין, דאָס וועט אפילו שרה גיטעל ביי איהם ניט אויספיהרען.

האָט זי נאָר דערזעהן, אז יאָסעל רעדט צו חנה׳ן א וואָרט איז זי פאַרצאַפּעלט געוואָרען. פלעגט געוועגליך צוגעהן און מיט א באַפעהל א זאָג טאָן:

— יאָסעל, קום אַהיים!

חנה פלעגט בלויז א שמייכעל טאָן און יאָסעל איז דער ווייב נאָכגעגאַנגען א פאַרשעהמטער א צעהן טריט אַהינטער.

שרה גיטעל האָט אַלץ אויסגעפיהרט, נאָר דאָס אויספיהרען האָט איהר קיין נחת ניט פאַרשאַפט. זי איז בלייכער, געלער גע־

וואַרען און איינגעגאַנגען... יאָסעל איז אַרום געגאַנגען אָהן אַ קאָפּ. וואָס זאָל ער דאָ טאָן? שרה גיטעל וועט אודאי ניט געבען קיין קאָפּיקע חנה'ן אַוועקצושיקען קיין אַמעריקאַ. ער טאָר דאָס גאָר ניט דערמאָנען.

. . . . . . . . . .

אַ דריי־פיער חדשים נאָך דער חתונה, האָט זיך געמאַכט אַז יאָסעל איז אַ שבת בייטאָג אַוועק צו דער מאַמען. שרה גיטעל האָט ניט איינגערוהט און איז איהם נאָך. דורך דער הינטער־טיר האָט זי דערזעהן ווי יאָסעל און חנה זיצען ביידע און רעדען און קיינער איז דערביי ניט געווען. זי האָט זיך איינגעהערט:

— יאָסעל, דו מוזט דאָס טאָן, ביזט חיים'ס ברודער, ביזטו מחיוב — האָט חנה מיט טרערען אין די אויגען געזאָגט.

— חנה'נקע, זאָל איך גע'הרג'עט און גע'נהרג'ט ווערען אויב איך קאָן. אי, חנה... חנה!... — האָט יאָסעל אַרויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין..

— ס'איז אויף דיר אויך אַ רחמנות, יאָסעל — האָט חנה אַ טרויעריגע אָפּגעזיפצט. — אויף דיר, אויף חיים'ן און אויף די קינדער. זיי בענקען אַזוי נאָכ'ן טאַטען...

שרה גיטעל האָט אַ ריס געטאָן די טיר און זיי זיך געשטעלט אַנטקעגען מיט אַן אָנגעצונדען פּנים און איבערגעקעהרטע אויגען.

— יאָסעל, זאָג שרה גיטלען מכח וואָס מיר האָבען גערעדט!

— האָט חנה אַ דערשראָקענע געשטאַמעלט.

שרה גיטעל האָט זיך געלאָזט לויפען ווי משוגע.

אין דער היים האָט ער פּלוצים געטראָפען שרה גיטלען אַ פאַר־ענדערטע, אַ שטילע, מיט משוגה'דיגע אויגען. זי האָט זיך באַהאַלטען אין בעט...

יאָסעל איז צו און מיט אַ געבעט צוגאָסען אויפ'ן גאַנצען פּנים, האָט ער געזאָגט צו שרה גיטלען:

— חנה וויל איך זאָל איהר געבען הונדערט מיט פופציג רובעל פאַר איהר מיט די קינדער צו פאָהרען צו חיים'ען. אין

דער אמת'ן, שרה גיטעל, מיר בלייבען דאָך דאָ, בײ דער האַלבער שטוב און די צוויי פערד, און חיים איז דאָך א זוהן ווי איך. ער וועט ניט קומען מאָנען מעהר...

— דו האָסט פאַר איהר געוויינט און דערמיט האָסטו מיך דערקוויקעט אָהן א מעסער! — מעהר האָט שרה גיטעל ניט גע־רעדט, זי איז געוואָרען ברוגז...

וואָס יאָסעל האָט ווייטער גערעדט איז שוין געווען פאַר טויבע אויערען.. זי האָט איהם געטריבען פון זיך און אליין פון בעט ניט אַרונטער.

אויף מאָרגען אין דער פריה איז שרה גיטעל מעהר פון בעט ניט ארוים. זי איז געווען קראַנק און ברוגז... זי איז אָפּגעלעגען, א פאַסטענדיגע א גאַנצען טאָג און צו קיינעם ניט גערעדט. אי־בערמאָרגען איז געווען די אייגענע זאַך און אזוי דריי טעג כסדר.

ס'האָט ניט געהאָלפען יאָסלעס בעטען זיך, זיין וויינען, זיינע קושען, דער שוויגער'ס געוויין, דעם שווער'ס בעטען. זי איז גע־לעגען א ברוגז'ע און געקוקט אויפ'ן באַלקען.

מ'האָט געקלאַפּט א דעפּעשע נאָך דער מאַמען. געקומען זיינען ביידע, אי דער טאַטע, אי די מאַמע, מיט קולות ,געוואַלדען, מ'האָט זייער קינד דער'הרג'עט.

שפּעטער אביסעל האָבען זיי זיך באַרוהיגט, יאָסעל האָט זיי אַלץ אויסדערצעהלט און די מאַמע האָט איינגעזעהן, אז די בעסטע זאַך צו טאָן, איז צו געבען חנה'ן געלט און זאָל זי זיך פאָהרען קיין אַמעריקאַ...

שרה גיטעל איז אָבער געלעגען מיט'ן געלט אונטער'ן קישען און דאָס געהיט ווי א שלאַנג.

עסען האָט זי ניט גענומען, מ'וויל איהר פאַר'סמ'ען האָט זי געשריען.

ביי דער מוטער האָט זי גענומען עסען און געגעסען ווי אָהן זיך. ס'איז געווען א שרעק צו זעהן שרה גיטלען עסען! און גע־שריען: מ'זשאַלעוועט איהר עסען.

דאָקטוירים האָבען געראַטען זי מיט געוואַלד פון בעט

ארונטערצונעהמען. ס׳האָט אָבער ניט געהאָלפֿען. זי איז פֿון בעט ניט אַרויס. ס׳האָט ניט געהאָלפֿען טאַטע־מאַמעס בעטן און וויינען, יאָסעל האָט גאָר צום בעט ניט געטאָרט צוגעהן... און חנה און די שוויגער האָבן זיך ניט געטאָרט איבער׳ן שוועל יאָווען.

וואָכען און וואָכען איז זי אַזוי געלעגען, געגעסען און גע־טרונקען און געווען ברוגז.

באַלד איז מען צוגעוועהנט געוואָרען, אַז שרה גיטעל זאָל ליגען אין בעט אַ קראַנקע און אַ ברוגז׳ע און מ׳זאָל איהר גיסען גאָלד אין האַלז. יאָסעל האָט אָנגעהויבען אומפֿאָהרען ווי געווען, וואָרים געלד האָט מען געניג געדאַרפֿט.

דאָקטוירים האָבען ניט געוואוסט וואָס מיט שרה גיטלען איז. מ׳האָט גערופֿען מומחים, אָפּשפּרעכער, אַלערליי סגולות האָט מען איבערגעטאָן און קיין זאַך האָט ניט געהאָלפֿען. שרה גיטעל איז געלעגען אין בעט אַ פֿאַר׳דבוק׳טע, אַ פֿאַר׳קלפּה׳טע מיט משונה׳דיגע אויגען און געשוויגען.

וואָכען און וואָכען זיינען ווידער אַוועק. ס׳האָט זיך געדאַכט אַז שרה גיטעל ווערט בעסער. יאָסעל האָט שוין געמאָנט שטעהן ביים בעט און די שוויגער אין קאַמער. מ׳האָט געפּרואווט זי לאָזען אַליין מיט יאָסלען, אפשר וועט זי זיך איבערבעטען...

— שוויגער — האָט יאָסעל אַמאָל געזאָגט — שוויגער, זי וויל גוט ווערען, זי וויל, נאָר זי קאָן עפּעס ניט... ס׳הארץ לאָזט איהר ניט...

— ווינד איז מיר, און וועה איז מיר — האָט די מאַמע גע־וויינט.

איין מאָל האָט זי זיך געלאָזט נעהמען אויף די הענט ביי יאָסלען און די מאַמע מיט דער שוויגער האָבען איבערגעבעט דאָס בעט. דעם טאָג האָבען שוין אַלע געמיינט, אַז זי וועט גוט ווערען...

נאָר, אַז יאָסעל האָט צו איהר גערעדט, האָט זי געוואָלט ענט־פֿערען און ניט געקאָנט, דאָס לשון האָט איהר אָפּגענומען צום ענט־פֿערען.

זי האָט זיך געלאָזט קאָרמענען פון זיין האַנט היהנער יוך, געקוקט אויף איהם, נאָר רעדען צו איהם האָט זי ניט געקאָנט... צו דער מאַמען האָט זי גערעדט, צו שוער און שוויגער, און יאָ־סלען, ווען זי האָט געוואָלט ענטפערען, האָט זיך די צונג אין מויל איהר ניט באַוועגט...

זי איז צוריק אַריינגעפאַלען אין אַ שווייגען און מעהר מיט קיינעם ניט גערעדט, האָט מען איהר געגעבען צו עסען האָט זי געגעסען, געבעטען האָט זי ניט. זי האָט מעהר קיינעם ניט אָנגע־קוקט, זיך אויסגעקערט צום וואַנט און געשוויגען...

ס׳זיינען געקומען מינוטען וואָס מ׳האָט ניט געוואוסט, צי שרה גיטעל לעבט, אָדער זי ליגט אַ טויטע. מיט פארשלאָסענע ליפען, מיט שטאַרע אויפגעעפענטע אויגען איז זי אָפּגעלעגען שעה׳נווייז און מיט אַ גליעד זיך ניט גערירט. ס׳איז אויף אַלעמען אַ שרעק אָנגעפאַלען זי אַזוי אָנצוזעהן. זי האָט אויס־געזעהן ווי אַ טויטער גוף, אין וועלכען לעבען האָט זיך פּלוצים גע־נומען באַוועגען...

און דאָך האָט מען געפיהלט, אַז שרה גיטלען איז קיין זאַך ניט, זי איז ניט קראַנק, זי איז נאָר ברוגז... ברוגז אויף טויט... זי קאָן ניט מוחל זיין יאָסלען וואָס ער האָט פאַר חנה׳ן געוויינט... זי קאָן זיך ניט איבערבעטען, דערפאַר וואָס די עלטערע שנור איז אַ שעהנערע.

איין פריהמאָרגען, נאָהענט צו אַ יאָהר נאָך דער חתונה, האָט מען געזעהן, אַז שרה גיטעל ליגט ווי געוועהנליך, אַ שווייגענדיגע, אַ פאַרביסענע מיט שטאַרע אָפענע אויגען.

—שרה גיטעל — האָט יאָסעל צו איהר גערעדט.

זי האָט ניט געענטפערט.

דערנאָכדעם האָט די מאַמע געזאָגט:

— שרה גיטעלע, מיין קינד.

— שאַ, אפשר שלאָפט זי — האָט די שוויגער זיי געהייסען זיין שטיל.

מ׳האָט מורא געהאַט דער קראַנקער ניט איבערצושרעקען...

אַז מ׳האָט אָבער צוגעלייגט אַ פעדער צו דער נאָז איז די פעדער געבליבען ליגען... און אַז מ׳האָט צוגעטראָגען אַ שפּיגעלע צום מויל, איז דאָס שפּיגעלע געבליבען טרוקען, אָהן אַ הויך פון אַן אָטעם...

דעמאָלט האָט מען געוואוסט, אַז שרה גיטעל איז געשטאָרבען.



# דער אָנגעפּודערטער מת.

ביים לעבען האָט זיך אניוטע ניט געפּודערט.

ביים לעבען האָט זי געהאַט קנייטשען אויפ'ן שטערען און ארום די מויל־ווינקעל. דאָס פּנים געל און די באַקען איינגעפאַלען. און די שווארצע האָר זיינען איהר תמיד געווען צניעות'דיג פאַר־קאַמט.

שטענדיג אָנגעטאָן אין א שווארצע קליידעל מיט א בלוזע. איהר איינציגער פּוץ איז געווען: א ווייסער קאָלנער מיט אן אויס־געשלייפטען באַנד אויף דער ברוסט. צומאָל א רויטען און עפּטערס א — שווארצען. דאָס האָט זיך געוועגדט אָן דער שטימונג און די געשעהעניסען אַרום איהר... איהרע אינערליכע שטימונגען האָבען זיך איינגעקנייטשט צוזאמען מיט די פאַרביסענע, הארטע קנייטשען אַרום מויל.

אזוי איז אניוטע געווען ביים לעבען, באַשיידען און שטרענג אין איהר אַלט־מיידעלשאַפט, ווי אין אן ארון קודש איינגעשלאָסען.

און אז אניוטע איז געשטאָרבען, האָט מען זי ארייננעלעגט אין א גלאַנציג־פּאָלירטער טרונע מיט א גלעזערנעם צודעק. די קניי־טשען אויפ'ן פּנים — וואָס האָבען זיך איינגעקריצט אין פאַר־לויף פון איהר לעבען — זיינען מיט פאַרזיכט אוועקמאַשירט געוואָרען דורך א געניטער האַנד פונ'ם „אָנדערטייקער.” די איינגע־פאַלענע באַקען — פול און יוגענדליך אויסגעפּילט און אָנגע־פּודערט מיט א ראָזעווע פּודער. א טראָפּען רוזש, לייכט צו־פיהרט, האָט באַפאַרבט די טויט־בלויע ליפּען, און די האָר האָט מען איר פאַרקאַמט „אַלא פּאָמפּאַדור”. אָנגעטאָן אין דער שוועס־

טער׳ס א ווייס פיקניק־קלייד איז זי געלעגען אן אויסגעפוצטע, אן אָנגעפּודערטע און געפאַרבטע אין דער שעהנער טרונע מיט׳ן גלע־זערנעם צודעק.

יאָ. דער קברן האָט געמאַכט א פיין שטיקעל ארבייט; קיין מאָל, אפילו ניט אין די יונגע יאָהרען, איז אַניוטע ווען אזוי שעהן געוועזן... אזוי שעהן און אזוי „סטייליש”...

און פון דער באַשיידענער, האַרציגער אַניוטע׳ן איז געוואָרען אן אָנגעפּודערטער מת; קאָקעטיש און חוצפה׳דיג אויסגעפוצט.

געשעהן איז עס אזוי:

אַניוטע איז געשטאָרבען אין א הייסען טאָג, סוף תמוז, פריי־טאָג פאַרנאַכט. געשטאָרבען אָהן לשון, מיט א לעצטען ניט־דער־קוקטען בליק ארום איהר...

די סביבה ארום, אין וועלכער אַניוטע האָט געלעבט, איז גע־ווען א פרייע, א ניט־גאָט־גלויביגע און אין א פאַל פון טויט האָט מען ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט׳ן טויטען.

די שוועסטער האַניא האָט געוויינט און געיאָמערט און ניט געוואָלט אָפּטרעטען פונ׳ם צימער. שוין זאָל זי אַנטלויפען פון דער וואָס איז ערשט א פינף מינוטען טויט, און אפשר נאָך גאָר ניט טויט... זי ליגט דאָך נאָך אויף דער זעלביגער קישען, אויף וועלכע זיי ביידע פלעגען שלאָפען. אַלץ איז דאָך נאָך אזוי ביידענס... יעדע זאַך אינ׳ם צימער.

פריינד האָבען זי געוואָלט אַרויספיהרען, געפּיהלט אז ס׳איז ניט שעהן אזוי אידישלעך צו באַוויינען א טויטען...

איינער האָט באַהויפּט: פרייע מענשען דאַרפען דאָך וויסען, אז נאָך אַלעמען איז דאָך דער טויט ניט מעהר ווי א וויסענשאַפט־ליכע פאָלגע פון לעבען. די ערד באַדאַרף די טויטע, כדי פעט צו ווערען און שעהנע בלומען זאָלען וואַקסען.

אָבער האַניא׳ן האָט דאָס ניט געטרייסט, איהר שוועסטער חנה איז געשטאָרבען...

דערווייל איז פאַרנאַכט צוגעפאַלען, מאָרגען איז שבת און וואָס קאָן מען דאָ מיט׳ן מת טאָן...

מ׳האָט זיך געווענדט צו אַ חברה קדישה, און דער ענטפער איז געווען, אַז מ׳מוז וואַרטן אויף שבת, ווען שטערען וועלען זיך באַ־ווייזן, אָדער זונטאָג פריה. אַ צווייטע, אַ דריטע חברה האָט אויך דאָס אייגענע געענטפערט.

און דער טויטער האָט געמוזט בלייבן אין שטוב...

עס זיינען אָנגעקומען מיטגליעדער פונ׳ם פאַראיין „אַל־וועלט־ליכע פרייהייט״, יעדער האָט געזוכט אַן עצה, ווי אַזוי דעם בר־מנן מקבר צו זיין וואָס גיכער... ווייל דער אָווענד איז געווען הייס און קיין אייז האָט מען אויך ניט געקאָנט קריגען....

צווישען אַלע פריינד איז אויך געווען דזשוליא, אַניוטע׳ס אַן אַלטע פריינדין, וואָס איז געווען פאַרהייראַט פאַר אַ קריסט אַ פּראָפעסאָר. זי איז אָהן אַלעמעס וויסען אַוועק און באַשטעלט אַ גוי׳אישען קברן און פאַר גוט געלד האָט ער דאָס געמאַכט דעם זעהר גוטען „דזשאָב״.

אַז האַניא האָט דערזעהן איהר שטילע צניעות׳דיגע שוועס־טער חנה׳ן אַזוי קאָקעטיש פאַרפּוצט, פאַרפּודערט און באַשמינקט, האָט זי פון שרעק גע׳חלש׳ט. זי האָט זיך געבייזערט, געשריען פאַרוואָס מ׳האָט אַזוינס געטאָן. נאָר ווער האָט זיך געקאָנט מיט איהר רעכענען, אַז ס׳איז איהר אומגליק געווען... אין צרות ווערט דער מח איבערגעקעהרט...

און דאָך האָט יעדער איינער, ווער ס׳האָט נאָר אַניוטע׳ן דערזעהן אַלס אַ טויטע קאָקעטע אין טרונע, געמוזט אויפשפּרינגען פון דער העזה; גראָד אַניוטע׳ן, וואָס איז ביים לעבען אַזוי פּשוט, אַזוי שעהן און שטאָלץ אויף איהר מיאוסקייט געווען!...

אַן אַלטע, פרומע מומע איז אָנגעקומען פון בראָנזוויל אַ ווייַ־נענדיגע: חנה׳לע, חנה׳לע, האָט זי געשריען און זיך געריסען צום ארון. מ׳האָט זי ניט געוואָלט צולאָזען.. נאָר, אַז זי האָט זיך שוין צוגעשלאָגען און דערזעהן חנה׳ן, האָט זי אַ געשריי געטאָן שמע ישראל און צוטומעלט געוואָרען.

— די טויטע איז ניט זי, וואו איז די טויטע? — האָט זי גע־וויינט.

— יאָ, ס'איז חנה. זעהט וואָס זיי האָבען געטאָן — איז האניא ווידער אמאָל ארוים מיט א נייעם געוויין.

ס'האָבען זיך איינגעפונען אזוינע, וואס האָבען פון דער אלטער און דער שוועסטער געלאכט, און ס'האָבען זיך אויך געפונען אזוינע, וואָס האָבען מיטגעוויינט מיט זיי.

און די טויטע אניוטע איז געלעגען אין טרונע אָנגעפודערט, אָנגעפארבט, פארשייט אין דעם ווייסען קלייד און די טויטע רויטע ליפען האָבען ציניש געשמייכעלט.

# אויפ'ן בית עולם.

אלץ איז געשעהן פּלוצלינג, אלץ ראַשיג און שנעל...

„ניומאָניע," האָט בטבע פיינט צו מאַכען לאַנגע מחזקות מיט איהרע קרבנות, אהין אָדער אהער, אין פערלויף פון עטליכע טעג און אויפ'ן פיערטען טאָג, איז מיכל ביילין אוועק אהין... אין די יאָהרען פון אריבער פערציג, ווען מ'האָט אָקערשט געמאַכט אלער־ליי קאָמפּראָמיסען מיט'ן לעבען... איינס נאָך איינס, זיינען שוין אָפּגעשטאָרבען די יוגענד־חלומות, יונגע פאַנטאַזיעס און דאָס האַרץ האָט שוין קריעה געריסען נאָך זיי... מיט דעם קוים פאַר־היילטען ריס טוליעט מען זיך און מען קלאַמערט זיך אָן לעבען. לעבען צוליעב'ן לעבען! לעבען אוים מורא פאַר'ן טוידט!... דאַרף אָבער „ניומאָניע"האָבען איהר צאָהל... און אז די סטאַ־טיסטיק רעכענט אוים די טויטענפּעלע פאַר'ן יאָהר, איז זי ניט הינטערשטעליג קעגען איהרע קאָלעגען קראַנקהייטען...

אלץ איז געשעהן פּלוצלינג, אלץ שנעל, דער דאָקטאָר האָט קוים באַוויזען די דיאַגנאָזע צו שטעלען. און די פאַמיליע זיך ארומגעזעהן אז א געפאַהר לויערט....

מ'האָט איהם פאַרזעהן... דער דאָקטאָר האָט איהם פאַר־זעהן... האָט די פאַמיליע געקלאָגט...

א לאַנגע שנור שווארצע קאַרעטען האָבען זיך געצויגען נאָכ'ן טויטען וואגען, די אלמנה מיט א זיבען יעהריגער טעכטעריל אינ'ם ערשטען, צוויי דערוואקסענע זיהן מיט פאַמיליע אין דעם צווייטען

און נאָך פאַמיליע און פריינד אין דעם דריטען, פערטען און מעהר און מעהר... מענשען זיינען נאָכגעגאַנגען, אומגעהענדיגע זיינען צוגעשטאַנען. דער מת איז געווען א באוואוסטער מענש האָבען די צייטונגען באַשריבען זיין טויט, אויסגערעכענט זיינע מעלות, און הונדערטער נייגעריגע זיינען געקומען זעהן צו ס'וועט זיין א גרויסע לויה...

א סך מענשען זיינען מיט דער קאַר געפאָהרען אויפ'ן בית־עולם. ס'איז געווען א וואַרעמער טאָג אָנהויבס פריהלינג. א זון האָט זיך צוואַרעמט און צושפּילט ווי אין מיטען זומער. סיי ווי ניטאָ וואו זיך אהינצוטהאָן. איידער זיך לאַנגוויילינגערהייט ארומשלייען איבער די גאַסען פאָהרט מען בעסער אויפ'ן בית־עולם. א „רייד" מיט אן אָפענער קאַר איז עס דאָך, הספּדים וועלען געהאַלטען ווערען. צו ריידען וועט אויך זיין פון וואָס... און א טרער פאַלט אויך...

ס'איז געווען א שעהנער טאָג און ס'איז געווען א גרויסע „שעהנע לויה"...

און אויפ'ן בית־עולם איז גאָרניט אומעטיג געווען... ס'האָט שוין געגרינט, דער הימעל איז געווען א קלאָרער און אָפענער, פויגעל האָבען געצוויטשערט. א סך מצבות מיט בעקאַנטע נעמען. אויף אנדערע האָבען די גראָז צום ערשטען מאָל ארויסגעשפּראָצט... אויפ'ן בית־עולם פילאָזאָפירט זיך לייכט. אויף אַלע פרעמדע ליי־פען הענגט דער „הבל הבלים", מען קוקט אריין אין דער אויסגעגראָבענער גרוב און מען קוקט ארויף אויף דעם ליכטיגען הימעל...

די אלמנה, אז זי איז פאַרמאַטאַרעט געוואָרען פון שרייען האָט זי שטיל געיאָמערט און ווי גיך זי האָט נאָר א טראָפּען כח געקראָגען האָט זי ווידער געשריען ביז זי איז א פאַרמאַטערטע געפאַלען אויפ'ן אָרון. די זיהן האָבען געוויינט און דאָס קליינע טעכ־טעריל איז געשטאַנען נעבען דער מאַמען א פאַרציטערטע און געכליפּעט „פאַפּאַ דיער, פאַפּאַ!"

אין די מינוטען פון קריעה רייסען, איז אריינגעלאָפען אויף

דעם בית־עולם אַ פערסאָפּעט מיידעל, בלאָס מיט אַנגעווייִנטע אויגען און קוים וואָס זי האָט זיך געקאַנט האַלטען אויף די פיס. זי האָט שטיל געוויינט. מ׳וואָלט זי אפשר גאָר ניט אזוי אַנגעזעהן, נאָר זי איז פּלוצלינג אַוועקגעפאַלען נעבען ארון און גע׳חלוש׳ט.

— ווער איז זי? ווער איז זי? — קיינער האָט ניט גע־וואוסט, האָט יעדער אַרום געפרעגט. אַ מינוט נאָר, און גלייך האָט מען זיך אַליין געגומען ענטפערען ווער זי מוז זיין...

— זי מוז זיין זיינע אַ שוועסטער.

— וואָס הייסט אַ שוועסטער? איהר זעהט דאָך, אַז די מיסעס מיילין קען זי ניט...

— אפשר אַ שוועסטער־קינד?

— אפשר, ווער ווייס?

— אין אַמעריקאַ קען דען ווער זיינע פריינד?

— זי מוז זיין זיינע אַ טאָכטער פון אַן ערשטער ווייב — האָט זיך איינע אָבגעזאָגט אויף טראַף.

— וואָס זאָגט איהר, זי איז זיין טאָכטער פון דער ערשטער ווייב? — דו הערסט מיניע, זי איז זיין טאָכטער פון דער ערשטער ווייב — האָט זי גלייך מיטגעטיילט איהר חבר׳טע.

— וואָס פּלוידערט איהר? וואָס ערשטע ווייב! מיכל ביילין האָט ניט געהאַט קיין אַנדער ווייב, זי איז ביי איהם דאָס ערשטע.

— איך זאָג ניט. איך רעכען בלויז. טאָ ווער דען איז זי?

און דאָס פרעמדע מיידעל, ווי מ׳האָט זי נאָר דערמינטערט האָט זיך אָבגערוקט אָן אַ זייט און שרעקליך געוויינט... אַ רעדעל נייגעריגע טרעפער זיינען געשטאַנען אַרום איהר. געקוקט ווי זי וויינט און ווישט זיך די רויטע אויגען מיט אַ נאָז־טיכעלע.

די אלמנה האָט זי נאָך ניט געזעהן. און מ׳האָט געוואַרט צו זעהן וואָס עס וועט זיין ווען זי וועט זי באַמערקען...

מ'האָט אראָבגעלאָזט דעם ארון אין קבר און פארשאָטען די גרוב.

— יתגדל ויתקדש שמיה רבא — האָט דאָס עלטערע אינגעל נאָכגעזאָגט קדיש מיט אן ענגלישען אַקצענט.

— „מאמא, הו איז דהאט וואומען קרייאינג?" — האָט ער געפרעגט ביי דער וויינענדיגער מוטער נאָכ'ן אָבזאָגען קדיש. און דער איגנערער נאָך איהם:

— הו איז שי עניוויי?... זעה ווי זי וויינט.

די מיסעס ביילין האָט אויפגעהויבען איהרע אויגען צו דער וויינענדיגער פרוי און זי אָנגעקוקט... זי האָט זי ניט געקענט. און פלוצלינג האָט זי געלאָזען איהרע אויגען ארומקוקען דער פרוי'ס קערפער... זי איז נאָך בלייכער געוואָרען און ס'האָט אויסגעזעהן, אז אָט פאַלט זי אריין מיט איהרע נעגעל דער מיידעל אין די אויגען אריין.

די וואָס האָבען דאָס צוגעזעהן זיינען געשטאַנען געשפאַנט און דעם קאָפּ אומגעדרעהט פון איהר צו דער מיידעל און פון דער מיידעל צו איהר.

נאָר מיט דעם לעצטען פונק כח האָט זיך די אלמנה איינגע־האַלטען. פלוצלינג זיך געגעבען א גלייך אוים און מיט א האַלב־טויטען שמייכעל געענטפערט איהר זוהן:

— זי איז... ז'איז... דעם טאַטענ'ס א... פלימעניצע...

— א פלימעניצע! א פלימעניעצע! — האָט זיך צוטראָגען איבער'ן בית עולם א הוזשעריי...

דאָס וויינענדיגע מיידעל, איז דער אלמנה אויפ'ן האַלז געפאַלען אוןביידע האָבען אויסגעבראָכען אין א שותפות'דיגען געוויין.

קום צו מיר אין דער היים, קום מיין קינד — האָט זי איהר אין אויער אריינגע'סוד'עט — קום, און איך וועל האָדווען מיכל'ס נאָך א קינד...

דאָס מיידעל איז זיך פֿערגאַנגגען אין אַ היסטערישען שלוכ־צען און די אַלמנה האָט זי געטרייסט מיט אַ פּאָר גוטע ווערטער.

פריינד פון דער פאַמיליע האָבען זיך געלאָזען צו די שוואַרצע קאַרעטען.

דעם טויטענ׳ס אַ ברודער האָט געהאָלפען די אַלמנה מיט די קינדער אריין אין קאַרעט און נאָכדעם זיך געווענדעט צו דער מיידעל :

— קומט, פאָהרט מיט מיר.

דאָס מיידעל האָט איהם אָנגעקוקט, זיין פּנים איז איהר ניט געפעלען. און אַ ווינענדיגע איז זי אליין אוועק צום קאַר...

# דער טאָסט.

דער באַנקעט זאָל האָט געלויכטען, אויף די ווייס־פאַרשפּריי־טע טישען איז געווען אָנגעשטעלט ווײַן, בלומען און פּרוכטען.

דעם באַנקעט האָבען די יונגע שריפטשטעלער געמאַכט פאַר'ן ניי־אָנגעקומענעם דיכטער הלוי, א גראַציעזער בחור פון עטליכע און צוואַנציג יאָהר.

ער איז געזעסען אויבען־אָן, ווי א חתן־בחור, אַרום איהם די יונגע דיכטער, לויט'ן ראַנג און אַנערקענונג...

איינער פון די שריפטשטעלער, א פאַרמיטלער פון די צוויי דורות, אַלטע און יונגע, האָט געהאַלטען א צעטעל מיט אויפ־געשריבענע נעמען פון די וואָס האָבען באַדאַרפט האַלטען טאָסט־רעדען פאַר'ן נייעם דיכטער.

ס'האָבען אָנגעהויבען פאַלען פון די ליפּען א טאָסט נאָך א טאָסט מיט לויבגעזאַנגען. ווער ס'האָט אָנגעהויבען מיט חוצפּה און ווער א דערציטערטער. דאָ איינער מיט א באַסאָווער שטים און א צווייטער מיט א סאָפּראַן.

דער דיכטער אַליין איז געזעסען נערוועז, גערירהט און זיך פאַרגענומען צו שרייבען לויטער גוטע, שעהנע ליעדער... יאָ, ער וועט זיכער נאָכקומען זייערע לויבגעזאַנגען... ער האָט גלייך דערפיהלט א ליעבע צו אַמעריקאַ, צום לאַנד, וואו מ'מאַכט באַנ־קעטען און מ'ווערט גלייך פּאָפּולער... און אַזוי ווי די „גרויסע טאַטעס" האָט ער געהאַלטען א רעדע: ער איז צופיעל גע־ריהרט פון דעם אָוואַנד וואָס ער האָט ניט פאַרדיענט. די טרע־רען האָבען איהם געשטיקט אין האַלז און ער האָט קיין ווערטער

ניט געקענט געפינען צו דאנקען זיי פאַר דעם וואַרעמען, ליעבען אויפנעהם.

נאָך די אָפיציעלע טאָסטען און פייערליכקייט, האָט מען גע־נומען שענקען אויפמערקזאמקייט די דאמען, וואס זיינען געזעסען די גאַנצע צייט ווי פאַרלאָרענע שעפּסעלאַך און זיך געלאַנגווייל־ליגט.

זיי זיינען אויך געקומען מקבל פּנים זיין דעם דיכטער; זיך געוואַשען און געפּוצט, נייע קליידער זיך גענעהט און איהם אַנט־קעגען געבראַכט פרישע פּנים׳ער, שמייכעלדיגע מיילער, גוטע בליקען, געבלויזטע העלזער און ווייכע אָרעמס, און אָהן ווערטער געזאָגט: נאַ, נעהם, דו, אונזער דיכטער! דו קינד פון גאָט׳ס גענאָד! מתנות, מתנות קומען מיר דיר שענקען!... זעהסט ווי מיינע אָרעמס זיינען ווייס און שלאַנק? דאָס זיינען דיך ארומ־צונעהמען, מיין דיכטער! זעהסט, ווי מיינע צייהן גלאַנצען ווייס און שארף? דאָס איז אין דיין פעסטען האלז זיך איינצובייסען, מיין דיכטער! און זעהסט, ווי מיינע ווייכע אַקסעל בויגען זיך געהאָרכזאם? דאָס איז פאַר דיר, מיין דיכ־טער! וועל איך? וועל איך? וועל איך די אויסגעקליעבענע זיין?

און הלוי האָט פאַר אַלץ געדאַנקט, געדאַנקט אויפריכטיג, מיט׳ן גאַנצען הארצען, די חברים פאַר די טאָסטען, די מיידלאַך פאַר די שעהנע מתנות... און יעדען די האנד געדריקט און יעדען מיט די אויגען גוטס צוגעזאָגט.

נאָר די, פון וועמען ער האָט געהערט גוטס און בייז און גע־וואָלט זעהן, איז ניט געקומען. זי האָט זיך אויסבאַהאַלטען, גע־זוכט עפעקט...

אז ס׳האָט זיך אריינגעלאָזען אין זאַל אַ בלאַס-טונקעלע דאמע אין שווארצען זייד מיט אַ קלוגען טראָט האָט ער געוואוסט, אז דאָס איז זי, און דאָס הארץ האָט אָנגעהויבען גיכער אין איהם דאָס בלוט צו טרייבען...

„צילה, צילה זיידעל!“ — האָבען זי אַ סך שטימען מיט

אמאָל א רוף געטאָן, — „קומט אהער, מיר'ן אייך באַקענען מיט'ן נייעם דיכטער הלוי!"

צילה האָט אָבער בלויז א מאַך געטאָן מיט דער האַנד, אַז זי וועט באַלד צוקומען און דערווייל כּלומר'שט אויפמערק־זאַם זיך צוגעהערט צו א פּאָר באַקאַנטע. הלוי האָט פאַרשטאַנען, אַז זי זוכט עפּעקט, און ער האָט זיך איינגעהערט צו א ליעד, וואָס איינער האָט פאַר איהם געלייענט אויסווענדיג כּסדר, פאַרגעסענ־דיג דאָ א שורה און דאָ א וואָרט. ס'האָט איהם ניט אויסגעמאַכט, דערווייל האָט ער באַטראַכט צילה'ן. איהר פיינעם, טונקעלען פּנים, עטוואָס פאַרעלטערט, די קלוגע, טונקעלע אויגען, מיט צער און ליידענשאַפט אויסגעמישט. איהר שלאַנקייט האָט זיך בולט אַנגעזעהן דורך דעם שוואַרצען זייד. די ציערונג וואָס זי האָט געטראָגען האָט כאַראַקטעריזירט איהרע שטימונגען: א בראָש, א קאָפּ פון א ספינקס אויף גרינעם ענאַמעל, א האַלז־קייטעל אין רוימישען גאָלד געוועבט, ווי די שופּען פון א שלאַנג; אויף די דינע שאָקאָלאַד הענטלאַך האָט זי געטראַגען א פּאָר רינגען פון אַן אַלטמאָדישען סטיל, און פון די שמאָלע אַקסעל איז אַראָפּגעהאַנגען א זיידענער שאַל אין אָריענטאַלישע פאַרבען. אין גאַנצען גע־נומען האָט זי אויסגעזעהן, ווי אַן עקזאָטישע, מיסטישע בראָנז סטאַטועטקע פון אַקאַפּריזנעם קינסטלער אויסגעגאָסען.

הלוי האָט צו זיך געזאָגט: „זי איז א קינסטלערין. אַן אַנדערע מיט איהר אויסזעהן וואָלט געווען מיאוס, נאָר זי איז דאָ די שעהנסטע"...

אָהן צערעמאָניעס איז ער צוגעגאַנגען צו איהר, זיך פאָר־געשטעלט, שטאָלץ ווי איינער פון א פּעדעסטאַל געהט אַרונטער, און זאָגט צו דער פרוי: „זעהסט, איך בין צו דיר געקומען פון דער הויך און בויג זיך פאַר דיר, ווייל דו ביסט א שעהנע פרוי!" זיי האָבען זיך אָנגעקוקט, זיין בליק איז געווען ווייך פונ'ם וויין און אַנטציקונג, איהרער — טייוועלש שוואַרץ.

— איך האָב געהערט, אַז איהר שרייבט ליעדער, קאָלעגין צילה? אינטערעסאַנט! א מיידעל וואָס שרייבט ליעדער!

— און וואָס טוט איהר, איהר גראַוערט אייערע ליעדער אויף העלפאַנט־ביין? אָדער איהר קריצט זיי אין גאָלד? איהר שרייבט און מעקט און שרייבט איבער ביז איהר קריגט דעם גע־ווינשטען קלאַנג, נישט אַזוי? און אַז דער רעדאַקטאָר וויל, בראַ־קירט ער זיי אויס. יאָ, אַזוי איז עס דאָך?

הלוי איז געווען צופיעל פאַרווירט פונ׳ם ווייַן און ליובגע־זאַנגען צו קענען כאַפּען איהר בייסיגען טאָן, מיט וועלכען זי האָט געוואָלט צוריקשטויסען זיין גישט־חבר׳שאַפּטליכען „קאָלעגין צילה”.

ער האָט געלאַכט, איהם איז דאָס געפעלען. כאַראַקטער, האָט ער געקלעהרט, זי האָט כאַראַקטער!

שפּעטער, ווען זי האָט אויך געטרונקען ווייַן, איז זי גע־וואָרען אַביסעל ווייבליכער, געלאַכט, געזונגען און קאָקעטירט אויף איהר שטייגער.

הלוי האָט אָנגעגאָסען צוויי פולע גלעזלאַך ווייַן און איהר געבעטען טרינקען מיט איהם אַ טאָסט.

— אויף וואָס טרינקען מיר? — האָט צילה אַרויספאָדע־רענדיג איהם געלאַכט אין די אויגען אַריין.

— אַז דו זאָלסט זיין מיינע! — האָט הלוי אַרויסגעזאָגט שטיל, אָבער מיט אַ פעסטער שטים און געוואָלט צוטראָגען דאָס גלעזעל ווייַן צו די ליפּען.

מיט אַ שנעלער באַוועגונג פון אַ חיה, האָט צילה איהם אַרויסגעשטויסען דאָס גלעזעל פון דער האַנט, דער ווייַן האָט זיך אויפ׳ן פּאָל אויסגעגאָסען און דאָס גלעזעל איז צובראָכען גע־וואָרען.

ביידע זיינען געבליבען דערשראָקענע, הלוי מיט אַ געפיהל פון אָבערגלויבען און צילה מיט אַ מיידעלשען שרעק...

דעם גאַנצען אָוועגד נאָך דעם, האָט צילה געקוקט אויף הלוי׳ן מיט אַנטציקונג. עס איז איהר געפעלען זיין פרייע חוצפּה... האָט דען דאָס ניט יעדער קאָלעגע דיכטער די אייגענע ווערטער פאַרשווייגען אויף אַ מיאוס׳ערען שטייגער... אַזוי דאַרפען

קינסטלער זיין, קינסטלער כאפען נישט... און פרעסען נישט... זיי נעהמען מענשען און זאכען רוהיג און שעהן.

און הלוי איז איהר נאָכגעגאנגען דעם גאנצען אָוועגד מיט צוויי כוס'עם וויין; איהם האָט דאָך געמוזט געלינגען זיין טאָסט...

און ווידער אמאָל זיינען זיי ביידע געשטאנען מיט צוויי כוס'עם וויין, פנים אל פנים און ווידער אמאָל האָט זי טראַציג איהם ארוים־געפאָדערט:

— אויף וואָס טרינקען מיר?

— **אז איך** זאָל זיין דיינער! — האָט ער אונטערגעבען גע־ענטפערט.

און צילה האָט לאנגזאם אויסגעטרונגען דעם כוס וויין ביז'ן דעק.

# אין צוואַנציג יאָהר אַרום.

זיי זיינען ביידע געזעסען אין אַ דערבייאיגען פּאַרק. ער האָט זי געקושט און זי, די שטילע, פרומע שבע האָט זיך ניט געוועהרט. ער, הענעך, איז איהר חתן; היינט אָוועגד געזעגענען זיי זיך און מאָרגען פריה פאַרלאָזט ער אויך אַ יאָהר צייט אַמעריקאַ. איבעראַיאָהר קומט ער צוריק און זיי וועלען חתונה האָבען.

אַלץ איז געווען קלאָהר, זיכער און באַשטימט. נאָר שבע האָט געוויינט... דאָס הארץ האָט איהר שלעכטס פאָרגעזאָגט, א מיידעל'ס הארץ...

— הענעך, דו וועסט מיך פארגעסען — האָט שבע זיך אין איהם געטוליעט.

—איך דיך פארגעסען? שבע! ביזט דאָך מיין כלה. האָט שבע געשמייכעלט דורך פארטרערטע אויגען.

— זאָלסט מיר שרייבען יעדען טאָג, הערסט הענעך, אַלע טאָג א בריוועלע.

— ווי דען? זיכער, ביזט דאָך מיר מיין גאַנץ לעבען, מיין נשמה, און דו, שבע'לע, זאָלט מיך אויך ניט פארגעסען.

— איך דיך פארגעסען? זאָל גאָט אָפּהיטען! ניין, ניין, איך האָב ניט געמיינט גאָט... — האָט זיך שבע פארענטפערט, רויטווערענדיג.

— איך האָב דיר געזאָגט, שבע'לע, אז דו מעגסט גלויבען ביז דו וועסט זיך אליין איבערצייגען...

—ביזט אזא וואוילער, הענעך!

האָט הענעך זי ווידער געקושט און עס איז איהם געווען, אי

טרויעריג, אי גוט אויפ'ן הארצען. עפעס היינט אָווענד, איז ער אַליין ניט געווען זיכער, צי איז טאַקע ניטאָ א גאָט אין הימעל... און עס האָט איהם גראָד הנאה געטאָן וואָס שבע גלויבט יאָ... ער האָט געפיהלט, אַז מחמת זי גלויבט יאָ, וועט זי אָן איהם ניט פאַר־געסען...

יאָ, שבע'ן מעג מען גלויבען און טרויען. און וועגען זיך איז ער דאָך זיכער... ער האָט קיינמאָל אַזוי שטאַרק א מיידעל ניט ליעב געהאַט.

— הענעך!

— יאָ, מיין לעבען.

— אַז דו וועסט צוריק קומען, זאָלסטו מיר ברענגען היימישע גאָפּעל־מעסער.

— געוויס, און וואָס נאָך?

— און פון פּאַריז זאָלסטו מיר מיטברענגען אָן אָנדענקען זיידענע שפּיצען און אַ שעהנע בראָשקע — האָט זיך שבע גע־רויטעלט וואָס זי בעט כלה־מתנות.

— אודאי, און אַ שנירעל קרעלען וועל איך דיר אויך ברענגען.

—און דו וועסט צופאָהרען קיין טאַווריג זיך זעהן מיט מיין שוועסטער?

— זיכער, ווי דען?

עס האָט אָנגעהויבען שפּריצען אַ דריבנער הערבסט־רעגען, און זיי האָבען געמוזט פאַרלאָזען דעם פּאַרק. האָט ער זי געבעטען:

— קום ארויף צו דיר אין צימער.

— איך קען ניט, הענעך, איך האָב מורא פאַר דער מאַמען...

— מיר זיינען דאָך חתן־כלה.

— יאָ, אָבער די מאַמע ווייסט ניט. זי האָט מורא פאַר דיר. אַז דו האָסט אָנומעלט פאַר איהר אָנגעהויבען ריידען וועגען „אויס־לייזען די וועלט" און „באַפרייען די מענשען", איז זי פאַרציטערט געוואָרען. און, אַז דו רעדסט וועגען גאָט, פּלאַצט זי ממש פון כעס און הארצוועהטאָג.

— נו, און דו, שבע?

— איך האָב ניט מורא. איך מיין, אַז אפשר ביזטו גערעכט...

אַ רעגען האָט אָנגעהויבען פּאַטשען אין די פּנים'ער. דאָס הויז, וואו זי האָט געוואוינט, איז געשטאַנען דערנעבען דעם פּאַרק און ער האָט זי צוגעפיהרט.

זי האָט זעהר שטאַרק געוואָלט איהם זאָגען, אַז זי וועט זיכער די גאַנצע נאַכט טראַכטען פון איהם. נאָר דאָס לשון האָט איהר אָפּגענומען... זי האָט זיך געראַנגעלט, געוואָלט גראָד זיין פּאַר־שייט... און איהם דאָס זאָגען, אָט ווייל איהם... און ער וועט זי אפשר דערפאַר דאָס גאַנצע יאָהר געדענקען... נו, האָט זיך די צונג איינגע'עקשנ'ט און ניט געוואָלט. און מחמת זי האָט איהם ניט געקאָנט זאָגען, אַז זי וועט די גאַנצע נאַכט פון איהם טראַכטען, האָט זי גאָר ניט געזאָגט...

— פּאַרפּעהל ניט קומען מאָרגען צום שיף!...

— יאָ, אודאי...

אויף מאָרגען ביים שיף איז געווען אַ טומעל, אַ הו־האַ און זיי האָבען גאָרניט געקענט ריידען. עס איז געוואָרען אַ קושעריי און שבע האָט אָפּגעוואַרט אויף לעצט.

אויפ'ן וועג אהיים האָט דער מח זיך איהר געדרעהט ווי אַ שפּינדעל אין אַ וועב־מאַשין: אַ יאָהר... אין אַ יאָהר אַרום.... איבער אַ יאָהר... איין חודש... צוויי חדשים... דריי... זעקס... ניין... און צוועלף! אָה, גוואַלד!... אָט געדענקט זי ניט ווי ער האָט אויסגעזעהן!... יאָ, זי געדענקט... הויך, מיט שוואַרצע אויגען און די הענט גלעטען ווי זייד... און ער שמייכעלט קלוג און האָט אַ גאָלדען האַריץ... און בעת ער קושט, פּאַרטרויט ער מיט'ן קוש אַ סוד...

דאָס איז געווען מיט צוואַנציג יאָהר צוריק...

. . . . . . . . . . . .

און היינט, אין צוואַנציג יאָהר אַרום, אַז שבע'ן ווערט אומעטיג, געהט זי צו אין פּאַרק, וואו זיי זיינען דעם לעצטען אָווענד געזעסען און זי דערמאָנט זיך וואָרט פאַר וואָרט... די גאַנצע

צוואַנציק יאָהר זיינען דאָך אַוועק ווי דאָס ערשטע יאָהר... איין חודש, צוויי חדשים... דריי... זעקס... ניין... און צוועלף.

די האָר זיינען גרוי, די אויגען וויסט, דאָס האַרץ אויסגע־בענקט... אַן אַלטע... אַן אומעטיגע... אַן איינגע׳עקשנ׳טע... דער מאַמען אין קבר געטריבען... אָבער זי וואַרט... איין חודש, צוויי... דריי... זעקס... ניין... און צוועלף חדשים... ער וועט קומען...

אין פאַרלויף פון די צוואַנציק יאָהר, האָט זי געוואוסט אויף אַזוי פיעל פון איהם: ער האָט אין אייראָפּאַ חתונה געהאַט, ווידער אַמאָל געקומען קיין אַמעריקאַ און דאָ געלעבט אין פרייע באַציהונגען מיט פאַרשיידענע פרויען. זי האָט זיך אויסבאַהאַלטען, געלעבט אָפּגעזונדערט אין האַרץ־וועהטאָג און בזיון...

וועניג מענשען זיינען פאַרבליבען, וואָס האָבען געוואוסט וואָס מיט צוואַנציג יאָהר צוריק איז געווען... זי האָט מעהר ניט גע־וואוסט וואו ער איז אַהין געקומען און געוואַרט איין חודש, צוויי חדשים... דריי... זעקס... ניין... און צוועלף.

און אַז אַן אומעט און שטאַרקער בענקען איז זי באַפאַלען איז זי געגאַנגען אין פּאַרק... די זעלביגע באַנק איז נאָך געשטאַנען אויף איהר אָרט... איז די באַנק געווען אַ ליידיגע האָט זי זיך אַנידערגעזעצט און ס׳איז פאַר איהר געוואָרען מיט צוואַנציג יאָהר צוריק... איז ווער געזעסען, האָט זי פאַרדראָסען וואָס אַנדערע מענ־שען אונטערשטעהען זיך גאָר זעצען אויף דער באַנק. אָפט איז איהר דאָס האַרץ ווייך געוואָרען און זי האָט רחמנות געקראָגען אויף דעם מיידעל וואָס איז אויף דער באַנק געזעסען... זי וואָלט צוגעהן און איהר וואַרנען, אַז אויף דער באַנק טאָר מען ניט זיצען, אַן אומגליק קאָן געשעהן...

פאַרגאַנגענע וואָך האָט זי געזעהן אַ פינף און פערציג יעה־ריגען מאַן אַרומשפּאַצירען איבער׳ן פּאַרק, זי וואָלט געשוואָרען, אַז דאָס איז געווען הענעך... נאָר ס׳איז דאָך ניט געווען ער. ער וואָלט זי דאָך דערקענט... און דער איז געווען אַ פעטער, אויסגעזעהן אַלט און מיט אַ מאָדנער מינע, ס׳האָט ניט געקאָנט זיין הענעך...

זינט יענעם אָוונט איז זי יעדען אויפדערנאַכט אומגעגאַנ־
גען איבער׳ן פּאַרק... אפשר וועט זי איהם נאָך אַ מאָל באַגעגענען.
ער דערמאָנט איהר אַזוי אָן הענעך׳ן... אפשר זעהט שוין הענעך
היינט אויך אַזוי אויס...

און נאָך אָן אָוונט האָט זי געזעהן אומשפּאַצירען דעם מאַן.
יאָ, זי וואָלט שווערען, אַז דאָס איז ער, הענעך, הענעך אין צוואַנציג
יאהר אַרום. נאָר פאַרוואָס זעהט ער זי ניט? זי איז איהם דאָך אַזוי
נאָהנט פאַרבייגעגאַנגען... דאָס האַרץ האָט אין איהר שיער ניט
אויפגעהערט קלאַפּען... נאָך אַ מאָל פאַרביי געגאַנגען... זי האָט
איהם אין די אויגען אַריינגעקוקט און ער האָט זי ניט דערקענט.
קאָן דאָס מעגליך זיין?... אָט קוקט ער זי אָן מיט אויגען וואָס
פרעגען: אידענע וואָס קוקט איהר אַזוי אויף מיר?...

— הענעך! — איז איהר דער נאָמען פון די ליפּען אַראָפּ־
געפאַלען.

דער פינף און פערציג יעהריגער מאַן אין׳ם פרעמדען פאַר־
קעל איז אויפגעשפּרונגען:

הענעך?! יאָהרען און יאָהרען אַז ער האָט דעם נאָמען ניט
געהערט, ווער, אויסער זיין מאַמע האָט איהם ווען־עס־איז גערופען
הענעך?... אין רוסלאַנד האָט מען איהם גערופען גענריך, אין
פּאַריז אַנרי, און דאָ אין אַמעריקאַ הענרי. אָבער הענעך, ווער
אין גאָט׳ס נאָמען קאָן דאָס זיין?... אָן אַלטע אידענע, רופט איהם
אָן אין אַ פּאַרק הענעך!... איז זיין מאַמע פון קבר אויפגעשטאַנען?

הענעך, דאָס בין איך שבע.

— שבע! ווער שבע?

— איך שבע, דיין כלה.

— איהר זענט שבע?... ניין, שבע איז געווען אַ יונגינקע
מיט בלאָנדע האָר און בלויע אויגען!

— ביזטו דען ווי געווען הענעך? ביזט אויך געווען אַ יונגער...

— יאָ, טאַקע שבע! דיין קול!... קום אהער זעץ זיך שבע,
וואָס מאַכסטו?...

— זעהסט דאָך! — האָט זי שטיל געענטפערט. נאָר אַ

סקרוך ווי פונ׳ם קבר איז איהם אריבער איבער אלע אברים פונ׳ם „זעהסט דאך".

— לאָמיר זיך זעצען שבע, דערצעהל מיר אלץ...

— אָט, קום אויף יענער באנק...

זיי האָבען זיך געזעצט. הענעך האָט מיט אן איינגעהאל־טענעם הארץ־קלאפען געשוויגען.

—פארוואָס האָסטו מיר ניט געשריבען ?

— זאָל איך געדיינקען אין צוואנציג יאהר ארום, פארוואָס איך האָב דיר מיט צוואנציג יאהר צוריק ניט געשריבען ?

— איך געדיינק אלץ :

— אָט אויף דער אייגענער באנק זיינען מיר געזעסען, ס'איז אויך געווען סוף יאהר... דו האָסט זיך מיט מיר געזעגענט און איך האָב דיך געבעטען ברייננען היימישע גאָפּעל־מעסער, זיידענע שפיצען און א בראָשקע, אז דו וועסט צוריק קומען. און דו האָסט מיר נאָך צוגעזאָגט ברייננען א שנירעל קרעלען אויך...

— און דו געדיינקסט דאָס אלץ ביז אויף היינטיגען טאָג ? שבע, ס'איז דאָך שוין אפשר א צוואנציג יאָהר !...

— יאָ, טאקע צוואנציג יאָהר און איך געדיינק דאָס ווי נעכטען וואָלט דאָס געווען...

דער פרעמדער פינף און פערציג יעהריגער מאן האָט ניט געוואוסט וואס צו זאגען דער אלטער שבע'ן וואס האָט אלץ געדיינקט ווי נעכטען וואָלט דאָס געווען...

— און אין טאוריג ביי דער שוועסטער ביזטו אויך ניט צוגעפאָהרען ?...

— שבע, לאָמיר רעדען פון וואָס היינט איז. דערצעהל מיר בעסער... דערצעהל... האָסטו חתונה געהאט ?...

— חלילה, איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אז איך וועל אויף דיר ווארטען, געדיינקסט ניט ? אָט יענעם אווענד פאר דיין אוועק־פאָהרען ?...

— שבע, איך בעט דיך, לאָז אָפּ, וואס ס'איז געווען אמאָל,

היינט בין איך שוין אַן עלטערער מענש, איך האָב שוין אַ טאָכטער..
ווי דו ביזט אַמאָל געוועז... זי איז היינט אַ כלה...

—אַ כלה! — האָט זיך שבע אַ כאַפּ געטאָן — אַ כלה, זעה נאָר אַז איהר חתן זאָל ניט אַוועקפאָהרען פון אַמעריקאַ...

און דער עלטערער הענעך, דער אַמאָליגער געגריך, אַנרי אָדער הענרי איז פאַרציטערט געוואָרען פון דער ווארנונג... טרערען האָבען זיך איהם געשטעלט אין די אויגען און ער האָט געוואָלט זאָגען: זאָל גאָט היטען...

— מסתמא האָט גאָט אַזוי געוואָלט שבע...

— גאָט ?! — האָט זי אַ געשריי געטאָן — ס'איז דאָך ניטאָ קיין גאָט!

— שבע, שבע, וואָס ווייסען מיר ?...

— ניין, הענעך, קיין גאָט איז ניטאָ, ביזט געוועז גערעכט...

— שבע, קום צו מיר אהיים, איך וועל דיך באַקענען מיט מיין ווייב און קינד...

— וואָס וועל איך טאָן ביי דיר אין דער היים ?

אָט דאָ וואוין איך אין דעם זעלביגען הויז, געדיינקסט ?

— שבע, לאָמיר זיין פריינד, שבע, איך בעט דיך, האָב אויף מיר רחמנות.

און אַז הענעך האָט געבעטען רחמנות, האָט זי אָנגעשפּאַרט איהר גרויען קאָפּ אָן זיין אַקסעל און טרערען צוואַנציג יאָהר אַלט האָבען זיך דערשלאָגען צום אויג...

ער האָט איהר געקושט מיט חרטה אויף וואָס ער האָט געטון און שבע האָט זיך צוואויינט. דאָס ערשטע מאָל, אין צוואַנציג יאָהר ארום.

# אינהאַלט :

## ערשטע אַבטיילונג — מאָדנע מענשען



## צווייטע אַבטיילונג — יחוס



## דריטע אַבטיילונג — די וואָס שווייגען